איציק קיפניס

# חדשים און טעג

## און אנדערע דערציילונגען

פארלאג י. ל. פרץ ישראל
תל־אביב תשל״ג 1973

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן אין אָנדענק פון רחלע הענדלמאַן־סילווער — איינע פון די העלדן פון „חדשים און טעג" — מיט דער הילף פון איר מאַן משה סילווער, אירע ברידער אשר און אברהם־שאול הענדלמאַן און אַ צאָל נאָענטע און גוטע פריינד.



איציק קיפּניס (1930).



# חדשים און טעג
## (אַ כראָניק)

# 1. איך און בוזי

צוויי טויזנט טעג זענען אַדורך פֿון דעמאָלט, — צוויי טויזנט טעג און צוויי טויזנט נעכט.

טעג ווי מעשענע, אויסגעריבענע טאַצן אַנטקעגן דער זון; און נעכט, ווי הירשן צוגעשטילטע אין שעהן פֿון זעט. — און אפשר פֿאַרקערט: טעג, ווי שטערנס צעביילטע, צעקלאַפּטע; און נעכט, ווי כוסות אַליעם, אויף טוכן אויסגעקערטע, — אַליעם, וואָס איז פּליסיק און גיפטיק, — וואָס באַקט און ס'איז טויט.

אַלנפֿאַלס, זענען די ערשטע טויזנט טעג און טויזנט נעכט געווען אַזעלכע.

און ביז דעם איז געווען אַ זומער. אַ זומער מיט צעבליטע טעג, ווי מאָן אום סיון. איך בין געווען נאָר וואָס חתונה געהאַט און געוווינט אין אונדזער פֿאַרפֿאַלקישן צימער. פֿאַר וואָס דען נישט? מיר זענען דאָך אַ פֿאַרפֿאָלק, איך און זי.

אין אונדזער צימער, ווער ס'גייט אין אים נישט אַריין, טוט אים אַ שלאָג אַנטקעגן די לופֿט פֿון פֿריען פֿרילינג, די לופֿט די שיכורע, וואָס ווער ס'הערט זי מיט אַן אָפֿן האַרץ, מאַכט זי אים שיכור דאָס בלוט ביזן מינדסטן פֿינגערל...

— וואָס אַזוי שפּעט? — פֿרעגט זי, — היינטיקער טאָג האָט זיך מיר אויסגעצויגן לענגער ווי אַלע מאָל.

וואָס זאָל איך איר זאָגן, ווען איך בין אין שטוב שוין?... איך און זי אין אונדזער לופֿטיקן צימער.

יעדעס פֿינטעלע לופֿט איז דאָך פֿאַרבונדן מיט אונדזביידן... יעדעס האַנטעכל רוים האָט נישט צו איר באַזונדער, צי צו מיר באַזונדער — ס'האָט צו אונדז ביידן... צו אונדזערע שעמעוודיקע, געוועקסלטע בעטן; צו דער באַלעבאָסטעס פֿאַרהאַנגען אויף די פֿענצטער; צו דעם

בלויען עמאַלעוון וואַסערקרוג מיטן גרויסן אויער... מיר זענען דאָ אין אַלץ און אַלץ איז דאָ אין אונדז...

מיר פאַרשטייען אָבער גאָרנישט די לעצטע צייט, וואָס מיר זענען אין איינעם.

צוויי יונגע־לייט אין זייער בעסטער בליונג — און מיר פאַרשטייען איצט אַזוי ווינציק... עס קריכט אונדז גאָרנישט אין קאָפּ... ס'פּלעגט זיך טרעפן: אונטער אַ יום־טוב האָט מיך דער טאַטע, אַ פריילעכער, געוואָלט אָנשיכורן. אַלע קינדער האָט ער געוואָלט אָנשיכורן. אונטער אַ יום־טוב, נאָך האַלבן טאָג, ווען פּלעשער שפּיגלען זיך אויפן טיש, דער טיש איז וויס און יום־טובדיק געדעקט (היינט, אַז איך גיי צום טאַטן אונטער אַ יום־טוב, גיי איך שוין אין צווייען), איז אַז מיין טאַטע פלעגט מיך ווערן אויף אַ געלעכטער מאַכן שיכור, פלעגן דענסטמאָל קוקן מיינע אויגן גוט און פריילעך, און אין קאָפּ איז ביי מיר געווען ווינציק פריי אָרט אויף אַריינצונעמען נייע זאַכן, און די אויער־פענצטערלעך פלעג איך פילן, איך פלעג פילן, אַז זיי זענען ביי מיר מיט לופטיקע פאַרהענגלעך פאַרהאַנגען. מיר פלעגט זיך פון דער גרינג דרייען דער קאָפּ...

ביים טאַטן פלעגט זיך עס טרעפן אונטער אַ יום־טוב, און ביי מיר איז היינט אַ גאַנצע וואָך יום־טוב! קיין ווין קומט צו מיר אין שטוב נישט אַריין. אין קאָפּ אָבער, פיל איך, איז נישטאָ קיין פרייער פּלאַץ. פרישע געסט וואַרטן טעגווייז אויף אַריינגיין, און איך פאַרגעס מיך גאָר פון זיי.

צוויי יונגע־לייט אין בעסטער בליונג פון זייער יוגנט — און פאַר־שטייען עפּעס די לעצטע צייט אַזוי ווינציק...

ס'ניטאָ ווהין די נייע געסט אַריינלאָזן.

— וואָס עפּעס היינט אַזוי שפּעט? — זאָגט זי, — היינטיקער טאָג האָט זיך מיר אויסגעצויגן פאַר אַ יאָר.

מיר שטייען האַרט אַרומגענומען. יאָ, ווען עמעצער זעט אונדז, וואָלט ער זאָגן:

— „זע נאָר, ווי זיי שטייען דאָס אַרומגענומען״.

יאָ!

און איך האָב דאָך היינט געקושט יעדן ברעג פון דעם קאַרעק, מיט וועלכן איך האָב אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, און מיר איז געווען ליב יעדער קנייטש פון דער יוכט אונטערן קאַרעק: אָט, אַ שעה און אַ שעה, און איך גיי שוין אַהיים! צו אונדז גיי איך! צו מיר מיט מיין בוזין אַהיים, אין גאַנצן, שוין ביז אין דער פרי פון מאָרגן.

* * *

די חברים, מיט וועלכע איך שטיי אין זאַוואָד — איך בין זיכער, זיי האָבן מיך אַלע ליב. וואָרום פאַר וואָס דען נישט? איך בין דאָך גרייט פאַר יעדערן אָפּטון זיין טאָג אַרבעט. אַלעמענס טאָג מיט מיינעם אין איינעם געוואָרן ביי מיר אַ שעה און נאָך אַ שעה. ס׳ווערט ביי מיר גיך, גיך ווערט עס ביי מיר, און איך בין שוין פריי, און פייל אויסן בויגן לאָז איך זיך אהיים.

יאָ, זיי האָבן מיך ליב היינט, מיינע חברים אין זאַוואָד. איך נעם איינע שכירות מיט זיי, פונקט ווי עמעצער וואָלט מיט אַ פאָדעם אָפּגעמאָסטן, ווי אויף שאָלכענס איינס אַנטקעגן דעם אַנדערן אָפּגעווויגן (ווייזסט אויס, דער בעל-הבית אַזוי), אָבער זיי פילן מיך איצטער אין גרויסער רייכקייט.

יאנקעלען האָב איך היינט געהאָלפן אַראָפּוואַרפן יוכטן פון בוידעם; איך האָב געוואָרפן פון מיינעט וועגן, האָב איך שוין אַראָפּגעוואָרפן פון זיינעט וועגן אויך. ער האָט מיך געבעטן. דער באַלעבאָסטע האָב איך היינט אַרויסגעשלעפּט אַן עמער וואַסער פון ברונעם, איר קיין קרום וואָרט נישט געזאָגט און אַרויסגעשלעפּט... צי דען-זשע ווייסן זיי, פאַר וואָס איך בין היינט אַזוי רייך? איך בין היינט אַזוי גוט צו אַלעמען? ניין, זיי ווייסן נישט. זיי קערן זיך נישט אָנשטויסן!... כאָטש די לערניינגלעך, וועלכע אַרבעטן מיט מיר אַ טיש לעם אַ טיש, ווייסן עפּעס... ווען איך לויף פריער פון אַלעמען אַהיים (מיין נאָרמע אַרבעט איז היינט ביי מיר אַרויס גיך, און איך לויף פרי אַהיים), זעען זיי עס, די יאַטלעך, און שמייכלען.

איינער האָט צעגאָסן אַ גאַנץ שעפל קופּער-וואַסער. ער האָט זיך

פּאַרקוקט אויף מיר בשעתן טונקען די באַרשט אין עמער און האָט נישט איינגעטונקען, נאָר אַראָפּגעשלעפּט דעם עמער אויף דער ערד. אַלע יאָטן האָבן געלאַכט (פון די בעלי־בתים איז פּונקט קיינער נישט געווען). די חברה לאַכן, דאָס יאָטל ווישט אויס אויף גיך דאָס קופּער־וואַסער פון פּאָל. און איך לאַך אויך. אָבער איך בין שוין פון יענער זייט טיר. איך בין שוין פון יענער זייט פּלויט אַריבער. מיין פּאַרטעך הענגט שוין לעם דער שליכטאָווניצע, אַזוי אויף אַ גאַנצער נאַכט.

* * *

...געטראָפן ווען זיך דערוויסן מיינע יאָרן.

אַ פּאָרל גייט אַרום מיט אַ צעטל איבערן שטאָט און פאַרשרייבט איטלעכן די יאָרן.

צו וואָס אין מיטן דרינען? מיר איז צוויי און צוואַנציק יאָר.

אַ יונגער בין איך? נו, איז וועמענס דאגה?

און בוזין מיינער איז זיפּל?

אָ, איך ווייס נישט וואָס און ווען און וויפל! אויף מיין וואָרט, איך ווייס נישט! מיר דאַכט זיך, אַז בוזילע איז קיין מאָל גאָר נישט אַלט... ווייסט איר וואָס? איר וועט זיין אין דעם שערערס געסל, דאָרט וועט איר אַריין צו איר אַהיים, צו איר מאַמען, צו בוזילעס מאַמען, אפשר ווייסט זי.

זיי האָבן פאַרשטאַנען און זענען אַוועק. מיר האָבן פאַרהאַקט די קיכטיר. אונדזער אייגענע טיר פאַרהאַקן מיר זעלטן ווען, ווייל אונדזערע בעלי־בתים זענען עלטערע מענטשן, פּשוטע מענטשן. ער איז אַ גאַנצע וואָך אין דאָרף, און זי — צו איר גייט קיינער נישט. נו, יאָ, אונדזערע בעלי־בתים ווייסן ביי אונדז אַלץ. ער שמייכלט שטענדיק אויף אונדז קוקנדיק, אים דוכט זיך, אַז ביי אונדז איז אַ קינדערשע פירונג; גאָרנישט אַזוי, ווי ביי חתונה־געהאַטע מענטשן. ער טוט אויף אונדז נאָר אַ מאַך מיט דער האַנט און שמייכלט.

דאָ אַנומלטן איז ער געקומען פון דאָרף, ער האָט נאָך דאָס פערד נישט אויסגעשפּאַנט און פרעגט מיך:

— אייזיק?

— אַ גאָט־העלף — זאָג איך אים — אַ גאָט־העלף אייך, ר׳ מרדכי

— גאָט העלף. גוט יאָר, — ענטפערט ער, — און ווו איז „זי״? די ציגעלע דיינע? שיק זי נאָר גיכער אַרויס אַהער!

פאַרשטייט איר שוין, ס׳אַראַ ווילער ייד אָט דער מרדכי איז?

און ער האָט געבראַכט פון מיין ציגעלעס וועגן סטעלניקעס. נאָר פון אירעט וועגן האָט ער געבראַכט. ער וועט עס קיינעם נישט פאַרקויפן.

אַ געזונט זאָל ער זיין, אָט דער מרדכי!

* * *

ס׳איז פרייטיק. ווער האָט עס נישט ליב אַ פרייטיק אין אַ קליין שטעטל? די קוימענעס פון די נידעריקע הייזלעך באַשמעקן די געסלעך מיט ווייצנס, מיט וואַרעמען קיצלדיקן ריח פון קיכלעך מיט צימרינג באַשאָטן און פון פאַרטיקע געפרעגלטע קאַשניקעס צום אָנבייסן... און ביי אונדז דורכן קליינעם קיכפענצטערל זעט מען אַלע פרייטיק, ווי ס׳הייצט זיך די באָד. פריילעך און צוזאָגנדיק הייצט זיך ביי אונדז פרייטיק די באָד. אַ סך זאָגט זי צו אונדזער דאַרפסגייער, דעם שוסטער, דעם שניידער, דעם טעפער; די קלייטניקעס אַפילו דאַרפן צו איר אָנקומען. היינט בפרט מיר, האַרבאַרעס. אונדזער מלאכה שמירט דאָך שטאַרק די הענט, די וועש, דאָס פנים און דאָס גאַנצע לייב. אָ, ווי קאַרג און ווי נישט רייך יעדערער פון אונדז זאָל נישט זיין, וועט ער דאָך אָפּשפּאָרן אַ צענגראָשנדיקע פאַר אונדזער געלן בעדער.

— אַ האַרבאַר, — זאָגט אונדזער חיים די נאָז, — אַ האַרבאַר, אויב ער וועט נישט גיין איין מאָל אין וואָך אין באָד אַריין, וועלן אויף אים אָנוואַקסן גריבעס.

ער איז גערעכט, חיים, נאָר וואָס? — איצט איז נאָך פרי. איצט איז ערשט 12 אַזייגער.

בוזי גיסט מיר אויף וואַסער, איך וואַש די הענט. אָנבייסן דאַרפן מיר עסן.

אונדזער קיכטיר איז אַ קורצע און אַ פירעקעכדיקע. זי איז מערער

ענלעך אויף אַ באַלעבאַטישער לאָקשנברעט, ווי אויף אַ טיר. האָט זיך אַט דאָס לאָקשנברעט געעפנט, און אונדזער מאַמע איז דאָ. בוזיס מאַמע. זי האָט נישט געוואָלט אָפּשלאָגן דעם קאָפּ. האָט זי זיך אַ ביסעלע אונטער־געבויגןביים אַריין. נו, פאַרשטייט זיך, אַזוי דאַרף מען.

אַ גאַסט! די מאַמע. געוויס איז זי געקומען אונדז אָפּגעבן אַ גרוס, ווי די קוילעטשן גייען שיין אויף אין אויוון.

צום סוף איז נישט דאָס.

יאָסעלע איז אויך דאָ. יאָסעלע, בוזיס ברודערל. 6 יאָר איז ער אַלט. אַ שוואַרצינקער, אַ דאַרינקער. מיט באַרוועסע פיסלעך. ער איז מיין ברודערלס, מיין הערשעלעס, אַ חברל. הערשעלען איז אויך 6 יאָר, און ער איז אויך אַ שוואַרצינקער און אַ דאַרינקער.

יאָסעלע פילט זיך נאָך נישט היימיש מיט אונדזער באַלעבאָסטעס קיך און אַפילו מיט אונדזער פאַרפאַלקישן צימער, האַלט ער זיך טאַקע האַרט לעם זיין מאַמע און זשמורעט מיט די שוואַרצע „נויגן״.

טאָ וואָס־זשע איילט זי אונדז, די מאַמע, איצטער. אין מיטן פרייטיק פאַר אָנבייסן?

מיר זאָלן גיין אָנקוקן אַ בהמה צו הערשלען ריווע־לאהס.

זי, די מאַמע אונדזערע, האָט זי שוין געזען:

„אַ שיינע, אָן עין־הרע, בהמה״. „אַ שוואַרצע, אָן אוסאָווער איז זי״.

נאָך איידער עפּעס, איז די מאַמע אונדזערע שוין געטריי דער בהמה, וואָס ביי הערשלען ריווע־לאהס אין שטעטל: „ס׳זאָל, חלילה, קיין שלעכט אויג צו איר נישט צושטיין״.

אַ שיינע מאַמע ביי אונדז. אַלע שעה דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אפשר נישט ווערט די שוואַרצלאָקיקע, זינגענדיקע מיידעלע מיינע, וואָס וואַרט אויף מיר אַלע טאָג, ווען איך גיי פון דער אַרבעט, מיט וועלכער איך קוש זיך אַלע טאָג און טויזנט מאָל אַ שעה. יענע שאָקלט מיר שטיפעריש מיט קינדערש־קלוגע בליקן, אַז „ס׳איז אָן אמת״, „זי איז מיר אַ ווייב״. אַזאַ שיינע איז זי און שטיפט מיט מיר, מיט אַ גרויסן... און נישט גענוג? — איז נאָך איר מאַמע מיר אַ מאַמע. האָב איך שוין צוויי מאַמעס.

און די מאַמע חיהטשיק האָט אונדז ליב, שטאַרק האָט זי אונדז ליב.

און זי איז ביי אונדז אַ לייט. — לייטישער פון אַלע דאָ אין שטאָט און אויף דער גאַנצער וועלט.

איצט וויל זי, מיר זאָלן אָפּקויפן די שוואַרצע אוסאָוער בהמה.

— אין אַ געזינד, — זאָגט זי, — וווּ ס׳נישטאָ קיין אייגענע גלאָז מילך, איז מען אַזוי ווי אָן הענט; און אַ בעל־מלאכה קען אוודאי אָן דעם נישט אויסקומען.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן הער איך, אַז איך בין אַ גזיזינד. און נאָך אַ בעל־מלאכהישע געזינד.

— ריכטיק, ריכטיק, מאַמע. אַ געזינד אָן מילך איז אַזוי ווי אָן... יאָ, יאָ, אָן אַלץ אין דער וועלט... געוויס, געוויס, שוין גייען מיר מיט דער מאַמען אָנקוקן די שוואַרצע אוסאָווער בהמה... נאָר צי וועט הערשל וועלן צובאַרגן, מיר האָבן דאָך מער נישט, ווי דריי קערענקעס (ביי דער מאַמען אין גרויסן מחזור באַהאַלטן), און אַזאַ בהמה דאַרף אוודאי קאָסטן 6 — 5 און אפשר אַלע צען!

* * *

ביי הערשלען ריווע־לאהס רעדט די וויב אויפן „כייש". זי האָט אַן אָרנטלעך פנים. זי ווייזט מיר מיט בוזין אַ קריגל מילך און זי רעדט צו אונדז ווי מיר וואָלטן טאַקע אין אמתן עפּעס פאַרשטיין. בוזי שאָקלט איר צו מיטן קאָפּ.

יאָ, זי פאַרשטייט אַז ס׳איז טאַקע אַ גוטע בהמה.

גלוסט זיך דאָך מיר איר גוט אָפּצאָלן, מיין בוזין, טאַקע דאָ אין מיטן הויף... ס׳אַ קלוגקייט זי קומט עס אויס מיט הערשל ריווע־לאהס וויב!

נאָר יאָ, עמעצער רעדט דאָך צו מיר. ס׳איז הערשל אַליין... שוין עטלעכע מאָל, ווייזט אויס, אַז ער רופט זיך אָפּ צו מיר, און איך הער נישט. פע, ס׳נישט שיין!

ביי הערשלען איז אַ ברייטע ציגל־קאָלירענע און זיכערע באָרד. אַפילו אַ ביסל אַ שטרענגע, אָבער אַ גאַנץ אָרנטלעכע:

„טשעפּעט אים נישט, — ווייזט זי אויף איר הערשלען, — און ער וועט א י י ך נישט טשעפּען".

— הערסטו, — זאָגט ער צו מיר, און די ברייטע באָרד שאָקלט אים אויף אַלץ צו „באָם". — הערסטו, איך דאַרף קיין סך נישט ריידן. דו וועסט מיר פאַר איר דאַנקען. זי איז אַן אוסאָוועך!...

איך ווייס? איך בין גרייט אים שוין אַנדאַנקען אַ פול היטל: ער רעדט מיט מיר אַזוי ווי מיט אַ טאַטן. אַזוי ווי מיט מיין טאַטן, רעדט ער מיט מיר... און די מאַמע ציילט אים די דריי קערענקעס. זי האָט אַפילו ביי אונדז אָנגעפרעגט, אָבער מיר זענען דאָך סיי־ווי־סיי מסכים.

יאָסעלע האָט זיך פאַרטראַכט און איז אַריין מיט אַ פיסל אין ווייכן, נאָך וואַרעמען בהמהישן מיסט. שרייט זי אויף אים, די מאַמע:

— קריך נישט אונטער די פיס, יאָסל, די בהמה וועט דיך הרגענען!

און הערשלס קלענסט יינגל, אַ צעבליטער קצב־יונג, וועלכער שווייגט שטענדיק בשעת דער טאַטע רעדט, פירט שוין פאַר אַ שטריקל די שוואַרצע אוסאָוועך בהמה אין דעם שערערס געסל אַריין. ס'איז אַפילו נישט קיין בהמה, ס'איז אַ גילגול פון אַ מענטשן, וואָרום זי איז זייער קלוג, און נישט אַזוי גרינג לאָזט זי זיך פירן אויף דער שטריק, ווי יענער וואָלט געוואָלט...

האַלב געלט גלויבט ער אונדז, הערשל. אַ פיינער מענטש אָט דער הערשל... און איך לויף שוין אַן אָנבייסן אין זאַוואָד אַריין...

— וואַרט נאָר, וואַרט! — בוזי אַזוי אויף מיר.

זי זעט אָבער, אַז איך וועל פאַרשפּעטיקן, און מיר וועט זיין נישט שיין, כאַפּט זי און פאַרענטפערט זיך:

— נו, גוט. גיי, איך וועל דיר באַלד צושיקן מיט מלכן איבערבייסן.

* * *

האָט איר שוין געזען אַמאָל אַזאַ מאָדנע וועלט? דאַכט זיך, מיין בוזי? אַלע ווייסן? נאָר איצט איז קיינער נישט מיינער. איצט דאַרף איך גיך לויפן אין זאַוואָד אַריין.

אַזש טרערן וואַרגן מיך אין האַלדז פאַר פאַרדראָס: וווהין איז דאָס לויפן? און אין מיטן דרינען?... צו וואָס דאַרף איך רייסן טריט מיט געוואַלד פון דאָרט, וווהין זיי פאַרקערעווען אַליין?

— קסאָ־צעבע! אין האַרבאַרניע אַריין!...

* * *

אַ יידענע מיט כלומרשט פאַרגינענדיקע אויגן ווינטשט אַראָפּ פון אַ גאַניק:

— נישקשה, ער וועט, אם ירצה השם, אויסצאָלן...

דאָס רעדט זי פון מיר.

מיינע לייט פאַרקערעווען אין דעם שערערס געסל.

„זי האָט גוט געטראָפן מיטן אידעם" — זאָגן ווייבער.

און איך לויף גלייך. איך לויף אין זאַוואָד אַריין. איך האָב שוין סיי ווי פאַרשפּעטיקט. אויף אַ האַלבער שעה.

מיין טאַטע איז מיט מיר צעקריגט:

למאי בין איך אַ יוכטאַרניק, אַן אַרבעטער און אַ פאַרדונגענער.

מיין טאַטע האָט ליב, אַז מען אַרבעט נאָר ביי זיך.

מיין טאַטע פאַרמאָגט אַן אייגן האַרבאַרניעלע, אַרבעט ער אַליין אין איר און ס'אַרבעטן נאָך ביי אים צוויי יינגלעך: פּייווקע און ראובן.

מיין טאַטע האָט געוואָלט, איך זאָל זיין בעל־הבית אין זיין האַרבאַרניע, איך זאָל זיך לערנען זיין אַ מענטש און געניוג. מיין טאַטע איז מיט מיר צעקריגט שוין די גאַנצע צייט. פאַר מיין חתונה האָט ער זיך מיט מיר איבערגעבעטן אויף אַ רגע, מיך „חתונה געמאַכט", און איצט זענען מיר זיך ווייטער צעקריגט.

אפשר איז ער גערעכט, דער טאַטע: ביי יענע האַרבאַרעס די קינדער פאַרדינגען זיך נישט, זיי אַרבעטן ביי זיך און קאָנען אַרויסציען ביי די געדונגענע מענטשן אַרבעט. און איך? — מיך טאָר מען גאָרנישט לאָזן אין איינעם מיט מענטשן אַרבעטן, וואָרום איך צעלאָז זיי, איך האָב ערגעץ אויסגעלייענט דער רוה־ווייסט וואָס פאַר אַ ביכלעך און איך הויב אָן פלאַנטערן פאַר די אַרבעטער „אידייען" — „אַזוי קאָן מען דאָך פון אַ מלאך אויך מאַכן אַ גלח!"

קאָן זיין, דער טאַטע איז גערעכט. איינס נאָר — איך האָב אין קיין ביכלעך נישט אויסגעלייענט אַזעלכעס. מיר ווייסן אָבער אַליין, אַז ווען ביים בעל־הבית קומט צו, קומט אונדז אָפּ. מיר קומט אָפּ אַ פונט געזונט, קומט

אים צו אַ פּוד סחורה. אַלע ווייסן עס. נאָר מען רעדט פאַרשטעלט. און אַז מיין טאַטע האָט נאָך גאָט פאַר אַן עדות — דאַרף מען שוין מער נישט.

אָט פון איר, פון בוזין, האַלט מיין טאַטע מער אַ וועלט. זי איז לייטישער זאָגט ער, פון מיר.

אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי מיין טאַטע איז גערעכט. בוזי איז טאַקע אַ סך לייטישער פון מיר. איר לייטישקייט דערגרייכט אַזוי וויט, אַז זי רעדט מיך אַפילו נישט איין, איך זאָל זיך אויסלערנען ווי אַזוי האַווירן דעם טאַטן. זי וואָלט דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין זייד. ניין, זי רעדט מיך נישט צו.

אָ, בוזיס ציצענע קליידעלעך! מיר האָבן נאָך היינט אין קאַסטן איינע אַזאַ. איר זאָלט זען, ווי ס'זינגט פון זיי, פון בוזיס איינפאַכע ציצענע קליידעלעך.

פרייטיק צו נאַכט איז געקומען צו אונדז מיין מאַמע, מיין בוזיס מאַנס מאַמע. זי איז געקומען נאָך וועטשערע פון האַרבאַרניע אין שטעטל אַריין, מיט אונדז אַ ביסעלע פאַרברענגען.

מיר זענען שוין אַליין אין שטוב, איך מיט בוזין. מען קאָן שוין צו אונדז קומען פאַרברענגען.

ביי מיין מאַמען איז איר נחת אַ ביסל אַ צעשטשערבעטער. „דאַכט זיך, מיט אַלץ איז איר גאָט איר געגאַנגען אַנטקעגן! זעט איר, דאַרפן זיי זיך נישט גלייכן צווישן זיך" (אויף מיר מיטן טאַטן רעדט זי עס), און זי האָט געזען אונדזער בהמה, האָט זי געזען, אַן עין־הרע אַ שיינע... זאָל זיין „נאַ סיר אי נאַ מאַסלאַ".

דאָ אויך איז מיין מאַמעס נחת צו שטיל. אפשר פאַרדריסט איר, וואָס אַזעלכע זאַכן טוען מיר אָן איר: זי האָט דאָך שוין געהאַלטן אין איר לעבן בהמות... אויף בהמות ווייסט זי אַ ביסל בעסער פון אונדז...

און איך וואָלט וועלן, מיין מאַמע זאָל אַראָפּלאָזן יעדן פאַרדראָס פון האַרצן. זי איז דאָך מיין מאַמע! זאָל זי זען, ווי ס'פרייט זיך אין מיר יעדער אבר. זאָל זי זען, ווי ס'לויכט ביי מיר אין שטוב פון איר שיינער קליגער שנור, און זאָל מיין מאַמעס נחת זיין אַ גאַנצער.

* * *

טרעפט זיך אָפּט אין מיטן זומער: דו גייסט אין גאַס, און פּלוצעם — בואוה! — נישט פון וואַנען — נישט פון וואָס, האָט דיר פּלוצעם פון זומערס לייב געטאָן אַ שמעק מיט האַרבסט.

— ווו? וואָס?

ניין, נישטאָ קיינעם. ס'איז זומער, ליבער זומער אויפן גאַס.

* * *

...אָבער אין האַרצן האָט זיך עפּעס איינגעריסן. ס'איז אַריין אַ צוויאַק — אַ פּאַרגעפּיל פון אויסגעבענקטן, נאָגנדיקן האַרבסט.

און ווען די מאַמע איז ביי אונדז געזעסן עפּעס גאָר נישט פריילעך, האָט מיך אויך אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן:

— זע, מאַמע, דו זינדיקסט. — — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ וואַרעמער נאַכט האָבן מיר אָפּגעפירט אונדזער צוגעשטילטע מאַמע צו איר אַהיים.

און צוריק איז אונדז די גאַנצע וועלט געווען אַן אויסגעשטערנטע חופּה. טויזנט אויגן קוקן אויף דיר. נאָר זיי פרייען זיך מיט דיר און פאַרגינען דיר: דו ביסט דער חתן און לעבן דיר „זי", דיין אויסגעשלייערטע, שיינע כלה.

איך טו אַ גרויסן איבערשלאָג אונדזערע ווייבער, וואָס איך גיי נישט דאַוונען שבת. פאַראַן איין שעה אין דער וואָך, ווען אונדזערע ווייבער דערלויבן זיך אַ שמועס טאָן פון וואָס מען מעג און פון וואָס מען טאָר נישט. אַזוי נאָך, אין די ווייסע אונטערשטע קליידלעך גייט מען זיך אַרום; נישט איילנדיק קלייבט מען צו אין צימער. עפּעס האָט מען פון וואָס צו רעדן... און יונגע, נאָר וואָס חתונה געהאַטע, מעגן זיך ביי עלטערע עפּעס דערפרעגן אויך. מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל און נישט קוקנדיק גלייך אין די אויגן מוז מען טאָקע אויף עפּעס זיך דערפרעגן.

— ביז וואַנען וועט מיין איידעם זיין אַזאַ איוואַן און וועט נישט

גיין אין שול אַריין דאַווענען? דו ביסט דאָך שוין עפּעס אַ יונגערמאַן, נישט קיין יינגל!

מיין בוזיס מאַמע, אונדזער ביידנס מאַמע, וויל מיך אויסמוסרן אַ ביסל. זי האָט אָבער נישט אויפגעהאַלטן איר ערנסט ביזן סוף און האָט זיך צעלאַכט אויף אַ קול. איך האָב אויך געלאַכט, מיר האָבן אַלע געלאַכט, נאָר פון דעסט וועגן האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס איך נעם צו ביי מיינע לייט אַזאַ שעה.

איך גיי אַרום שבתדיק אָנגעטאָן (ביי אונדז איז עס דער איינציקער יידישער רו־טאָג פאַר אַלעמען, פאַר אַלט און פאַר יונג, חוץ דעם אַפּטייקער).

העלפט נישט קיין מעשיות. האָב איך מיר אַ בוך מיט איינגעבונדענע טאָוולען. און מיין בעל־הבית האָט ווי צוריק מיט צען יאָר געוווּסט און אויסגעבויט נעבן שטוב אַ פאַרמאַכט גאַניקל אַ גלעזערנס. מאַך איך דאָרט פּליטה און קוק זיך גאַנץ איידל אַריין אין אַ בוך. איך קוק אין בוך, ווייס נישט פון קיין איין וואָרט... „איך וועל, ווייזט אויס, מוזן פאַסטן אַזוי אָן בוזין ביז נאָך וואָרמעס". איצט וועלן זיי דאָרט שמועסן פון עפּעס לאַכנדיקס, דערנאָך וועלן די באַלעבאַטים קומען פון שול, דערנאָך דער שבתדיקער וואָרמעס פון אויוון; דערנאָך ערשט נעמען מיר זיך אַרום,ביידע קינדער, שטאַרק, שטאַרק (ווי מיר האָבן זיך שוין צען יאָר ניט געזען) און מיר ווילן נישט גיין אין די „ליפּקעס" שפּאַצירן — דאָ איז בעסער.

* * *

ביי מיין בעל־הבית איז שוין דער סורדוט פאַרגעלבט געוואָרן פון יאָרן.

פון שול גייענדיק, טוט ער אַ קוק, אין איין וועגס, צום פערד און טראָגט אונדז גלייך אַריין אַ פיינעם, אַ שיינעם „גוט שבת". אָבער אים איז פון אונדז אַ געלעכטער. „גוט שבת"! — שטעלט ער נאָך אַ מאָל אַריין דעם קאָפּ אין דער האַלב־געעפנטער, רויטער, געגלאָזטער טיר.

און ביי וואָס ער זאָל אונדז ניט כאַפּן, איז אים גאָרנישט. אים איז

נאַר אַ געלעכטער פון אונדז. און איידער ער בינדט איבער דעם גארוסענעם גאַרטל אויפן פאַרגעלבטן טונקעלן סורדוט, מאָלט ער שוין עפּעס מיט די ליפּן. נישט מיינט, אַז ער עסט שוין. ניין. דאָס האָט ער נאָך אַ ביסעלע צום דערדאַוועגען. אין קלויז די יידן כאַפּן זייער. ער קאָן זיי נישט דעריאָגן. און דערצו איז ער טאַקע אַ ביסעלע טעמפּיק אויף דער עברי אויך. נו, מילא, אַ דאגה. אונדזער בעל־הבית איז אויף קיינעם נישט אין כעס, טאָמער שטייט ער אָפּ אַ ביסעלע, דערדאַוונט ער די רעשט אין דער היים !..

* * *

...וויפל די באַלעבאָסטע טראָגט צום טיש מרדכען, אַזוי פיל טראָגט בוזי מיר צום טיש. אַזוי ווי אַ מאַלפּעלע, אַזוי מאַכט זי שטענדיק נאָך די גרויסע. און מיר שפּילן דאָך זיך אין אַ מאַן מיט אַ ווייב, און אַזוי ווי דער מאַן מיט דער ווייב, עסן זיך פון באַזונדערע טעלערלעך וואַרמעס.

איך האָב, דאַכט זיך, טאַקע געזאָגט אַן ענלעך וואָרט, וויל זי מיר פאַר אַזאַ וואָרט אָנדרייען דעם אויער; ס׳איז פון מיין זייט נישט קיין ערנסטע באַציונג צו חתונה־געהאַטע מענטשן! איך פון מיין זייט אָבער וועל, פאַרשטייט זיך, נישט לאָזן, אַ „ווייב״ זאָל מיך דרייען פאַרן אויער — אַנטלויף איך. ווּהין לויפן איז נישטאָ, יאָגט מען זיך אַרום דער באַלעבאָס־טעס פאָליטורטן טיש. איך אַנטלויף, און זי יאָגט מיך נאָך. איך אין מיין גרויען קאָסטיום און אין די אויסגעפּוצטע קאַמאַשן — זי אין איר שוואַרץ, קורץ קליידעלע, אין דער ווייסער בלוזע און אין די שיינע, קליינע שיכעלעך. אַזעלכע קלייניקע זייגען זיי, האַרטינקע און ציכטיקע.

דער באַלעבאָסטע פאַרדריסט, וואָס מיר יאָגן זיך אַרום און רייבן איר געוויס אָפּ די פאַרב פון פּאָל. דעם בעל־הבית אָבער געפעלט. ער שטופּט אַריין זיין באַוואַקסענעם קאָפּ אין דער האַלב־געעפנטער, רויטער, באַגלאָז־טער טיר און לאַכט.

— קינדער בלייבן קינדער, — זאָגט ער און לאַכט און פאַרגייט זיך ווי אַ קינד.

די באַלעבאָסטע איז אַ קורצינקע אַנטקעגן אים, מיט קליינע, בייזע

אייגעלעך, מיט אַן אויפגעקנייטשטן פּנים, ווי הויט פון אַ נישט דערבאַקטן עפּל, און מיט אַ גיכן כאַפּנדיקן לשון (ווי עמעצער כאַפּט ביי איר אויס).

— מ׳זאָגט „סטאַרע יאַק מאַלע" איז אמת!... וואָס האָסטו אַריינגע־שטופּט דעם קאָפּ, וואָס האָסטו?... נעם נאָר אָט־אָ אַראָפּ דאָס שטיקל קוגל פון באָרד!... קינדער?... זיי וועלן שוין באַלד אַליין האָבן קינדער, וועלן זיי שוין באַלד האָבן!...

די באַלעבאָסטע, אַז זי רעדט, קוקט זי נישט אין קיינעמס זייט. עפּעס האָט זי אויף זיך זינד אַזעלכע, דערציילט מען, פון דער יוגנט, האָבן זיי זיך איר אָפּגעשטעלט, און פון דעמאָלט אָן קוקט זי נישט קיינעם גלייך אין די אויגן. איצט געפעלט איר נישט, פאַר וואָס אים געפעלט, וואָס די קינדער שפּילן זיך. — — —

ס׳וואָלט אָבער נישט שאַטן, ווען מיר האַלטן זיך טאַקע איצט אַ קאַפּ שטילער, — די באַלעבאַטים לייגן זיך דאָך צו שבת נאָך מיטאָג.

וועלן מיר שוין טאַקע רעדן שטיל...

— אָפּגערעדט?

— יאָ, אָפּגערעדט.

בוזילע לייגט אַוועק אַ שאַל אויפן ריינעם דיל, לייגט אַוועק אַ קישן און שרייט אויף מיר אָן, אויף צו כלומרשט, ווי אַ גרויסע. ביי איר זענען שוואַרצע אונטערגעשוירענע לאָקאָנעס, וועלכע ווילן זיך קיין מאָל נישט אונטערגעבן דעם קעמל און ליגן שטיל. זיי קרויזן זיך און גייען שטענדיק אויף. שטיפערישע אויגאַנעס ביי איר, שוואַרצע, יוגנטלעך־באַפּייכטע און מיט אַ גוטן גלאַנץ, וואָס לאַכן שטענדיק און האָבן זיך פאַר דיר נישט קיין מורא, אפילו דעמאָלט, ווען די שטיפערקע האָט אָנגעשטיפט און אפילו אויפגעטאָן אַ היזק אויך. ווו־נישט־ווו וואַרפן זיך ביי איר דורך זומער־שפּרענקעלעך אויפן פּנים; און אַרום מויל איז ביי איר פאַראַן אַ בלוי אָדערל...

ס׳איז אַ ליגן! קיינע אָדערלעך זעט מען ביי איר נישט אַרום מויל! אָבער, אַז זי וויל, ווערט זי אָן דעם אויך גוט אין כעס. יאָ, יאָ, אָבער די פּייכטע אויגאַנעס און די אויפגעגאַנגענע צעקרויזטע לאָקנס צעלאַכן זיך

אין דער זעלבער רגע (אויב יענעמס שולד, פֿאַרשטייט זיך, איז אַ פּוסטיאַקאָווע״). און אַזוי שפּילט מען זיך אַ גאַנצן פֿרייען טאָג.

— מן הסתם קאָן איך דערציילן מעשיות ?...

אָבער פֿון דער ציגעלע דער ווייסער וויל זי נישט, און קיין אויסגעטראַכטע לייענטע וויל זי אויך נישט, נאָר פֿון קאָפּ זאָל איך דערציילן.

דערצייל איך איר: אַ מאָל איז געווען, איז געווען, איז געווען ביי אַ ווייבל אַ קליין מיידעלע...

— ווי אַזוי האָט זי געהייסן ?

— בוזילע — — —

— איי, שוין, שוין, ער פֿאַרדרייט !

און זי כאַפּט מיך דרייען פֿאַרן אויער. אויב נישט, זאָלן מיר אָפּמעסטן ביי וועמען איז די נאָז אַ לענגערע !

פֿאַרשטייט זיך, אַז מיין נאָז איז דריי מאָל אַזוי די לענג, ווי אירע...

* * *

אָבער לאַנג שפּילן זיך וועט מען אונדז נישט לאָזן. די טיר עפֿנט זיך פּאַמעלעך (מען זאָל נישט אויפֿוועקן די באַלעבאַטים) און די מאַמע אין דער זומערדיקער שאַל מיט די רויטע קעסטעלעך גייט צו אונדז מיט שטילע שבת־ביטאָגיקע טריט.

נאָך דער מאַמען — רחלע.

ווי זאָגט איר, מיר האָבן זיך זייער שטאַרק געדאַרפֿט פֿאַרשעמען, וואָס מיר זענען געזעסן ווי די נאַראַנים אויף דער אויסגעשפּרייטער שאָל און זיך געהאַלטן אין מיטן מעסטן די נעזער ?

און מיר האָבן זיך דווקא נישט אַזוי שטאַרק פֿאַרשעמט. מיר זענען נאָר אויפֿגעשטאַנען, צוגעטראָגן דער מאַמען און רחלען בענקלעך. די מאַמע (בוזיס און מיינע) שטייט מיט אַ יונג־מאַמישן, גוטן שמייכל, רחלעס קעפּעלע טוליעט זי צו זיך... אין מיטן שטוב שטייען זיי, אַזוי רויִק, שבת־ביטאָגיק, און ס׳איז זיי גאָר קיין חידוש נישט, וואָס בוזי גייט אין די זאָקן אָן שיך, און מיר דערלאַנגען זיי ביידן צו צוויי שטולעכנס זיי זאָלן זיצן.

— זיצט !...

## 2. אין האַרבאַרניע

ווער ווייסט עס נישט, אַז אין רוסלאַנד איז שוין אַ יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע? אַוודאי ווייסן מיר! אָבער אין אונדזערע מקומות גופא זענען נאָך קיינע שום רעוואָלוציעס נישט פאָרגעקומען. ביי אונדז הערן מיר בלויז מעשיות. די שוסטער שוסטערן זיך, די שניידער — שניידערן, די קרעמער האַלטן די קלייטן אָפן... זעט איר, די נאָדל ביים שניידער גייט אפילו גרינגער פון האַנט: — מ'פּילט עפּעס „ישועות אויף יידן"... אָבער דערווייל ווייסט נאָך אונדזער שטעטל פון גאָרנישט. אונדזער שטעטל האָט נאָך אפילו קיין רעכטע דאמפמאַשין נישט געזען (אין מיל איז עפּעס יאָ פאַראַן אַ פייפער, איז דער מילנער אַ בייזער און לאָזט קיינעם אַהין נישט אַריין). ביים טיש אין האַרבאַרניע, ווען מיר אַרבעטן, חזרן מיר שטיל די מאַרסעליעזע. אָבער די מאַרסעליעזע קלינגט אויך ווי אַ מעשה. און ווען די באַלעבאַטים קומען אַריין, מעג מען סיי־ווי אויפהערן זינגען, ווייל זיי אַנערקענען נישט אין גאַנצן דעם ענין.

אין אמתן, איז זיי נאָך געוואָרן גרינגער צו אָטעמען: אויס קאָנטראַקטן, אויס אינטענדאַנטסטווע, אויס קאָמפּלעקטן און אפילו אויס אָטסראָטשקעס פאַר אַבאַראָנע. ס'האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט! וואָס, יאָ?

— ס'ווייזן זיך אַריין אינסטרוקטאָרן.

אָבער אונדזערע האַרבאַרעס האָבן זייער גיך געפונען די נייטיקע שפּראַך מיט דער „נייער מלוכה". און קוק: יענע טרינקען שוין טיי ביים באַלעבאָס אין שטוב. אַ צוויי באַלעבאַטימלעך פון אַנדערע האַרבאַרניעס זיצן אַרום און שמייכלען צו: ווער פון אַ שוואַרצער באָרד און ווער פון אַ געלער; אַלע מיט קאַראַוועס הענט פון שטענדיקער זיך געטרייער אַרבעט:

— „מי וועד גלאַוניע ראַבאָטשיע", — טענהען זיי מיט יידישע אינסטרוקטאָרן אויף רוסיש־גויש, און באַקומען דערביי אַרטיסטישע, שמייכלענדיקע רחמנות־פּנימער (ווייזט אויס, נאָך פאַר דער צייט).

...אַנומלט איז אַריינגעלאָפן אונדזער פּוגאַטשאָוו (אַזוי הייסט ביי אונדז אונדזער באַלעבאָס, פאַר זיין בערדל און דיקן מויל).

— חברה, — האָבן זיך ביי אים צעמישט זיינע קעצן־גרויע אויגן, און ער שווייגט, ער האָט זיך, דוכט זיך, פאַרגעסן וואָס ער וויל.

אַרום אים האָבן מיר זיך אַרומגעשטעלט. מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, אין האַרבאַרסקע פאַרטעכער, גרייט צום הערן.

אין פאַרשיידענעם עלטער שטייען מיר פאַר אונדזער באַלעבאָס. אַנדערע פּאַסן אים פאַר קינדער (34 יאָר איז אים, און אונדזער יענקעלע איז פּונקט 14 יאָר אַלט), אַנדערע פּאַסן אים פאַר ברידער און אַנדערע פאַר טאַטעס.

אַלע וואַרטן מיר אויף פּוגאַטשאָווס פּלוצעמדיקייט...

— אַט וואָס, — האָט ער זיך דערמאָנט, און די גרויע אויגן זענען ביי אים נאָך אַלץ צעמישט, — לייגט צונויף די סחורה אין טרוקענעם פּערעסיפּ! אַלץ, וואָס ס'איז נאָר פון אויבן! וואַרפט אַריין, דעקט צו און פאַרשיט דאָס דעקל מיט זדיביצע.

— סלושאַיעם! — איז אונדזער טרוכליאַוועַר פרעמענט אַרויס מיט זיין געוויינלעכער מוטיקער שפּראַך. און חברה נעמען זיך נישט איילנדיק פאַר אַ פּאַסקודנער אַרבעט.

אוודאי איז עס אַ פּאַסקודנע אַרבעט: בלאָקירטע יוכטן, נאַסע — צונויפקאַרטשען מיטן אונטערגעשמירטן חלב און וואַרפן אין פּערעסיפּ אַריין. געשוואַרצטע יוכטן, צום טריקענעם — אין פּערעסיפּ אַריין; ווייסע איבערגעבלאָקירטע — צעברעכן, צעקנייטשן און אין פּערעסיפּ אַריין. ס'איז אַן אַרבעט פאַר לײדיקגייערס, איז עס אַן אַרבעט.

איך מיט לעמלען טראָגן מיר זדיביצע אויפן פּערעסיפּ אַרויף. דאָס האָט פּונקט אַזאַ פּנים, ווי נעמען צעקייט, אויסגעשפּייט עסנוואַרג אין די הענט און זיך ווידער אַ מאָל מיט אים עסקן. די זדיביצע איז שוין אויסגעווייקטע, אַרויסגעוואָרפענע און צעפּריעטע — טראָגן מיר זי צוריק פון דרויסן אין זאַוואָד אַריין און...

— איר ווייסט וואָס, גאָספּאָדאַ? גייט איצט אַהיים עסן וואַרמעס! —

דאָס איז אונדזער פּוגאַטשאָוו אַזוי ווידער אַ מאָל אַרויס מיט לשון, —

היינטיקן טאָג זאָלט איר שוין איבער־זיין אין דער היים. און מאָרגן וועלן מיר זען...

— ???

— !!!

...ער רעדט מיט זיין געוויינלעכער עזותדיקער שטים, כאָטש ער פילט זיך שוין, ווייזט אויס, אַ ביסל ביי אונדז אין דער קלעם. ער טרייסט זיך נאָר מיט איינס:

„איך ווייס? הם! ס'נישט צו גלויבן, אַז יידן זאָלן מיך גיין מסרן"...

און דער זאַוואָד בלייבט אַ נעבעכדיקער ביז מאָרגן, און אפשר ביז איבער מאָרגן; אַזוי זיך אַ זאַוואָדל — אַ פּוסטקע. „מען פאַרשליסט אים אפילו נישט". „אָט ליגט פון אַ יאָר זדיביציע און פוילט, און ס'איז אויך נישטאָ, ווער ס'זאָל זי אַרויסטראָגן". „וואָס איז? ס'איז דען פאַראַן מיט וואָס צו אַרבעטן? ס'נישט אַמאָליקע צייטן!"

* * *

און אונטן אין פּערעסיפּ שפּיגלען זיך היפּשע פּודז יוכטן, מיט זייער פיל טויזנטיקער ווערטקייט, מיט גאווה פון זייער באַלעבאָס פרייער קעשענע, פון זייער באַלעבאָסטעס גרויס־גבירישער קו, וועלכע איז איינע אין שטאָט, און פונעם גוטן אויסגעגעסענעם שפּאָק אינעם רייכן געשפּאַן.

צופרידענע, שמועסן זיי זיך דורך צווישן זיך אינעם טונקעלן פּערעסיפּ:

„אונדזערער", מיר מאַכן אים רייך... איצטער רוען מיר זיך דאָ אָפּ... איבער זיי, איבער די אינסטרוקטאָרן... פון אָוורוטש זענען זיי געקומען צו פאָרן אין צווייען און בייזערן זיך... נישקשה, ס'וועט גאָרנישט זיין...

## 3. ביי בוזיס מאַמען אין שטוב

ביי בוזיס מאַמען אין פאָדערהויז איז פול מיט מלמדימלעך און מיט געקוילעטע הינער.

— מיר וווינען נאָך אַלץ אין שכנות, — זאָגט מיר בוזיס מאַמע מיט אַ שמייכעלע, וועלכע זאָגט, אַז „אַלץ מוז מען אָננעמען פאַר גוט”.

זיצט טאַקע די מאַמע אונדזערע ביי אַ שוחט אין שכנות. דער שוחט איז אַ קרוב דער מאַמעס. און ביים שוחט איז דער עלטערער זון אַ גרינער, אַ שטשופלער יונגערמאַנטשיק, מיט ביר־קאָלירענע שפילנדיקע אויגן און מיט אַ גרויסן קנאָפּ אויפן האַלדז. יענער האַלט נישט פון פּוצן זיך, פון היינטוועלטישקייט, אָבער ער האַלט פון זיין פידל, פון דער העברעיִשער שפּראַך און פון ציון... ער האָט אַ צייט געקלערט און זיך אָפּגעגעבן: ווי אַזוי מאַכט מען אַן אָריגינעלן אלף־בית פאַר קינדער — אַלע אלף־ביתן ביז איצט טויגן דערווייל אויף כפּרות...

דער אלף־בית איז נאָך עדין אין פּראָיעקט. אָבער „ווידן” (קאַרטלעך) האָט ער אַרויסגעשריבן אַ סך, אַ ים מיט „ווידן”: ווי דער דאָקטער הערצל זיצט, ווי ער שטייט און ווי פון זיין קבר רופט: „אויב דו ווילסט, איז דאָס נישט קיין לעגענדע”. אַ ים, אַ ים מיט קאַרטלעך, פון קינדערלעך, וואָס מאַכן ספּאָרט; פון דעם ים כנרת און פון נאָך דאָקטוירים ציוניסטן. עטלעכע קאַרטלעך זענען נאָך געווען פון באַרימטע יידישע שרייבער.

איך האָב איינגעקויפט הערצלען אין אַלע פּאָזעס, דעם ים כנרת און די יידישע שרייבער. איך האָב געוואַלדיק ליב שרייבער יידישע און נישט יידישע און אָפּט דאַכט זיך מיר, טאָמער ווילן זיי נישט ליידן, איך זאָל פּאַטשקען מיט מיינע הענט זייערע פּאָרטרעטן. אָבער בוזי מעג. ווען זיי ווייסן, אַז בוזי פּאָרעט זיך מיט זיי, וואָלט זיי שוין נישט געאַרט! פאַרקערט, זיי וואָלטן נאָך געווען צופרידן! — — ווייטער האָט דער גרינער און שטשופלער יונגערמאַנטשיק איינגעטיילט מיין בוזין אַ „שקל”, האַלט זי

אים איינגעוויקלט צווישן אירע בריוו. ער איז דאָך זייערער אַ קרוב, זעליק. ער שפּילט גוט אויפֿן פֿידל און נעמט ביי איטלעכן אויס.

אויף בוזין קוקט ער, ווי אויף אַ קליין שוועסטערקינדל. זי האָט נאָך געניית ביי אברהם־בערן דעם ווייבערשן שניידער. זי איז געווען אַן און פּאַר זיך אַ בוזיק, בוזיק כאיטשיקס פֿון מילכען. האָט ער זי וואַרמעס־צייט איין מאָל געכאַפּט, איר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל און זאָגט:

— שטיי, איך וועל דיר אָנטון אַ שקל אויפֿן האַלדז.

בוזי האָט זיך געגעבן אַ דריי אַרויס פֿון זיינע הענט:

— אַ שקל, — זאָגט זי, — איז נישט קיין קמיע, און אויב אַ שקל איז שוין יאָ אַזאַ נייטיקע זאַך, וועט זי עס באַהאַלטן.

— אַ האַלב קערבל! — זאָגט ער, און די אויגן שפּילן ביי אים אינעם שוואַרצן שטשופּלען פּנים.

— קענסט פֿאַרשרייבן אין קוימען! — ענטפֿערט זי אים, בוזי, אַ פֿריילעכע, אַ שטיפֿנדיקע און באַהאַלט אין איר קעסטעלע דעם שקל:

„אַ שקל קען זיין נישט אַבי וואָס!"

זעליק האָט שוין צעטיילט איבערן שטאָט אַ סך אַזעלכע. ווער ס'איז אַלט מער פֿון זעכצן יאָר, קיין חילוק נישט — אַ הענדלער, אַ בעל־מלאכה, אַ קלייטניק, אַ לערער, אַ קצב אפֿילו, — יעדערער דאַרף זיך באַזאָרגן מיט אָט דער קמיע.

און דעם גרינעם יונגערמאַנטשיק, דעם שוחטס זון, גלויבן אפֿילו נישט אַלע, אָבער מען קלייבט זיך צו אים אין שטוב אַריין. אַלע, אַלע קלייבן זיך צו אים אין שטוב אַריין, אפֿשר איז עס דערפֿאַר, וואָס דאָרט איז פֿריילעך און זיי לאָזן איטלעכן אַריין. שבת לייענט ער ביכלעך, זעליק דעם שוחטס, ער לייענט ביכלעך און לערנט די מיידלעך אונטערן שטאָט מאַכן גימנאַסטיק (ס'קומט זיי אויס אפֿילו פֿריקרע, די פֿרומע באַלעבאַטישע קינדער אונדזערע, וואָס דעם שוחטס זונדל נעמט זיי אַזוי נישט געהיט פֿאַר די הענט העכער די עלנבויגנס און ווייזט, ווי אַזוי אין דער גרויסער שטאָט מאַכט מען גימנאַסטיק)...

און אין דער וואָכן? אין דער וואָכן שפּילט ער פֿידל...

ביי די בעל־מלאכה־ייִנגלעך ביי אַלע האָבן געשטעקט שקלים אין די

געפּרעסטע שבתדיקע קעשענעס, מ׳האָט זיי געוועזן אַריינגעשמוגלט אַזעלכס. אָבער זיי האָבן נישט געגלויבט דער יונגער שוחטקעס העברעיִשע רעדעס. אַ שיינע איז זי, די יונגע שוחטקע. נישט קוקנדיק אויף איר קורצן וווּקס, וועלכן אַנדערע האַלטן אפילו פאַר אַ מום, האָט זי דאָך געהאַט אַ שיינעם מיוחסדיקן פּנים. אַ פּנים אַן אָפּענעם, ווי אַ לאַנגעכיקע לבנה, נאָר מיט צוויי גרויסע רייכע פלעקן פון אויבן פאַר אויגן; און צוויי רויטע געשמאַקע פּאַסיקלעך ערגעץ — פאַר ליפּן.

איז זי, די פרייע שוחטקע אונדזערע, שטאָל־און־אייזן דערפאַר, אַז די רעדעס דאַרפן זיך פירן דווקא אויף העברעיִש; אפשר האָט זי מיט דעם געוואָלט טון עמעצן אַ צו־להכעיס־שטיק? אָבער די בעל־מלאכה־יינגלעך האָבן זיך נישט נאָר געלאַנגווייליקט, נאָר האָבן זיך אפילו דערפילט אומהיימלעך ביי אַזעלכע רעדעס. נישט לאַנג פלעגן זיי זיצן אין דעם אַזוי גערופענעם „ועד", אַזוי איינציקווייז פלעגן זיי זיך אַרויסרוקן מיט די נייע שקלים אין די געפּרעסטע קעשענעס און זיך גוט אויסגענעצן אויף דער פריי. איין פּייווקע האָט נאָר געטון קליגער פון אַלעמען — זיין פוס איז דאָרט נישט געווען.

ביי מיר איז אויך געווען אַ שקל, איך האָב נאָר פאַרגעסן זיין מראה, ווייל איך האָב אים לאַנג נישט געהאַלטן. ס׳פרעגט זיך אָבער: צו וואָס דאַרף איך איינרייסן מיטן שוחטס שטוב? וואָס איז? איך האַלט דען נישט פון ציון? פון אַן אייגן לאַנד?

...אפשר האַלט איך יאָ, און אפשר נישט, נאָר אין ועד ווער איך וואָס ווייטער אַ מער זעלטענער איינגייער.

„ער חברט זיך מיט די שוסטערלעך, ער וויל ווערן ביי זיי אַ ראש..."

איך הער אַזעלכע גרוסן פון דאָרטן, פון ועד. ס׳איז אָבער אַ ליגן. איך וועל נישט ווערן דאָרטן קיין „ראש". ווייל איך וועל לעבן, וועל איך אין ערגעץ און קיין מאָל נישט זיין קיין ראש. מיר איז ערשט צוויי און צוואנציק יאָר אָבער איך קען שווערן, אַז איך וועל קיין מאָל נישט זיין קיין ראש. ווו איך וועל נישט זיין און ביי וואָס איך וועל נישט אַרבעטן, וועל איך אין ערגעץ נישט זיין קיין ראש! איר לאַכט? מ׳זאָל מיך אפילו

בינדן און טראָגן אויפֿן הויפּטפּלאַץ און שרייען „נעמט אים! אָט איז ער!", וואָלט אויך נישט גערירט. איך האָב ליב איטלעכן, מיר געפֿעלן אַלע, און איך וועל אפילו ביי קיין קאַרליקעס נישט זיין קיין ראש.

מיין טאַטן געפֿעלן אויך נישט מיינע גענג: איך זיץ ביי שלמהן ריוועס אין זאַל (דאָס איז דער זאַל פֿון אונדזער ביבליאָטעק) און איך לייען מיט חברה אַ בוך פֿון פּרצן. און מיין טאַטע גייט פּונקט אַדורך פֿאַר די פֿענצטער. דערזעט ער און קנייטשט מיט די פּלייצעס. ער דערוואַרט קוים ביז יענע גייען אַוועק און ער שיסט אויס: צי האָב איך אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס?... אָדער מיין קאָפּ איז גאָר אָנגעשטאָפּט מיט יענץ, וואָס ס'איז נישט שייך אויסצורעדן?... וואָס פֿאַר אַ מחותן בין איך מיט די שוסטערלעך און שניידערלעך? און איך בין דאָך גאָר ברוגז מיטן טאַטן!... אין מיטן־דרינען האָט אים פֿאַראַרט.

זעט איר שוין, אַז ביי אונדז זענען נאָך, חוץ דעם, וואָס מיר לעבן אָן אַ פּריסטאַוו און אָן אַן אוראַדניק, קיינע רעוואָלוציעס נישט פֿאָרגעקומען. אפשר וועט זי ערשט פֿאָרקומען? —

— ביטע, ביטע זייער, מיר וואַרטן! — — —

* * *

פֿאַראַן ביי אונדז אין שטעטל אַ סך אַמעריקאַנקעס. מיר זענען אויך אַמעריקאַנקעס.

וואָס דאָס הייסט?

אַזוי הייסן ביי אונדז די משפּחות, וועמעס טאַטע און מאַן זענען אין אַמעריקע.

זיי גייען דאָרט אַרום, אונדזערע סלאָוועשנער לייט, אין צילינדערס און אין דייטשישע קליידער: ווי נטע־אסתרס, למשל, אונדזער מיידלשער מלמד, אָדער לייבע־קאָפּלס, אַזוי אַ מלמד, אָדער אליהו דער מלאך, וועלכער איז אַ סך יאָרן געווען אַ סאָלדאַט און זיך געשלאָגן מיט יאַפּאַניע. קומענדיק אַהיים, איז ער געווען אַ קנאַפּער שוסטער, און די וויב מיטן קינד האָבן נישט געהאַט צום עסן... איצט זענען זיי און אַ סך אַזוינע שוין פֿון לאַנג אין אַמעריקע! דאָרט גייען זיי אום אין צילינדערס און דייטשיש געקליידעט, און דאָ בעטן זייערע וויבער גאָט פֿאַר זיי.

מלחמה־צייט זענען בטל געוואָרן די בריוו, און אויב בריוו — איז נאָר אויף רוסיש. דערנאָך האָבן רוסישע אויך אויפגעהערט, געלט — אוודאי נישט. האָט זיך ביי אונדז, פונקט ווי אין די איבעריקע שטעטלעך, אויסגעבילדעט אַזאַ פאָלק — אַמעריקאַנקעס.

בלייבנדיק ווי אויפן וואַסער, האָבן אַנדערע געבעטן ביי קרובים און ביי רייכע באַלעבאַטים, מ׳זאָל זיי אויסלייען, אַנדערע האָבן זיך געלאָזן גיין אין דערפער מיט קליינקייטן, און אַנדערע האָבן זיך גאָר אָפּגעלאָזן — זיי האָבן אויסגעשטרעקט די הענט און געבעטלט.

מיר זענען אויך געווען אַמעריקאַנקעס, דאָס הייסט, בוזיס משפחה. און ווי ס׳איז געוואָרן שלעכט, וואָס ערגער קען נישט זיין, האָט די מאַמע אָנגענומען אַ זאַק מיט טעפּ און איז אַוועק קיין בעהון (אַ גרויסער צוואָר־פּענער דאָרף — פינף וויאָרסט פון שטעטל).

די מאַמע האָט דווקא אַ מלאכה אין האַנט: זי קען מאַכן פּאַרוקן. נישט איין מאָל פלעג זי איבערלאָזן אויף בוזין די יאַטלעך און אַליין איז זי אַוועק צו לאַה־הערשלס. אין איינעם האָבן זיי געמאַכט די פּאַרוקן. אָבער פון זינט ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, האָבן זיך אויפגעהערט חתונות: כלי־זמרים זענען געוואָרן אָרעמע לייט, סאַרוועוס האָבן אַוועקגעלייגט זייערע געצייגן, און אויך אונדזער מאַמע איז געבליבן אָן אַרבעט.

איך איז קשה — פאַר וואָס שוויג איך פון בוזיס טאַטן די גאַנצע צייט? ווייס איך טאַקע נישט פאַר וואָס. צי ווייל איך האָב צייט, צי אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב אויף אים אַ האַרץ: ער איז שוין איצטער אין אַמעריקע, נאָר בעת ער איז געווען דאָ־הי און איך בין נאָך געגאַנגען אין חדר, איז ער געווען אַ מלמד. ער פלעגט זייער לערנען מיט דער חברה „בלק״, און יואליקס חדר איז פאַר מיר שטענדיק געווען אַ שרעק. איז אין האַרצן האָב איך שטענדיק געבעטן איינס פון די ביידע: אָדער איך זאָל שוין ווערן אַ גרויסער, אָדער עס זאָל עפּעס געשען מיט אָט דעם יואליקן.

צי מיין תפילה האָט געהאָלפן צי ניין, ווייס איך נישט, אָבער מיט יואליקן איז באמת עפּעס געשען, — ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, אין דעם גאָלדענעם לאַנד, זוכן פּרנסה. ווי האָט אַמעריקע געווירקט אויף זיינע

באָרד און פּאות און זיין לאַנגן בגד? דוכט זיך, אַז אַלץ איז בשלום, ווייל יואליק איז אַ גרויסער עקשן. דערנאָך זענען געווען בריוולעך. בריוו פון וועג, בריוו פון אָרט. זעקס חדשים דאָ פאַרבראַכט, זעקס חדשים דאָרטן, און ער האָט אָנגעהויבן שיקן געלט. בוזי האָט נאָך פון פריער געאַרבעט ביים שניידער, די עלטערע צוויי ייִנגלעך פון דרייצן און פופצן יאָר האָבן זיך באַשטעלט אין דערפער פאַר לערערלעך. יאָסעלע איז נאָך אַ קליינינקער, און מלך מיט רחלען וועלן באַלד אָנהייבן גיין אין חדר.

* * *

אַ גאָלדענע מאַמע איז זי, אונדזערע אָט די חיהטשיק. זי באָרגט אָן אַ זאַק מיט טעפּ, פאַרוואַרפט דעם זאַק אויף דער פּלייצע און גייט מיט אים קיין בעהון.

שווער פאַר איר אַזאַ זאַך מיט טעפּ?

— אָ, ניין, — זאָגט זי, — ס׳איז גאָרנישט!

צוויי פּוד וועגט דער זאַק, דריי פּוד וועגט דער זאַק, נאָר ס׳איז גאָרנישט. אפילו הונדערט פּוד איז ביי איר אויך גאָרנישט פאַר אירע קינדער. און אַ שטילע איז זי, דו ווערסט פון איר קיין מאָל קיין וואָרט נישט הערן. ווי זי וואָלט גאָר קיין אַמעריקאַנקע נישט געווען.

איר זעט דאָך, ס׳א שטילע זי איז!...

און אפשר נייטיקט זי זיך נישט?... און אפשר זענען ביי איר ערגעץ פאַראַן באַהאַלטענע קניפּלעך?... אָט זעט איר דאָך, די קינדערלעך גייען ביי איר אַרויס שיין און אָפּגעגעסן...

...יאָ, ס׳איז טאַקע ריכטיק. די קינדערלעך גייען ביי איר טאַקע אַרויס ריין און אָפּגעגעסן, ס׳נעמט זיך דערפון, וואָס חיהטשיק איז אַ שטילע טויב, וואָס חיהטשיקס אויג האָט אַלץ אין זינען, און ס׳איז פאַר איר גאָר נישט צו שווער צוליב אירע קינדער.

„און דערקוטשן לייטן — וואָלט דאָך געווען זייער מיאוס...״

אין דאָרף גייט זי אַוועק זעקס גאַנץ פרי, פון דאָרף קומט זי — צוויי ביי טאָג. זומער אין די גרעסטע היצן, ווינטער אין די גרעסטע פרעסט.

און קומענדיק, לאָזט זי נאָר אַראָפּ דעם זאַק פון די פּלייצעס, האָט זי שוין וואָס צו טאָן.

קומט איר טאָקע אַריין צו חיהטשיקן אין שכניש־ברייטן צימער, טרעפט איר דעם צימער ריין צוגעקליבן, די קינדערלעך עסן אויף אַ ריינעם לייוונטענעם טישטעך, יעדערער אין זיין שיסעלע, אַ לעפל אָפּגעקאָכטן געשמאַקן זופּ. ברויט נישט פאַרזינדיקן, ליגט אויפן טיש, און קינדערלעך זענען צופרידן.

שפּעט ביי נאַכט זעט איר, אַז ביי חיהטשיקן אין צימער לייכט זיך נאָך. דאָס זיצט חיהטשיק אין אַ שטילן פאַרשלאָסענעם צימער; יעדעס יאָטל באַזונדער, הערט זי, ווי עס שלאָפט; פאַר יעדן איז ביי איר דאָ אַ באַזונ־דער וואַרעמקייט אין האַרצן, און זי פאַרריכט דעם די הייזעלעך, דער דאָס קליידעלע, און וועמען — אַ זאָק; מאָרגן וועלן קינדערלעך אָנטון, וועלן זיי אַרויסגיין גאַנץ. און איצטער מעגט איר זיין זיכער... אַז זי שמועסט אין געדאַנק מיט איר יואליקן, וועלכער איז פון איר אַזוי ווייט פאַרשוווּמען און זי שמייכלט שטיל צו אים אין געדאַנק, וואָס זי וועט אבי־ווי־אַזוי זיך איבערדרייען די שלעכטע צייט, און אים וועט אויך זיין גוט אויפן האַרצן, וואָס די קינדער זענען ביי איר אַזוי אָפּגעהיט, וואָס זי איז צו קיינעם נישט אַזוי אומגעלאָפן לייען, פאַר קיינעם דעם פּנים נישט געשוואַרצט און קיינעם גאָרנישט נישט צוגעזאָגט — אפילו אירע אייגענע ברידער אין רוסלאַנד שרייבט זי און פאַרזיכערט, אַז „נישט פאַרזינדיקן", אַז „די קינדער זענען ביי איר אָן עין־הרע זאַט".

אַ שטילע טויב איז זי, אונדזער מאַמע. מ׳הערט פון איר קיין וואָרט נישט זי זאָל זיך פאַר וואָס קלאָגן.

און איצט האָט זי שוין נאָך אַ קינד — מיך, איך בין איר בוזיס מאַן. איצט איז שוין בוזי נישט ביי איר אין שטוב אפילו. און איצט קען זי אַלע מאָל אַריין געוויער ווערן, וואָס איר חתונה־געהאַטע טאָכטער טוט, איר בוזי.

און די מאַמע האָט מיך ליב. און דער מאַמען בין איך געפעלן, ווי אַן אייגן קינד. איצט איז איר שוין אויף האַלב גרינגער, נאָר זי איז סיי־ווי

אַ שטילע, שמייכלט שטיל, און מען ווייסט נישט, פֿרעמדע ווייסן נישט, צי זי איז מיין בוזילען אַ מאַמע, און אפשר גאָר אַ שוועסטער. אַזאַ יונגע איז זי, אַ יונגע און אַ מילדע.

...ערשט איין מאָל, ווען מיר זיצן זיך און פֿאַרברענגען אַזוי ליבלעך, צעלאַכט זיך אונדזער מאַמע, צעלאַכט זיך בוזי און ס'צעלאַכן זיך אַלע קינדער, און זיי נעמען מיר אַרויס אַן אַלט קאַרטל יואַליקס, פֿון ווען בריוו האָבן זיך נאָך באַקומען, צי פֿון ווען מ'האָט געמוזט שרייבן די בריוו אויף רוסיש (און אַ רוס איז ער דאָך געווען פֿון די ערשטע), שרייבט ער:

**«Шукай для Брошки добрый хлопчик, я ему даю триста руб».**

יאָ, אונדז איז אַלעמען זייער גרינג און זייער פֿריילעך אויפֿן האַרצן. איך בין גרייט אויף פֿליגלען זיך לאָזן און זיך פֿאַרשטעלן פֿאַר אים:

איך בין נישט קיין כלאָפּטשיק, איך בין שוין אַ גרויסער, מיר איז צוויי און צוואַנציק יאָר. און איך בין בוזיס, אייער בוזיס מאַן. 300 רובל ווילט איר מיר געבן? ניין, מ'דאַרף נישט! איך אַרבעט, איך פֿאַרדין. אָט ווייסט איר וואָס? איך וואָלט אייך גאָר געקויפֿט אַ גאָלדענעם זייגער! איך אַרבעט, איך פֿאַרדין, פֿאַר איינע צוויי חדשים, פֿאַר צוויי צי פֿאַר דריי, קען איך אָנקלייבן און אייך קויפֿן אַ גאָלדענעם זייגער. אייך קומט!... איך בין דאָך בוזיס מאַן!

יאָ, איך וואָלט נאָך מעגן פֿליען אַהין צוליב דעם, איך זאָל ברענגען אונדזער מאַמען אַ גוטן, אַ לעבעדיקן גרוס פֿון אים.

אָבער בבקשה! ס'לייטערן זיך שוין די הימלען! ס'וועלן גיך אָנהייבן גיין בריוו פֿון אַמעריקע און צוריק, און איך וועל אים אָנשרייבן. איך וועל אים אָנשרייבן: „מזל־טוב אייך, שווער!"

* * *

קען דאָס זיין, אַז די מאַמע האָט באַהאַלטן וויין פֿון בוזיס חתונה? לעקעך און וויין האָט זי באַהאַלטן פֿון יואַליקס וועגן?

יאָ, קיינער ווייסט נישט, נאָר זי האָט באַהאַלטן. אַז מ'וועט דערלעבן זיך זען אין איינעם, וועט זי דאָס אַרויסנעמען פֿון גרויסן פּאָליטורטן שלעבאַן און גיין מיט דעם אים אַנטקעגן.

אָבער ס'איז אַלרייט, ס'לייטערן זיך, ס'לייטערן זיך שוין די הימלען!

## 4. ביי מיין טאַטן אין שטוב

איך וואָלט איצטער אַריינפירן צו מיין טאַטן אין שטוב אַריין. כאָטש אויף קיין גוטער באַגעגעניש האָבן מיר זיך נישט וואָס צו ריכטן. דאָס מינדעסטע וואָס קען זיין, איז אַ בורטשע, אַ בייזער פרעגנדיקער בליק, וואָס זאָל באַטייטן: „וואָס טראָגט אים דער שוואַרצער יאָר אַהער?", „אים איז נאָך ווינציק, וויל ער דאָס האַרץ זאָל מיר צעפּוקעט ווערן".

יאָ, יאָ, אָבער חוץ דעם איז ער אַ ייד אַ שיינער, אַ שטאַלטנער, ביי אים איז אַ ברוינער פּנים מיט ריכטיקע שטריכן און אַ פּירעקעכדיקע שוואַרצע באָרד. זעלטן-ווען ער טוט אָן זומער-צייט אַ רעקל אויף זיך, אָדער אָן אויבערשט, סיידן ער דאַרף נאָך עפּעס גיין אין שטעטל אַריין (אונדזער שטוב מיטן זאַוואָד שטייען אין עק שטאָט). אַז נישט, איז ער גאַנצע טעג אין זיין זשילעט, אין די ראָבאָטשע הויזן, אין די פאַרקאַטשעטע אַרבל, פון וואַנען עס זעען זיך אַרויס זיינע שיין-מאַגסבילשע, גענוג געזונטע, פאַר־אַרבעטע הענט — זיינע הענט, פון דער פאַרגעלטער, פון אַרבעט פאַר־האַרטעוועטער דלאָניע ביז אַריבער די עלנבויגנס... אַ שיינער טאַטע ביי מיר. ער האָרעוועט, אַלע זיינע יאָרן, אַז ער אַרבעט. פאַר דערפאַר, און נאָך פאַר זיין ברוינעם, ציכטיקן פּנים מיט דער פּירעקעכדיקער שוואַרצער באָרד — האָב איך אים ליב...

אין שטוב איז איצטער גרויס די מחיה. ס'איז זומער-לעבן.

ביי מיין טאַטן האָבן זיך די לעצטע יאָרן פאַרפּלאָדעט עטלעכע רובל.

דער טאַטע האָט זיי קיין מאָל נישט געציילט. ער זעט נאָר, אַז ער איז קיינעם נישט שולדיק, און אין דער סחורה איז, אָן עין-הרע מזל און ברכה — ס'קומט צו, נו, אויב אַזוי, פאַרגינט ער זיך אַ פערד אַ יונגן האַלטן, צו דער מאַשין צום דוב קלאַפּן, אַ „סטאַרובליאַוון", ווי מ'זאָגט. וואָס נאָך פאַרגינט זיך דער טאַטע? אַרויסמאַנען ביי די באַלעבאָסטעס שבת-צייט אַ פעטן קוגל, און אויך זשאַלעוועט ער נישט אַ גוטן-ברודער אַן אָפּטן גמילת-חסד.

ווייטער קיין איבעריקע זאַכן פאַרגינט ער זיך נישט, מיין טאַטע. די קינדער גייען ביי אים נישט אָפּגעריסן, אָבער אויך נישט גאָר אָנגעטון. און זומער קאָטשען זיך ביי אים אַלץ נישט אַראָפּ די אַרבל. ער אַרבעט. ער טריקנט קאָרע, ער פּאַלצט אַליין די סחורה, ער העלפט אָפּגעבן אַ זאַפּאַר.

— לייב, גיי עסן!

— לייב, גיי טרינקען!

טשעפּעט אים נישט. ער איז פאַרנומען! און זייער אָפּט קען ביי אים אָפּשטיין די אינדערפריענדיקע גלאָז טיי און וואַרטן אַ קאַלטע אויפן טיש ביז 1 — 12 ביי טאָג. אָבער מיין טאַטע ווערט, חלילה, נישט שלאָפער פון דעם, אַבי אים איז גוט אויפן האַרצן און אַבי דאַרטן טוט זיך אַלץ אין דער צייט... אַלץ האָט ביי אים אַ לעבעדיקן אָטעם: די יוכטן, די קאָרע, דאָס דזשעגעכץ, דער טראָן. ער זעט, מ׳זאָל נישט פאַרקאַרגן די ביטן קיין דוב: „מ׳נאַרט נישט אָפּ זיי — מ׳נאַרט אָפּ זיך". ער ווייסט, אַז די פעל האָבן קאַלעך געגנוג, „זיי זענען זאַט". אַלץ ווייסט ער, און אין וועלכער סטאַדיע די פעל זאָלן נישט זיין, פילט ער זיי, ווי לעבעדיקע. ער ווייסט, למשל, אויך, אַז איך בין אַ שוטה און מיט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, אָבער מיר גיט ער אָפּ אַ סך ווינציקער אויפמערקזאַמקייט, ווי אַ לעוווקאָוויטשן פריען בינטל קאָרע (אין לעוווקאָוויטש רייסט זיך זייער גוטע קאָרע, הוילער צימרינג). אַ סך ווינציקער אויפמערקזאַמקייט, ווי גוט אויסגעטריבענעם דזשעגעכץ — אָ, אַ סך ווינציקער! כאָטש צרות האָט ער פון מיר אַ סך: למאי ליגט מיר מיין קאָפּ אין דער ערד, אין דער שוואַרץ־יאַר־ווייסט־וואָס, און חוץ צרות האָט ער פון מיר טאַקע גאָרנישט.

מיין טאַטע האָט פון מיינעט וועגן אַ גאַנצן צעטל מיט חרטה־לידער: ער האָט מיך נישט געדאַרפט לערנען, ער האָט נישט געדאַרפט צאָלן דעם מלמד געלט פאַר מיר.

— אַז מ׳האָט אַ נאַרישן זון, — זאָגט ער, — איז אויב ער קען זינגען, ווייסט מען אין דער אַנדערער שטוב, אַז ער איז אַ נאַר; אויב ער קען שפּילן, ווייסט מען אין דער אַנדערער גאַס... און אויב ער קען שרייבן, ווייסט מען אין דער צענטער שטאָט, אַז ער איז אַ נאַר!...

(ער זאָגט, אַז די חכמה איז אַפילו נישט זיינע קיין אייגענע, ער האָט זי פון עמעצן געהערט, אָבער אַ גראַם איז דאָס אַ גוטער).

עדין ווייס איך נישט, וואָס מיין טאַטן אַרט — צי וואָס מ׳ווייס אין דער אַנדערער שטאָט, אַז איך בין אַ נאַר, צי וואָס איך לייג זיך נישט צו מיט קאָפּ און לייב צום זאַוואָד. איך לעב נישט מיט די נויטן פון זאַוואָד:

„אַ זאַוואָד האָט ליב, מ׳זאָל זיך צו אים אָפּגעבן...״

...זענען מיר, הייסט עס, צו גאַסט לעם דעם טאַטנס שטוב. זעט איר, ווי ס׳לעבט ביי אונדז דער הויף: פון פאַרנט טריקנט זיך זדיביצע צום הייצן (אונדזער שטוב מאַכט עקאָנאָמיע), ווייטער־צו טריקנט זיך קאָרע פרישע, ערשט געקויפטע צום קלאַפּן און צום פאַרגרייטן אויף ווינטער; אויף די רעשטאַוואַניעס הענגען יוכטן, אַרבעטער גייען אַרום זיי און קערן זיי איבער. פון שאָפּע הערט זיך אַלע מאָל אַ טאָפּקען אויף איין אָרט, אַ טאָפּקען איינס נאָך איינס מיט אַ סקריפּ, וואָס חזרט זיך איבער די גאַנצע צייט, נאָך איינער אין דער זעלבער הפסקה: דאָס קלאַפּט מען ביי אונדז דוב. פון קעסל גייט אַ רויך — מ׳גיט אָפּ זאַפּאַר. דער זשוראַוועל אויפן ברונעם הייבט זיך און לאָזט זיך אַראָפּ אויך מיט אַ זמרל, און די וואַסער לויפט, לויפט באַרג־אַראָפּ, איבער דער לאַנגער קאַרעטע, ווי דערשראָקן פון דער פלוצעמדיקער הימל־שיין, אָבער אײדער עפּעס פאַרלויפט זי גלייך צוריק אין דער טונקלקייט — צום קעסל אין בויך אריין.

אין זאַוואָד גופא אַרבעטן צוויי יינגלעך, דער טאַטע — אַ דריטער. אָבער גאָרנישט שטייט נישט אויף איין אָרט: די ביטן טרייבן זיך דריי מאָל אַ טאָג, די זאַלעס לייגן זיך איבער אַלע טאָג; דאָ פאַגעוועט מען אויף לאָזן אין דוב אַריין, דאָ בלאָקירט מען און מ׳קאַנטשעט אַרויס די סחורה, פאַרטיעס מיט פאַרטיעס באַגעגענען זיך, אַ מאָל אין טרוקענעם ווערקשטאַט, אַ מאָל אין נאַסן. אָבער זייער נישט אויף לאַנג. די זענען פון חדר אַרויס, גייען די צווייטע אַהין אַריין. און מיט יעדער פאַל באַזונדער לערנט מען אָפּ די סדרה פון אָנהייב ביזן סוף: מ׳פאַרפעלט נישט, מ׳פאַרגעסט נישט. אַזוי פיל מאָל מיטן טופּאָק, אַזוי פיל מאָל מיט דער קאָסע, מיטן פאַלדז, און ערשט אויפן טיש צענעמט מען זיי די ביינדעלעך מיטן קעפּל און בלאָטיר־אייזן.

— גאָטס ניסלעך — זאָגט אונדזער שכנה, — איז נישט איבערצו־קנאַקן: מ׳נעמט אַריין אַ רויע, טרוקענע פעל און מ׳מושטירט זי אַזוי לאַנג, ביז זי טויג אויף גוטן ווייכן שוכוואַרג!...

און אַז איר ווילט, טוט זיך עס דאָ ביי מיין טאַטן אויפן זאַוואָד.

פּייווקע מיט ראובנען העלפן א סך, און סוף כל סוף ווייס איך נישט, וויפל פאַר שטיוול נייען זיך אויס פון מיין טאַטנס יעדער־יאָריקן אומזאַץ.

אַ נאַסער און טרוקענער ווערקשטאַט מיט ביטן, מיט זאַלעס, מיט ווייקן און אַלץ מיט אַנאַנדער. דערנאָך דאָס הייזל מיטן קעסל, דערנאָך אַ לאַנגער שמאָלער הויף, מיט אַ ברונעם ביי איין זייט און שאַפּעס ביי דער אַנדערער זייט. גאָר רעכטס —אַ גאָרטן, און אַנטקעגן, אין אַ באַזונדער הייפל פון שטאַכעטן, די שטוב.

אין שטוב איז שוין גאָר אַן אַנדער געמיט. פיר־פינף צימערן (אָ, איך קען זיי גוט, אונדזערע צימערן. נישט איין קלאַץ און נישט איין ברעט האָב איך געהאָלפן דעם טאַטן שלעפּן. מיין טאַטע האָט זייער ליב בויען. אַליין אַרבעט ער מיט דער האַק, מיטן הובל, מיטן עקבער. און ביים זעגן העלף איך אים צו. שוין ביי גאָר אַן ערנסטער אונטערנעמונג רופט מיין טאַטע אַ ספּעציעלן מייסטער. און אַזוי איז אומעטום אַליין. שטענדיק האַלט ער אין איין בויען, צובויען, איבערוואַרפן און איבער אַ נייס בויען). יאָ, איך קען זיי, אונדזערע צימערן.

אין דער פרי, ווען איך גיי מיט אייך צו אונדז אין שטוב, וואָלטן מיר טרעפן איין שוועסטער ביי באַלעבאַטישקייט, די אַנדערע אין קיך. די מאַמע קויפט איין וואָס מ׳דאַרף, זי קומט צו גיין, העלפט זי אויך צו, און די קלענערע צוויי קינדער שפּילן זיך...

ביי טאָג אָדער פאַרנאַכטלעך ווען היינט ביי אונדז טרינקען טיי די פּעטריקאָווער סוחרים. יאַטן מיט גאָלדענע זייגערס — די טשעטשיקעס.

דוכט זיך, גאָר נישט אַזוינע בריהס — און קויפן גרויסע הורטן סחורה. זיי קויפן גרייטע, פאַרטיקע; זיי קויפן פון די ביטן אויף אין דריי — פיר וואָכן אַרום, זיי קויפן אויף אין אַכט וואָכן אַרום, וועלכע נאָר איר ווילט אַליין קויפן זיי, און מיט אַ גוטן אַדערויף. איצט טרינקען זיי ביי אונדז טיי

אין דער קלענערער סטאָלאָווע. דער „געלער גזלן״ שטייט אויפֿן טיש און ברומט, כאָטש גאָר אָן כעס. די סוחרים מיט די גאָלדענע זייגערס זיצן, ווי צו תנאים. די עלטערע שוועסטער אין אַ ריינער קליידל, מיט וועלכער זי גייט אַרויס אין גאַס, טראָגט אָנגעלאָדן אַ שאָל מיט ווײַנשל־איינגע־מאַכטס, די מאַמע גיט געבעקס צום טיש, און די קלענערע קינדער לויפֿן דורך פֿאַרשוויצטע, אָפּגעברענטע, כאַפּן אַ קוק און פֿליען ווײַטער אַוועק — נישטאָ זיי.

יאָסעלע מיט רחלען שפּילן זיך אויך דאָ.

דאָס זענען אונדזערע מחותנים! — באַרימט זיך די מאַמע, — אונדזער מחותנתטעס קינדער... מיר האָבן אָן עין־הרע אונדזער עלטערן זון אויס־געגעבן!

דאָ ווערט דער טאַטע אַ ביסל נישט צופֿרידן — זי האָט אים אָנגערירט זיין שלוה. אָבער פּלוצים קומט אויף אים אָן אַ גוטע שעה און ער הויבט זיך אָן באַרימען פֿאַר פֿרעמדע מענטשן מיט זיין שנור. אויפֿן זון האָט זיך אויך עפּעס אויפֿגעזוכט אַ גוט וואָרט. און די מאַמע דאַרף דאָס פּונקט הערן. די מאַמע גייט דאָך אויס כאָטשבי נאָך איין זאָלאָטניק שלום. און זי שיקט גלייך אַ שטאָפּעט נאָך אייזיקן.

זאָל שוין רחלע מיט הינדען, אָדער יאָסעלע מיט הערשלען לויפֿן אַ רוף טון אייזיקן מיט בוזין, אָבער שוין!

דאָ האָט שוין דער טאַטע די פֿולע רעכט ווערן אין כעס און איר טאַקע אַריינפֿאַלן אין די רייד:

— ווײַטער אַ מאָל?...

„אָבער פֿון איר איז נישט אויסצוהאַלטן!״.

„זי אַליין שולדיק. אַליין מיט איר־ע אייגענע הענט פֿירט זי איבער די קינדער״.

אָבער די מאַמע הערט נישט אויף אָנזאָגן. זי ווייסט, זי האָט געכאַפּט אַ גוטע שעה, אַ גוטע רגע. זי האָט דערפֿילט — דער טאַטע איז איצט אויפֿגעלייגט.

— זאָל ער אַוועקלייגן אַלע אַרבעטן, — שרייט זי אַרויס צו די קינדער

דורך דעם זומערדיקן־אָפענעם פענצטער. — קינדער, קינדער! — רופט זי נאָך, — זאָל ער אַוועקלייגן אַלע אַרבעטן! ס'אַ נויטיקע זאַך! ס'וואַרטן אויף אים פרעמדע מענטשן.

דער טאַטע האַלט דאָס פּאָר נערוונע שטיק. און מ'לאָדט זיך פּאַר די פּעטריקאָווער סוחרים איבער דעם זון. אָבער די מאַמע זעט, אַז דאָס לאָדעניש זאָל גיין אין גוטן מוט. און זי פּירט עס אַזוי אויס:

„פרעמדע מענטשן זענען דאָ, פּאַר וואָס זאָלן מיינע קינדער נישט זיצן דאָ, זיך באַקענען מיט לייטן?"

און נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע:

„וואָס איז, חלילה? נישט פאַרשטערט זאָלן זיי אונדז ווערן".

אין דרויסן איז אַ ליבער זומער. אַרום און אַרום איז פול מיט שפע.

די עלטערע שוועסטער זיצט מעשה־מענטש ביים טיש, הערט אַלץ אויס און שווייגט. זי וואָלט אָבער זייער וועלן, דער ברודער זאָל זיך אַראָפּכאַפּן. מ'איז שוין אַזוי לאַנג נישט געזעסן אין איינעם. אַזוי זיך ביי אַ רו:ק גלעזל טיי.

פּייוועקע איז אַריינגעלאָפן אין קיך אַריין טון אַ טרונק וואַסער. אים איז געוואָרן מאָדנע פונעם טיש טיי מיט די צוויי סוחרים. ס'שטופּט אים זייער צום לאַכן פון זיי: איינער אַ לאַנגער, אַ דינער, מיט אַ צעפּענעם פּנים, און דער צווייטער אַ קורצינקער, אַן אַנגעבלאָזענער, מיט קעצענע וואָנסעלעך.

— ר' לייב! — איז ער אַריין מיט זיין ליטוויש לשון, — דער קעסל איז פיין פאַרזאָדן, מירן גיין אַראָפּגיסן? האַ?

דער טאַטע איז שוין גרייט זיך אויפהייבן גיין. אַ פּעולה? דער קעסל איז דאָך פאַרזאָדן!

אָבער די מאַמע מיט דער שוועסטער וועלן דאָס נישט דערלאָזן:

אַ משל אַ ביסל, זאָל דאָרט ראובן אַוועקלייגן דאָס לאַקירן און העלפן אַראָפּגיסן דעם קעסל, מ'זיצט דאָך מיט מענטשן!

— ראובן, פון מיינעט וועגן זאָל זיין אַפילו סמוון, — מאַכט פּייוועקע מיט זיין ליטווישן, געזונט־בחורישן, אויף צו כלומרשט גלייכגילט.

און דער טאַטע באַמבלט צו (טאַקע געפונען אַן אויסוועג):

— יאָ, יאָ, זאָל ראובן דאָרט, נו, יאָ!...

## 5. אַ ביסל פון אונדזערע האַרבאַרניעס און זייערע שכנים

אַנדערע זאָגן, אַז מיט סלאָוועשנע ענדיקט זיך שוין די וועלט. ס'איז אָבער אַ גרויסער ליגן. פון וועלכן עק שטאָט ס'זאָל נישט זיין, ווען מיר פאָרן אָפּ אַ 60—50 וויאָרסט, טרעפן מיר אַ באַן. און מיטן באַן איז דאָך שוין פריי די וועלט. כאָטשבי פון איין ים ביזן אַנדערן.

גלויבט איר שוין, אַז אונדזער שטעטל האָט, ווי אַלע אַנדערע שטעט, „אויסוועגן אין אַלע פיר זייטן" *). אויב אַזוי, וועט מיר זיין גרינגער אויס־מאָלן אַלע אונדזערע גרענעצן נאָך די האַרבאַרניעס נאָך. ס'איז דען דאָ אויף דער וועלט עפּעס בילכערס פון האַרבאַרניעס? אָדער שכלדיקערס? ס'איז דאָך אונדזער חיונה (אַ צייט האָט מען מיר אין חדר געגעסן דאָס האַרץ, אַז מיר עסן קוגל פון דזשעגעכץ און פּעטשע און טשאָלנט — פון קאַלך מיט רויער פּעל. די עלטערע יינגלעך פלעגן מיר אָפּעסן דאָס האַרץ, ביז איך האָט זיך נעבעך דערוווּסט, אַז טאַקע עסן מיר קוגלען פון דזשעגעכץ, אַזוי ווי די קרעמערס עסן קוגלען פון ווייסער ליים מיט גאַזע, די שוסטער — פון סטאַריזשנע און די טעפּער — פון נאַסער גרויער ליים).

יאָ, ס'איז אונדזער חיונה.

### דעם טאַטנס האַרבאַרניע

איז אַנהויבן הויב איך אָן פון דעם טאַטנס האַרבאַרניע, ווו איך בין אויסגעוואַקסן און וווהין איך האָב געפירט מיינע חדר־יינגלעך — אַלע פּרייטיק נאָכן לערנען — זיי זאָלן זען די מאַשין, ווי מ'קלאַפּט דוב, זיי זאָלן זיך דורכפאָרן אַ ביסל און זיך היטן, נישט אויסדרייען זיך קיין פוס.

---

*) פון ד. האָפשטיינען.

דעם טאַטנס האַרבאַרניע שטייט אין אין עק שטאָט, וועלכן מיר וועלן דאָ אָנרופן צפון. פון אונדזער זייט קען מען פאָרן קיין ליסטווען, קיין טשערעווקי, קיין וועלעדניק, קיין לוהין און פון דאָרטן מיטן באַן ביז עק וועלט.

רעכטס פון אונדזער גאָרטן שטייט מאַרקאָ לוכטאַנס פלויט מיט די וויינשל־ביימלעך. ווער קען דאָס נישט מאַרקען דעם ליגנער, דעם ציגיינער, דעם קבצניוק? אָבער ער האָט ליב יידן. דריי ברידער זענען זיי: מאַקסים, טימוך און מאַרקאָ. אַלע דריי שוין חתונה־געהאַטע, אַלע דריי קבצנים. מאַקסים איז דער יינגסטער. אַ נידעריקער, אַ ברייטביייניקער, אַ פּנים האָט ער פון אַ בייזן רשע. מאַרקאָ לאַכט אים שטענדיק גוט־ברודעריש אין פּנים אַריין, ער רויכערט די ליולקע און לאַכט:

— נו, וואָס אַרט דיך די קליינע יידעלעך? נו, וועלן זיי אָפּרייסן אַ וויינשל.

מ׳קען דערקענען אויף מאַרקען, אַז ער חנפעט נישט. ער פאַרגינט אַ יידיש קינד זאָל שבת כאַפּן אַן עברה און אָפּרייסן אַ וויינשל. און אויב אַ קינד אַ יידישס טרייבט די גענדז אויף דער פּאַשע דורך דעם געסעלע צווישן אונדזער גאָרטן און מאַרקעס וויינשל־ביימלעך, זאָגט ער מאַרקאָ:

— אדרבה, ער פאַרגינט זיי אַ וויינשל, אַבי זיי זאָלן נישט ברעכן די צווייגן.

דוכט זיך, אַז ער חנפעט נישט. ער זאָגט אַן אמת, מאַרקאָ. מאַקסים אָבער קוקט מיט זיינע קליינע רשעדיקע אויגן פון זיין וויס־באַוואַקסענעם פּנים, מעגן זיי אים דווקא אַרויס: ס׳איז אַ סברה, אַז מאַקסים האָט אַ נאַטור אָנשלאָגן, אָדער איבערשרעקן אַ יידיש קינד אויף דער שיניצע צווישן די ביימלעך (יענץ פּאַשעט די גענדז אָדער ס׳שניידט ריטער אויף בעזעמער).

און טימוך איז גאָר אַ מזג־טוב! אָ, דאָס איז מיר אַ שייגעץ! ער איז הויך, ווי אַ סאָסנע. אויף דער מלחמה האָט ער געהאַט אַ גוטן פערד. און ס׳אַ שיינקייט ער קען אַרומגיין אַרום אַ פערד! דעם טאַטנס פערד, דער סטאַרובליאָווער, האָט נישט ליב, ווען מ׳רייסט אים די באַרלעך פון אונטערן בויך, אָבער טימוך, אַז ער גייט צו מיט זיין אויסגעצייטער העמד, מיט דעם ברייטן רויטן גאַרטל אויף די בלויע הויזן און מיט זיין גאַנצער

גרויסער הויף, טוליעט ער זיך צו, דער פערד, צו אַ וואַנט, נעמט צונויף די פיס אונטער זיך, ווי פיר קאַסע שטעקלעך, און שטייט אויף די שפּיץ פינגער, כאַטש מעלק אים אויס.

— טימוך איז אַ מעכיערע זאַך — זאָגן אונדזערע ווייבער.

און ס'איז טאַקע אַ סברה, אַז ער זאָל אַוועק צו אונדז אין מיליציע פאַר אַ מיליציאַנער.

דער עלטסטער פון אַלע, וועלכער האָט שוין אפילו די אַנדערע ווייב מיט צוויי קינדער, איז מאַרקאָ. מאַרקאָ קען לייענען און זיך אונטערשרייבן; מאַרקאָ קען טרינקען און קען דערציילן אַ סך ליגונים — אַזוי זיך שטייענדיק צווישן אַ רעדל „כאַזיאַיענעס" זונטיק אין מאַרק. ער ווייסט אפילו, אַז זיי האַלטן פון אים ווינציק, די „כאַזיאַיענעס". זיי איז אַ געלעכטער פון זיין קבצנישן ציגיינערישן הויף. דאָך הערן זיי אים פון דער גרינג, און ער, פון זיין זייט, מאַכט זיך נישט ווויסנדיק לפנים פון דאָס, וואָס ער ווייסט...

מאַרקאָ האָט זיך שוין אויך געשלאָגן מיט די דייטשן. און דאָ אַנומלטן האָט אונדזער מאַמע דערזען פּריטיק פאַר נאַכט — פאַר נאַכט, פאַר ליכט־בענטשן, ווען די קינדער האָבן זיך שוין געוואַשן, — אַז אַ מענטש גייט. אַ מענטש אין סאָלדאַטסקע אַנטון.

— אוי, ס'איז דאָך מאַרקאָ! — האָט די מאַמע אויסגעשריגן, — מאַרקאָ גייט אַהיים פון דער מלחמה! — און ס'איז טאַקע געווען אַן אמת. מאַרקאָ איז טאַקע געגאַנגען נאָר־וואָס פון דער מלחמה. אַ פאַרשטויבטער, מיט אַלע סאָלדאַטסקע טאָרבעלעך אויף די פּלייצעס, און אין בוזים האָט ער געהאַט אין אַ פּאַפּירל צונויפגעקלעפּטע צוקערקעס. דאָס טראָגט ער פאַר די קינדער אַהיים אַ מתנה. ער וויל אפילו אַרויסנעמען אונדזערע קינדער צו צוקערקעס, אָבער די מאַמע זאָגט, אַז מ'דאַרף נישט, מ'דאַרף נישט! און זי טראָגט אים אַרויס צוויי וואַרעמע קיכלעך, מיט צימערינג איינע־ווייניק, פרישע, פּוכקע און וואַרעמע צוויי קיכלעך.

פריטיק פאַר נאַכט. די ברייטע הויזטיר אונדזערע איז אָפן און די קינדער צוואָגן זיך „לכבוד־שבת". אין שטוב אינעווייניק זענען די פּאָלן פריש אויסגעוואַשן, דער טיש ריין געדעקט, אָט אין אַ שעה אַרום זעצט זיך די זון אין מאַרקעס ביימער, און ביי מיין מאַמען אין שטוב ווערט, אין

גאַנצן און מיט אַ מאָל, שבת. הינדע, די קלענסטע פון די מיידלעך ביי אונדז אין שטוב, איז אויפן יידישן אופן אַוועקגעלאָפן אָנזאָגן אוליאַנען, אַז מאַרקאַ איז געקומען. און געקושט האָבן זיי זיך שוין, מאַרקאַ מיט אוליאַנען, ביי זיי אויפן גאָרטן, נישט ווייט פון די וויינשל־ביימלעך, זיך געקושט שטיל, און זי האָט געווישט די אויגן — — —

רעכטס פון אונדזער גאָרטן זענען די לוכטאַנס וויינשל־ביימער. אַרום אונדז האָבן זיך אַרומגעבויט נאָך אַ צוויי יידישע און פויערישע הייזלעך, נאָר מיר זיצן שוין אין סאַמע שיניצע (די שיניצע איז ווי אַ רייף אַרום דעם גאַנצן שטעטל, אַ רייף פון יונגן בערעזעוון וועלדל: פון דריי זייטן שטאָט ברעמען זיי אַרום, די בערעזקעס, יעדער שליאַך און שטעגעלע. דאָרטן פּיטערן זיך זומער די שטעטלשע פּי, די גענדז און די חזירים; אַהין כאַפּט מען זיך אויך אַראָפּ אויף אַ שפּאַציר). פון יענער זייט שיניצע, אַרום און אַרום שטאָט, הויבט זיך אָן פעלד און וואַלד, און אויף יעדער צוויי־דריי־וויאָרסט וואַקסן זיך ווי געוויינלעך דערפלעך.

(פון יאַנקל לעדערמאַנס האַרבאַרניע — פּוגאַטשאָווס — האָב איך דאָך שוין דערציילט, זי שטייט אויף אַ גאָרטן נישט ווייט פון דעם טאַטנס נחלה).

## זיידלס האַרבאַרניע

אין ווינקל פון צפון צו מערב זיצט זיידלס האַרבאַרניע. פון אונדז איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אויך אַ האַרבאַרניע, מיט אַ שטוב און מיט אַ ברונעם; מיט שאָפּעס, מיט שטאַלן און מיט אַ הויף; מיט איין וואָרט — אַ ייד אַ בעל־הבית. די שטאָט לויבט אים פאַר זיין פלייסיקער פאַר־האָרעוועטקייט, כאָטש די זעלבע שטאָט מאַכט פון אים אַ תל, פון זיידלען, פאַר זיין מגושמדיקייט, פאַר וואָס ער איז אין זיין האָרעוואַניע און אין זיין בעל־גופישקייט מערער ענלעך אויף אַ גוי, ווי אויף אַ יידן. מילא, זאָל זיך די שטאָט רעדן, וואָס זי וויל, אָבער אונדז געפעלט ער. זיי זענען געזונטע האַרבאַרעס, ער מיט זיינע זין, און אונדז פון האַרבאַרניע שמעקט

בעסער, ווי עמעצן פון גוטער שמעקעדיקער זייף. אנומלטן, אָט דאָ נישט לאַנג איז דאָך עס געווען, איז ער געווען געקומען צו מיר אויף דער חתונה, מיט זיינע צוויי זין, מיט דער ווייב און מיטן הונט. דער לעצטער, קען מען זאָגן, איז געווען אין גאַנצן אומגעבעטן, און חוץ דעם, האָבן די יידן, די מחותנים און מחותנתטעס, זיך געהאַלטן אין איין שרעקן פאַרן הונט. פאַר דערפאַר אָבער האָבן יאָסעלע מיט הערשעלען געטראָפן מיטן הונט, ווי אין טאָג אַריין. זיי האָבן זיך באַקאַנט מיט אים, אים גערופן ביים נאָמען, מיט אים אומגעלאָפן, געגעבן אים עסן, און זיי וואָלטן געווען האָבן אַרבעט ביז טאָג, ווען נישט דער אויפטו נאָכן כיבוד (ווען דער עולם איז אַוועק טאַנצן). אייגנטלעך, האָבן זיי גאָר אַזעלכעס נישט אויפגעטון. זיי זענען נאָר אין ליידיקן עסצימער אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום די חתונה־טישן און האָבן געקערט אין מויל אַריין די נישט־דערטרונקענע גלעזלעך... זיידלס הונט איז, פאַרשטייט זיך, אויך נאָכגעלאָפן נאָך זיי, אים האָט אָבער גאָרנישט געשאַדט. און די יאַטלעך, נעבעך, ביידע שוואַרצינקע און קליינינקע, האָבן די נאַכט געבראָכן מיט דער גרינער גאַל, און ערשט צום סוף זענען זיי אַנטשלאָפן געוואָרן אין די זאַכן און האָבן נישט געזען די חופה־וועטשערע. לאַנג האָבן זיי אויף איר געוואַרט, געוואַרט און זיך געגרייט, און צום לעצטן ערשט זיך פאַרשיכורט און פאַרשלאָפן. זיידלס הונט האָט זיך אויך נישט ווייט פון זיי אַנידערגעלייגט און געבילט, טאָמער פלעגט אַ פאַרשמאַיעטע מהותנתטע אַרויס אַ ביסל זיך אַרומווישן פונעם שוויס און זיך אַ ביסעלע אָפּקילן.

דעם הונט זיידלס האָב איך אומיסנע דערמאָנט, ווייל ער איז אויך שולדיק אין דעם, וואָס דאָס שטעטל האַלט זיידלען אין איין באַרעדן.

זיידל אָבער מיט זיין וואָלפיש־ענערגישן און צעקאַרבטן פנים, מיט זיין רויטער באָרד, וואָס ווען ער שמייכלט אפילו, מיינט מען אויך, אַז ער שטשירעט די ציין און איז אין כעס, — זיידל הערט די שטאָט פאַר אַ פיאַטאָק! ער זאָגט, אַז דער הונט איז אים טייערער פון אַ מזוזה.

— לייג, — זאָגט ער, — אַנידער אַ קופּע יוכטן אויף אַ גאַנצער נאַכט אין הויף, וועלן זיי דיר קיין צען מזוזות נישט אויפהיטן, און מיין ראַבן הונט (איר הערט? ער האָט נאָך אַ ראַבן אויך), אַבי איך וועל אים נאָר

אָפּלאָזן אויף דעם לאַנגן דראָט, וועט די קופּע יוכטן זיין גאַנץ! אפילו דער רוח אַליין וועט צו איר נישט צושטיין!

זיידל, ווי איר זעט, איז פולקום גערעכט, און מיר מעגן מיט אים אַלע מסכים זיין.

שכנים האָט זיידל רעכטס און פון הינטן, מיכטאָדן און פיליפּן, לינקס און פון פאָרנט — די שיניצע. דאָס הייסט, אַז זיידל לעבט אין גרויסער רחבות.

ביי מיכטאָדן, זיידלס שכן, איז פאַראַן אַ בן־יחיד אַ געקליאַרעוועטער, — אַ בן־יחיד, וואָס האָט ליב די כוסה, און אַז ווען ער איז שיכור, האַלט ער די גאַנצע מיליציע אין דער מורא (אַזוי פלעגט אויך זיין ביים אוריאַד־ניק. יענער פלעגט אויך אָפּגעבן דעם בן־יחיד כבוד). דערפאַר פיליפּ, דער צווייטער שכן זיידלס, איז אַן אַנגעשטאָפּטער, מיט שאָף און מיט פּי, מיט ערד און מיט געלט. אָט די ביידע שכנים זיצן אָפּ לאַנגע שעהן ביי זיידלען, פאַרשטייט זיך, ווען זיי האָבן צייט, און רעדן צווישן זיך, זיי פאַרברענגען. אַ מאָל באַרעדט מען אַן אָרעמען שכן, כאָטש מער פון אַלץ רעדט מען פון פערד. און פערד, זאָלט איר וויסן, וואַרפן זיך דורך ווו־נישט־ווו מיוחסים! פערד אָדער קליאַטשעס! זיי מעגן זיך אויפהאַלטן אין שטאָט, צי אויסערן שטאָט, פאַר אַ וויאָרסט צי פאַר צוואַנציק וויאָרסט — האָבן זיי דאָך די ווערט מ׳זאָל פון זיי פאַרברענגען דאָ, ביי זיידלען אין שטוב, — זיידל מיט זיינע שכנים.

מיט זיידלען קען מען פאַרברענגען. כאָטש ווען ער שמייכלט אפילו, וואָס ס׳טרעפט זייער זעלטן, קומט אויך אויס, אַז ער בייזערט זיך און שטשירעט מיט די ציין. נישט פון כעס, חלילה! נאָר אַזוי זיך, פון שטענדיקער פאַרנומענקייט...

## דעם פעטער זלמנס האַרבאַרניע

אין מערבדיקן עק פון שטעטל איז דעם פעטער זלמנס האַרבאַרניע. אייגנטלעך, איז ער שוין נישט קיין פעטער, ער איז שוין אַ גרייזער זיידע,

מיט אַ לאַנגער סיווער באָרד. אַ ייד, וועלכער האָלט אַלע יאָרן יענעם אין כבוד, כדי ער זאָל מיט דער זעלבער מטבע באַקומען געצאָלט.

ביי אים איז אַן אַמאָליקער הויף מיט אַן אַמאָליקער האַרבאַרגיע. מלחמה־צייט האָט ער שוין נישט געקאָנט זיין אַזוי ווייט קלוג און געמוזט פאַרדינגען אַ רייכן ספעקוליאַנט די האַרבאַרגיע. און אַליין האָט ער שוין נאָר אַ מאָל אין אַ יובל אָנגעוויזן אַן אַרבעטער אויף אַן עוולה: „נישט אַזוי, טו, טו אַזוי!" (כאָטש ס'איז שוין נישט זיין עסק זיך מישן!), און דאָס איבעריקע פלעגט ער זיך דאַוונען אַ גאַנצן טאָג אין דער שטיל. דערדאַוונען, אפשר, וואָס ער האָט אין דער יוגנט נישט דערדאַוונט. אָבער אונדזער טויבער חיים, וועלכער האָט פריער געאַרבעט אַלע יאָרן ביי זלמנען און איצט אַרבעט ער פונעם רייכן ספעקוליאַנטס האַנט — אים האָט פאַרדראָסן, וואָס דער אַלטער מישט זיך.

איין מאָל איז ער אַריין אין כעס, דער שטערן איז ביי אים געוואָרן גלאַט און האָט גענומען ציטערן, דאָס בלאָנדע שפּיציקע בערדל האָט זיך אים גענומען טרייסלען, און ער האָט אים אַריינגעזאָגט, זלמנען:

— ר' זלמן, — זאָגט ער — דו הערסט? אויב איר וועט נישט אָוועקגיין מיט דער סיווער באָרד, וועל איך דיר געבן מיט אַ שייט האַלץ אין קאָפּ אַריין!...

קוים פאַר צוואַנציק יאָר אָפּגעענטפערט! ער פלעגט זיך דערנאָך פאַר אונדז באַרימען, חיים, און נאָכן דערציילן אַ מאַך טון, אַ פאַרשעמטער, אַ צופרידענער מיט דער האַנט אַזוי אין דער לופט אַריין... און אַלץ דערפאַר, וואָס דער אַלטער האָט ליב, זינט ער לעבט, מיט ווייסע לעבערלעך טייטלען יענעם, באַרוט און פאַמעלעך, מיט די פינגער אויף דער יוכט:

„אָט אַ־דאָ, אָט אַ־דאָ, — מאַכט ער, — שטייען נאָך „זשילעס" אויף דער יוכט. בליאַקיר אויס אַ ביסל בעסער".

און ביי חיימען זענען די פינגער אַזוי אויך שוין גוט צעבראָכן פונעם בליאַקיר־אייזן, און יענער קומט נאָך און פוילט זיך נישט טייטלען. —

„ער מיינט. ס'איז אים אַמאָליקע יאָרן".

פון דעסט וועגן האָט ער חרטה, חיים, וואָס ער האָט אים אַזוי אַריינ־געזאָגט, דעם אַלטן. כאָטש אין תוך איז ער צופרידן. און אין טויבן קאָפּ

בוטשקען זיך ביי אים אי חרטה מיט אומפאַרשטענדלעכער מורא, אי נצחון־געפילן (פון וועלכע ס׳שטעלן זיך אים אָט־אָ טרערן אין די ווייסע אויגן, און די בלאָנדע וואָנצעס קריכן אים אין מויל אַריין צום שמייכלדיקן שפּייעכץ אַרום זיינע גאַנצע ציין).

חיים איז בטבע אַ גוטער, אָבער אויב ער האָט שוין אַריינגעצאָלט יענעם, איז פאַרפאַלן. און אפשר האָט ער ווידער אַ מאָל אָפּגעצאָלט, נאָר נישט פאַר היינט...

ביים אַלטן פעטער זלמנען איז דער טרוקענער ווערקשטאָט אין שטוב. אויף ווינען האָט ער נאָך צוויי אַלקערלעך, מיט די פענצטער צו קלימען, און די קיך. אין איין אַלקערל גייט מען אַריין פון טרוקענעם ווערקשטאָט, אין צווייטן — פון קיך. אין קיך אויפן אויוון טריקענען זיך אָפּט געשוואַרצ־טע יוכטן. איז נאָר אַ שמאָל סטעזשקעלע, וואָס צווישן אויוון מיט די געשוואַרצטע יוכטן און צווישן וואַנט מיט דער פאָליצע־שאַפקע, פירט אין צווייטן אַלקער אַריין. און דאָרט ווינט טאַקע דאָס שיינע אייניקל דעם פעטער זלמנס — הינדל.

הינדל איז, אייגנטלעך, נישט קיין קיילעכדיקע יתומה — זי האָט דאָך אַ זיידן מיט אַ באָבען. פון דעסט וועגן איז איר שטענדיק שלעכט אויפן האַרצן. אפשר איז איר דערפאַר שלעכט אויפן האַרצן, וואָס ס׳איז איר אַזוי ווייט צו גיין פון דאַנען אין שטאָט אַריין צו אירע חברות. האַרבסט־צייט איז דאָך דאָרט אַזאַ איינזינקעניש, אַז געזונטע מענטשן אין שטיוול ווערן דאָרט פאַרהרוזנעט, נישט נאָר זי. און ווינטער די שנייען זענען דאָרט אויך טיפע. הינדל הייסט זי, און איר ברודער מאָטל איז פון איין מלחמה אַוועק אויף דער אַנדערער. ער האַלט נאָך אַלץ מלחמה. ער איז אין אַ באָלשעוויסטישן פאָלק און שרייבט אַהיים פריילעכע בריוו. וואָס־זשע איז אָבער די פעולה, אַז ביי דעם פעטער זלמנען זענען אַלע זיינע קינדער אַרום און אַרום — די עלטערע אויסגעגעבענע טאָכטער און אָט די צוויי אייניקלעך (פון דעם יונג פאַרשטאָרבענעם איין און איינציקן זון). „טאָ וואָס־זשע זיצט ער אויף דער מלחמה דאָרטן, מאָטל?". „צי דען קלערט ער, אַז מיר האָבן נאָך לאַנג צייט וואַרטן אויף אים?" — און דאָס אַלטע פאַרפאַלק גיט איינצייטיק אַ וויש דעם שווייס פון די טאָפּליעס

בייביידע פענצטער, לעם וועלכע זיי זיצן זיך ווייט איינער פון דעם אַנדערן, גיבן איינצייטיק אַ קוק אַרויף, אַהין צום בערגל (דאָס איז אונדזער הייליק אָרט, דאָרט שלאָפן ווינטער־צייט אַ סך רייען שטיבלעך מיט מצבות), און זיי קלערן ביידע איינצייטיק פון דער צווייטער היים, צו וועלכער זיי נעענטערן זיך ביידע שוין אַזוי פיל יאָרן... און איצט זענען דאָך שוין זייער קורץ די שעהן: נאָך אַ מאָל דאָ אויסהייצן דעם אויוון, אין דער היגער דירה; נאָך אַ מאָל אָנצינדן דעם לאָמפּ. אַ שעה און אַ שעה — און ס׳וועט דאָך אויסקומען אַהין זיך צו איבערקלייבן אין גאַנצן און אויף שטענדיק!... „טאָ וואָס־זשע וואַרט ער דאָרט, מאָטעלע?" „ער וואָלט דאָך דאַרפן דינגען אַ קוריערסקע באַן און קומען צו פליען אַהערצו..." „געוויס וויל ער דאָך, אַז דער זיידע מיט דער באָבע זאָלן אויף אים אַ קוק טון איידער ער בלייבט פון דאָס ניי אַ יתום אויף גאָטס וועלט". — — —

די פענצטער פונעם טרוקענעם וואַרשטאַט ביי דעם פעטער זלמנען זענען צום גאַס־צו. דאָ־אַרום פירט מען שטענדיק בהמות אין בוינע אַריין. די קצבים קענען גוט דעם פעטער זלמנס שטוב. ניט איין מאָל כאַפּן זיי זיך אַריין אַהער ווינטער, שפּעט אין אָוונט, זיך אָנוואַרעמען. דאָ כאַפּן זיי אַ הייסע געבראָטענע קאַרטאָפלע און אַ קלוג שפּאָרעוודיק וואָרט ביי די צוויי אַלטע לייט. אַ מאָל רייסט זיך ביי זיי איבער אַ שטריקל, ביי די קצבים, לויפן זיי אַריין לייען. אַן אַנדערער לויפט אַריין מיט אַ צעקוילעטן פינגער: „וואַסער, וואַסער! ער האָט זיך צעקוילעט אַ פינגער!" יענעם טראָגט אַרויס הינדל, אין דער פון יאָרן פאַרדזשעגעכציקטער ברוסאָוועגער הויז, וואַסער. זי גיסט זיי אויף, די קצבים. זי קרימט זיך, זי קען נישט פאַרנעמען קיין בלוט און זי זוכט זיי אויף אַ דינע, קלאָרע, ווייסע, מיידלשע שמאַטקע צום איבערבינדן...

דעם פעטער זלמנס האַרבאַרגיע שטייט אויף קלים באַלאַנדיקס ערד. אַ גויטשיקל איז ער, אָט דער קלים, אַ קורצינקער, אַ ברייטער, מיט אַ שטענדיק לאַכנדיקער, אָבער גאָר־גאָר קלוגיטשקער טונקל־רויטער באָרד. זינט ער לעבט, קלים, האָט ער קיין קוואָרט דזשעגעכץ נישט געקויפט. אויף זיין ערד שטייט דאָך אַ האַרבאַרניע. שמירט ער דאָרט די שטיוול שוין

היפשע עטלעכע צענדליק יאָר: זיינע שטיוול, דער ווייבס און דער גאַנצער משפּחהס.

אָבער דעם דזשעגעכץ מעג ער אויסקרענקען! ס׳מאַכט נישט אויס!

פאַר וואָס? — ווילט איר פרעגן.

זייער און זייער פאַר אַ סך זאַכן:

נישט איין הון איז פאַרפאַלן געוואָרן פון הויף פאַר די יאָרן. און ווער ס׳האָט זיך געסמט מיט זיי, ווייסט מען — קלים מיט קלימעכען. מ׳האָט זי פיל מאָל געכאַפּט פאַרן האַנט אויך:

— ס׳איז אייערע? — זאָגט זי, — נעמט צו. איך האָב נישט דערקענט.

אַ מאָל בלייבט נישט אַ העמד פון פּלויט; ווייסט מען אויך, וועמעס אַרבעט ס׳איז, דאָס איז אָבער אַלץ גאָרנישט! ער האָט אַ סך בעסערע מעלות, קלים:

זלמן מיט זלמניכען האָבן אים זייער אָפּט פאַר אַ גאַסט אין די אָוונטן.

שוין אַ סך, אַ סך יאָרן, אַז ער קומט אַריין, כמעט יעדער אָוונט, זעצט זיך אַנידער אויפן נידעריקן, רויטן בענקעלע לעם די ראַשקעס דזשעגעכץ, אָדער אַנטקעגן טיש, ווו מ׳עסט, און ער שמועסט. שטענדיק ווייסט ער, אויף וואָס די וועלט שטייט. און וואָס דער קיסר עסט וועטשערע... פון וואַנען קומען צו אים אַזעלכע ווייטע נייעס, ווייסט קיינער נישט, אָבער ער האָט וואָס צו דערציילן. און שטענדיק צו יעדער נייעס איז זיך אַזוי, אגב, פאַראַן אַ צושפּיל.

— דו האָסט נישט געהערט, זלמן? — און ער בעט ביי זלמניכען אַ הייסע קויל פון פּריפּעטשיק און רויכערט צו זיין ליולקע.

און זלמן האָט טאַקע נאָך נישט געהערט פון אַזאַ פרישן, געשטויגענעם אָדער נישט־געשטויגענעם שפּאָגל־נייעם נייס.

„דאָרטן און דאָרטן, אין יענער גובערניע האָט מען געשלאָגן יידן... אין דער און אין דער גובערניע האָבן יידן באַגנבעט אַ קלויסטער. מ׳ווייסט געוויס, אַז דאָס זענען יידן... אַ סך יידן וועלן פון דעם ליידן, אַ סך יידן״. און מיט אַן ערנסטער און חשובער מינע גיט ער עס איבער. — „אין קיעוו האָבן די יידן נישט אַזוי ספּריטנע אַרויסגעבאַקומען דאָס קריסטלעכע בלוט צו די מצות... מ׳האָט זיי געכאַפּט ביי דער אַרבעט... אַ רב איז דאָרט

געווען צווישן זיי, מיט לאַנגע „צוויי פּייסאַכעס". אַ גרויער און אַ זיידענער. די פּייסאַכעס האָבן זיך אים געשלעפּט איבער דער ערד. אָבער וואָס איז די פּעולה — מ'האָט אים געכאַפּט..."

אויפן קליין בענקעלע זיצט ער זיך אַ קורציגקער און ער זייט דורך דער פּיפּקע, דורך די ממזריש־עלטערע, דורכגעטריבענע אויגן און דורך דער רויטער טיפער באָרד. אַזוי זייען זיי זיך ביי אים, די נייסן, טאָג־איין, טאָג־אויס, און ער ווייסט אויף וואָס די וועלט שטייט. ער ווייסט אפילו, פאַר וואָס מ'טשעפּעט נאָך נישט אַזוי לאַנג די סלאָוועשנער יידן...

שוין אפשר פערציק יאָר, אַז מ'האָט קלימען פאַר אַ שכן, און מ'מוז הערן, סיי זומער, סיי ווינטער, זיינע רייד. ווי דען? אַן אַנדער ברירה האָסטו? דו וועסט אים אפשר טרייבן פון שטוב?

צוויי זין מיט אַ טאָכטער האָט ער נאָך, קלים. ווען זיי וואָלטן געווען נישט דערלעבן אויסוואַקסן, וואָלט מן הסתם געווען בעסער. זלמן מיט זלמניכען ווייסן אין זיי אַ תוך און פון זיי אויב ס'איז דאָ וואָס צו דערציילן. און ס'איז זייער אַ סך דאָ. טאָ לאָמיר עס אפשר איבערלאָזן צום סוף, דאָרט וועט עס זיין מער אויפן אָרט. דערווייל ווייסן מיר, אַז אויפן מערבדיקן עק שטעטל שטייט דעם אַלטן זלמנס האַרבאַרניע, מיט צוויי פענצטער צו קלימען אין הויף אַריין. דערנאָך איז די שיניצע, די בוינע און פּאָדאָלסקעס מיל; דורך דאַנען פאָרט מען קיין אַנטאָנאָוויטש, קיין אוסאָוו, קיין פערעבראָד און קיין אָלעווסק.

* * *

אונדזער שטעטל אין דרום האָט נישט קיין האַרבאַרניעס. נישט לאַנג איז דאָ ליגקס געווען דעם פּריצס הויף און דער שענק. רעכטס איז דער קלויסטער, דער מאַרק און די שענסטע הייזער פון שטאָט. און מיט דער דאָלינע הויבן מיר זיך אָן אַראָפּלאָזן צום טייך, צוביידע הייליקע אָרטן, און פון דאָרט גייען אַוועק ביידע קלענאָווע אַלייעס, ווו ס'שפּאַצירן אַלע שבת פאָרלעך. איין אַלייע פירט קיין טכאָרין און די צווייטע — קיין בעהון, אַהין, ווו מיינע און בוזיס מאַמע טראָגט די לעצטע צייט טעפּ. דאָרט האָבן מיר בעהון, די מילכנס, פאַרשיידענע כוטאָרעס אָקופּאָוויטש מיט וויקאָ־וויטש. און דורך טכאָרין פאָרן אונדזערע סוחרים מיט דער פור קיין טוראָוו.

א י צ י ק   ק י פ נ י ס

## דעם ספעקוליאַנטס האַרבאַרניע

דער מזרח־ברעג פון אונדזער שטעטל האַלט אויף זיך די דאַמפמיל און ווייטער אַ ביסל דעם ספעקוליאַנטס נייע האַרבאַרניע. צוויי רייכע אַנשטאַלטן, לעבן בעל־גופיש בשלום צווישן זיך. זיי לעבן אויך בשלום מיט די אַרומיקע פויערים די שכנים און אויך מיט די פויערים די באַלעבאטים, אויף וועמעס פלעצער ס׳הודען פון איין זייט די מיל, פון דער צווייטער — די האַרבאַרניע, די גרעסטע אין שטאָט, מיט דער שיינער געפּאַרבטער שטוב אין פראַנט, צום ווינען.

דאָ פילן זיך אויף אונדזערע יאָטן נישקשה, מ׳צאָלט „גוט״, ער גיט אַ מאָל אפילו אַרויס אַפריער געלט.

אַן אויפגעקומענער איז ער, אַ לאַנגער, אַ דינער, ווי אַ זשערדקע, שיער וואָס ער ברעכט זיך נישט איבער. און מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ. אונדזערע האַרבאַרעס באַוווּנדערן זיינע ווילדע שווינדלערייען און זאָגן, אַז ביי אים איז אַן אָפּענער „מוח״. און אַנדערע רופן אים פשוט „פּיישקאָ פּאַרך״. זיי זענען אויף אים אין כעס, די האַרבאַרעס. ערשטנס, פאַר דעם, וואָס ער האָט זיי אַ סך מאָל באַשווינדלט, און חוץ אַלע זאַכן, איז ער נאָך טאַקע אַ בעסערער „סוחר״ פון זיי.

ביי אים אַרבעטן אַ סך חברה: לייבל יאַנטלס, עלי, זיסקל דער ליטוואַק, נחמיה הערשלס, חיים און נאָך. דאָ אין האַרבאַרניע מעג מען אפילו זינגען די מאַרסעליעזע... מיט אַ פאַלשקייט פון אַ שלאַנג און מיט דער זיסקייט פון סאַכאַרין גייט ער אונטער — אַ לאַנגער, חסידישער יונגערמאַן, אַ ייד, אַ סוחר, כאָטש לאַנג, אָבער ריין געקליידעט, און זאָגט מיט מבינות, אַז „ביי לייבלען איז אַ פיינע שטים״. „לייבל האָט אפשר נישט געדאַרפט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט זיין שטימע״.

אָבער צו דער קאָנטריבוציע, וואָס אַנגעפּאַרענע באַלשעוויקעס האָבן געשטעלט אויף דעם שטעטל, האָט אים די מאַרסעליעזע נישט געשאַדט: אים, מיט זיינע צען ביטן און מיט נאָך דריי זייטיקע מסחרים, האָט מען

אפילו קיין האַלב נישט געשטעלט, ווי די האַרבאַרלעך די קליינע מיט די 5 — 4 — 3 און 2 ביטן.

פאַר וואָס? — פרעגט איר.

פאַר וואָס, פאַר וואָס. ס'איז נישט שווער זיך צו דערוויסן. ער איז אַ פאַלשער און אַ כיטרער שלאַנג. און דאָס, וואָס לייבל יאַנטלס איז אַ פאַרכוטש, דאָס איז זיך אַחוץ אַ מעשה: לייבל האָט געהאַט פאַר דעם שטיקל אַרבעט אַ טויזנטער — טויזנט רובל קערענקעס.

...דאָ איז אָבער פריילעכער צו אַרבעטן. דאָ אַרבעטן אַ סך חברה. דאָ איז דער איינציקער זאַוואָד, ווו דער בעל־הבית איז נישט קיין פאַרשמירטער אַרבעטער, נאָר אַ פאַרשוין מיט אַ שטעקעלע. ניין, דאָ איז אַ ים גרינגער צו אַרבעטן. און ער צאָלט נאָך אָפּ בעסער אויך... ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, ווי ער פאַרדרעדט אונדז די ציין. ער פאַרנעמט אונדז, די עטלעכע נישט גאָר דיפּלאָמאַטישע אַרבעטער, און פאַרקלאַפּט אונדז דעם קאָפּ מיט איבעריקע פינף־רובלדיקע אויף דער וואָך, און ער נאַרט זיך נישט פון דעם. אָ, ער איז אַ פוקס, אָט דער פּיישקאָ!

דאָ האָט ער אָפּגערופן די פּעטריקאָווער סוחרים:

— „צו וואָס דאַרפן זיי זיך אַרומשלעפּן איבער די האַרבאַרניעס? — ער מאַכט מיט זיי אַ כתב און גיט זיי אָפּ די גאַנצע סלאָוועשנער, וועד־לעדניקער און אָוורוטשער סחורה". דערביי גיט ער צבועקיש אַ פינטל מיט אַן אייגל: „וואָס, איר ווייסט נישט, אַז איר האָט דאָ צו טאָן מיט פּערד?"

און די פּעטריקאָווער סוחרים גייען איין. דער לאַנגער פּיישקאָ האָט צו דעם ענין, פאַרשטייט זיך, אויך נישט דערלייגט...

איין מאָל טוט זיסקל דער ליטוואַק אַ קוק זיך אום, צי קיינער פון די באַלעבאַטים דרייט זיך דאָ נישט אַרום אין הויף, און טוט אַ זאָג פון זיין גרויער אַשיקער באָרד:

— איר פאַרשטייט, חברה! — און דער גרויער פּנים מיט די אַשיקע ברעמען שיינען ביי אים פון אַ געדאַנק! — אָט, זאָגט ער, האָט

איר ביי פּיישקען פינף קינדער, און ביי חיימען 5 קינדער. פּיישקעס עלטערע ייִנגלעך זיצן אין קיעוו אין גוטע „קאָמנאַטעס". זיי שטודירן, און חיימס, איז ביי דעם עלטערן אַזאַ גוטע קאָפּ און ער האָט אים אָפּגעגעבן צו עלף יאָר פאַר אַ שוסטער!... איר ווייסט וואָס? איר האָט אָקאָרשט געזען, ווי מ'האָט אויסגעבעט די שטאָל פון פּיישקעס בהמה ווען? זאָל איך קרענקען, אויב ביי מיר האָט מיין ווייב אַזאַ „ראָסקאָש", ווי ביי אים זיין בהמה!... — און די פאַרגעלטע קאָראַווע הענט, אין איינער האַלט ער דעם פאַלדז פון קאַלעך און מיט דער צווייטער נעמט ער אַראָפּ אַ שטיקל מעזדרע פון באָרד. די באָרד און די ברעמען זענען ביי אים פאַרקרימט, ער וואַרט: „זאָלן די יונגעלייט ענטפערן. ער האָט דאָך ערשט אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק!"

* * *

נאָך דער האַרבאַרניע מיט דער מיל הויבט זיך אָן די שיניצע. דאָרט וווינען אויך אַ צוויי פויערים האַנטשאַרעס. זיי לעבן גוט מיט די ייִדן, זיי גייען אַריין אַ מאָל פרעגן אַן עצה. דאָרט וווינט אויך דער גרויסער און שיינער פּומין. ער איז אַ מילנער. און דאָ צווישן מיל מיט דער האַרבאַרניע לויפט דורך דער ברוקירטער שליאַך אין שטעטל אַריין. ער לויפט פון ווערפּי, פון מאַזשאַרי, פון פאַקאַליאַוו אין סאַמע אָוורוטש. פון אָוורוטש איז שוין די וועלט מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען — דאָרט גייען דאָך שוין באַנען!...

## די הייזער אין שטעטל

די הייזער אין שטעטל, אויסערן מאַרק, זענען אַממיינסטן געמישט ייִדישע שטיבער מיט שכנהשע פויערשע הויפן. ביים פויער בליען זומער קאַשטאַנען און ניסן־בוימלעך. ס'וואַקסן דאָרט אויך ווײַנשל מיט עפּל. און ביים ייִדן, אויב ס'איז דאָ אַ בייטל אונטערן שטוב, פאַרזייט מען קאַרטאָפל. קאַרטאָפל און אוגערקעס. ביי די זייטן — פאַסאָליעס, קירבעסן און פּשעניטשקעס. און אויב ער פאַרגינט זיך אָפּשפּאָרן אַ שטיקל ערד פון צוויי אַרשין אויף צוויי, פאַרזייט מען אַרבעס.

אויסער אַרבעס און ווייִנשל, וואַקסן דאָך נאָך אין יעדער הויף „האַלאַפּוזן" (הוילע פּופּקעלעך). אין די גרינע הויפּן וואַקסן ווייסע קעפּלעך, אין די שמאָלע הויפּן — שוואַרצע. אין די ברייטע הויפּן בלויע אויגעלעך, אין די ליקן — שוואַרצע. פרעגט זיך נאָר די פראַגע: אויב אַזוי, פון וואַנען ווייסן די ווייסע קעפּלעך זינגען פאַר די שוואַרצע: „זשיד פּאַרכאַטי, האַוונאַם נאַפּכאַטי..."

און די שוואַרצינקע — פון וואַנען ווייסן זיי זינגען אויף צוריק: „מוזשיק כאַם, פרידי ק'נאַם, גאַ וועטשערו האַוונאַ דאַם" — און אַזוי ווייטער.

קיינער לערנט זיי דאָך ניט דערויף!

בלייבט אַ קשיה!

חוץ דעם אָבער לעבן די פּויערים גוט מיט די יידן. מ'קאָן נישט זאָגן: אַ שוסטער, אַ פעלצנמאַכער, אַ האַרבאַר, אַ שמיד. די פּויערים האָבן ליב אַזעלכע. זיי רעדן זיך גוט צונויף צווישן זיך. קאַרטאָפל, מעל, האָניק, אַ קאַלב — פון איין זייט; אַ יוכט, אַ פעלץ, אַ פּאָר אויפגעניייטע שטיוול — פון דער צווייטער זייט! זיי רעדן זיך צונויף צווישן זיך אַזוי מיט די קצבים, אַזוי מיט די ליוועראַנטן, אַזוי אפילו מיטן קלייטניק. און ס'דוכט זיך, אַז זיי וועלן לעבן גוט צווישן זיך אַזוי ביז משיח וועט קומען.

ס'קאָן זיין! ס'קאָן זייער זיכער זיין!

## 6. פעטליורע, אָוורוטש און סלאָווֶעשנע

...זאָרגן וועגן די בעזשענצעס קאָן בוזי אויך. אַזוי אָדער אַנדערש. אָבער איך זאָל אין דער זעלבער צייט נישט אויפהערן זי ליב האָבן, אפילו אויף אָט אַזוי פיל־אָ. דאָס הייסט, אַז איך זאָל אפילו אויף קיין רגע פון איר נישט אויפהערן קלערן. איצט זעט איר שוין, אַז זי איז נאָך אַ קינד! אַ פּיצל קינד! — אַ קינד וועט דאָך אויך איפּערזיכטן זיין מאַמען צו יעדן זייטיקן, וועמען יענע שענקט אויפמערקזאַמקייט, כאָטשבי אויף איין מינוט. „ניין, קיינער האָט קיין רעכט נישט אויף זיין מאַמעס צייט. זי געהערט נאָר אים!״

איז אויב איך זאָל זיך פלוצעם פאַרטראַכטן פון עפּעס... פון וואָס קאָן איך זיך פאַרטראַכטן, מיינט איר? — פון די בעזשענצעס! — איז רעכט, אַז זי זאָל אויף מיר ווערן אפילו גוט אין כעס אויך.

פאַר וואָס זי איז אין כעס, זאָגט זי נישט.

— אַזוי! דערפאַר!...

ס׳קאָן געבן, אַז זי ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס. אָבער איך ווייס.

דאָס קאָן זי נישט ליידן מיינע געדאַנקען זאָלן אַבי אויף וואָס אַריבער חוץ איר!...

ווער זענען די בעזשענצעס? — פרעגט איר.

די אָוורוטשער יידן. גאַנץ אָוורוטש.

די פעטליוראָוועצעס מיטן קאָזיר־זירקאָ בראש האָבן דאָרט געמאַכט חושך! ימח שמם זאָלן זיי ווערן, די פעטליוראָוועצעס, וואָס זיי צעמאַכן פון אַ שטאָט:

גרייז און יונג, פאַרנומענע מענטשן און קינדער ביי דער בו־וסט, באָבעס, אַלטע ווייבער, גימנאַזיסטן, בעלי־מלאכות — אַלע זענען אין איינער אַ הלופער נאַכט געקומען צו אונדז קיין סלאָוועשנע. אַלע באָרוועסע און צעשלאָגענע: ווער מיט דער גאַנצער משפחה, ווער מיט

אַ האַלבער און ווער גאָר איינער אַליין מיט זיין וויסטער און זינדיקער נשמה, ווי אַ בייזע געדעכעניש פון דעם „עוויגן יודע". ווי אַ חרובער שטאָם, אַן זאַפט און אַן צווייגן, זיך צוגעשטעלט מיטן גלות: „טאָמער האָט עמעצער אויסגעפּעלט צו אַ מנין? — אָט בין איך אויך דאָ!"

די גאַנצע שטאָט איז זיך צעלאָפן. ס'איז געווען זייער הייס אין אָוורוטש ד. ה. נאָר דעם „יידישן" אָוורוטש איז געווען הייס. דעם „גויישן", פאַרקערט, איז געווען סאַמע געמיטלעך. זיי זענען גאָר געווען פאַרנומען מיט אַ נייעם מין „זשניוואַ".

— גאָט האָט געהייסן, מ'זאָל אַרויסרייניקן די יידישע הייזער מיט די קלייטן!...

זיי האָבן זיך געטיילט מיט דער גערעטעניש.

אַזוי פיל יידישע דירות אין אָוורוטש. וויפל דירות, אַזוי פיל פּאָר קאָלדרעס. אַזוי פיל אָנטאָן, וועש, געפעס און גלאָז אין די פענצטער.

אָ, דער גויישער אָוורוטש איז געווען שטאַרק פאַרשמאַיעט.

„גאָט האָט געהייסן צוקלייבן די יידישע קלייטן":

איז געוואַנט, איז לייוונט מאַראַזאַווס, איז טאַראַן, זיידנס, קעסטלעך צוויעכעס. און איינע אַ נאַרישע גויע אַ צעטומלטע טראָגט זיך אַרום מיט אַ בינטל „אַכטער" גלעזלעך צו לאָמפּן און זי איז צעטראָגן, זי ווייסט נישט מער וואָס צו טאָן.

דער יידישער אָוורוטש איז היינט אין סלאָוועשנע.

אַ פּאַס האָט זיך אַריינגעשטופּט אין אַן עמער אַריין. אַ שטוב אין אַ קעסטעלע פון מאַכאָרקע. און דאָס קעסטעלע איז נאָך דערווייל אַן און פּאַר־זיך מיט איריקס פּאַרנומען.

איר ווילט וויסן, ווי אַזוי־זשע האָט מען זיך פּאַמעסטיעט? האָט איר זיך אַ פּראָסטן חשבון: 40 מאַן זענען געשלאָפן ביי אברהם־בערן דעם וויבערשן שניידער. אין גרויסער צימער איז אברהם־בערס שטוב. דאָרט אין זיין שלאָפצימער, זיין קיך (איבערגעהאַנגען מיט אַ ליילעך), זיין עסצימער, זיין וואַרשטאַט און דעם זונס — לייבלס — שערעריי (אפשר די בעסטע אין שטאָט).

טאַ ווי אַזוי, — פרעגט איר, — שלאָפן איבער ביי אברהם־בערן דעם ווייבערשן שניידער פערציק נפשות?

אפשר זענט איר קיין מאָל קיין „בעזשענצעס" ניט געווען?

די ערד האָט מען אויסגעשפּרייט, מיט וואָס ס'האָט זיך געטראָפן, און מ'האָט זיך אויסגעמישט — ווייבער, מאַנסבילן, קינדער און מיידלעך. מ'האָט זיך אויסגעלייגט איבערן שטוב און מ'איז געשלאָפן: אונטערן טיש, אונטער די בעטן, אויפן טיש, אויפן אויוון, אויף די בעטן, צווישן די מאַשינעס — פון יענער זייט ליילעך, אויפן טאַפּטשאַן און נעבן פּאָמויניצע.

אין דער פרי האָט מען זיך אַלע אויפגעהויבן און זיך גענומען אַרומקוקן, אַזוי ווי אויפן וואָקזאַל, וואָס צום עולם התוהו!...

און אברהם־בער מיט דעם גזינד זענען דימענטענע מענטשן, האָבן זיי אויף זיך גענומען אַלץ און זיך געטיילט מיטן לעצטן געבאַרגטן און בעל־מלאכיש פאַרדינטן ביסן.

חוץ אברהם־בערס שטוב זענען געווען נאָך שטיבער, גרעסערע, קלענערע, ווי אין אַ ישוב ס'פּירט זיך. און אומעטום איז געווען אָוורוטש, מיט זיינע בעלי־מלאכות, קאַזיאָנע־ראַבינערס, אַדוואָקאַטן און וועמען איר ווילט אַליין.

פון דעסט וועגן האָט מען אין איינעם אַ פרימאָרגן זיך פאַרגינט און מ'איז אַרויס מאַכן אַ ציילונג; אויף אָרגאַניזירן און אויסטיילן אַ העמד, אַ זשילעט, אַ קליידל און אַ שטיקל ברויט...

אָוורוטש קרעכצט גוט אויף וואָס ער איז אַרויפגעקומען. ער האָט דאָך אַפריער אפילו נישט געוואָלט רעדן מיט קיין „סלאָוועשנער קאַלטן". נאַר, מילא, דאָס איז מיר גאַרנישט מיט נישט, דאָ איז אונדז נישט גוט מיט אַן אַנדער זאַך:

וואָס ענטפערט מען די מעשטשאַנעס, די גויים אונדזערע?

„אָוורוטש האָט זיך אַהערצו אַריבערגעקליבן?!"

גאַנץ אָוורוטש האָט זיך אַהערצו אַריבערגעקליבן מיט די בעבעכעס. עלטערע זענען געוואָרן הילפלאָז, ווי קינדער. הילפלאָז, נאַקעט און הויל. קינדער קליינע פאַרשטופּט מען דעם מויל עפּעס מיט אַזעלכע מיני

מאָדנע תירוצים, וואָס זיי האָבן קיין מאָל אין לעבן נישט געהערט. טאָ וואָס־זשע ענטפערט מען פאַרט די סלאָוועשנער מעשטשאַנעס וועגן אָוורוטש?

* * *

מיר האָבן היינט שפּעט געגעסן וואַרמעס. בוזי איז געווען אויף מיר אין כעס, פאַר וואָס מיר איז, פאַרשטייט זיך, געקומען. אין דער זעלבער צייט אָבער האָבן זיך צעשיינט אירע אויגן, ווי די זונען, און זי וואַרפט זיך מיר אַן אויסגעהונגערטע, פאַר אַ גאַנצן טאָג, אויפן האַלדז...

וואָס זאָגט איר? אַ גרויסע עדה איז איצט אין גלות, אַ עדה אַן אָפּגעגאַנגענע מיט בלוט. מיר איז עפּעס נישט שיין, און טאַקע ניין! איך וועל זיך אפשר איצטער מיט בוזין נישט קושן!

אָוורוטשער יידן האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אונדזערע סלאָוועש־נער יידן קיין מאָל נישט פאַרגעסן... און זיי האָבן נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי וואָכן פאַרברענגען אָפּגעליידיקט סלאָוועשנע. ווער צו פוס און ווער מיט דער פור. פריער האָט מען געווען געשיקט שליחים. יחידים האָבן בסוד זיך געפרעגט אויף זייערע סעקרעטן*). די שליחים, די מער דרייסטע פון דער עדה האָבן שוין פון דער ערשטער שעה געוווינט אין צוויי שטעט — אין אָוורוטש און אין סלאָוועשנע. דערנאָך איז גאַנץ אָוורוטש אַרויס פון סלאָוועשנע און ס׳איז געוואָרן וועלוועלער ברויט.

איינציקע, איינציקע נאָר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. ווער ביי פריינד און ווער ביי נשאר־געלט. זיי האָבן מיאוסע זאַכן געזען פאַר זיך אין אָוורוטש. זיי ווילן נישט מער; האָבן זיי זיך ביז אַ צייט איינגעבירגערט ביי אונדז אין סלאָוועשנע.

בוזיס מומע פריידל מיט איר 13־יאָריקן יענקעלען זענען אויך געבליבן אין סלאָוועשנע. נאָר איר מאַן וווינט אין צוויי שטעט, דער

---

*) אין פאַרהוילענע ערטער דורך פאַרשידענע המצאות, פאַרמויערטע אָדער פאַרגראָבענע, גוטס.

הויכער אברהם־שמואל. ער וווינט אין אָוורוטש — אַ שטאָט און אין סלאָוועשנע — אַ שטאָט.

* * *

זינט איך לעב האָב איך פון בוזין באַקומען צוויי בריוועלעך, איינעם זייער אַ קליינינקן מיט איר שוועסטערל געשיקט, מיט רחלען. דאָס איז געווען נאָך איידער אַלע זאַכן. בוזיס פאַמיליע איז נאָך געווען אַן אַנדערע און מיינע אַן אַנדערע.

דאָס איז געווען דענסטמאָל, ווען איך האָב אָנגעמיטן בוזיס מאַמע און בוזין אַליין וועגן זייער אַן ערנסטן ענין, און איך האָב זיך צו זיי געבעטן פאַר אַן איידעם. אויף בוזין האָט זיך דענסטמאָל געדרייט דער שלייער נישט ווינציקער ווי אויף מיר, און זי איז טאַקע געווען גוט ברוגז, למאי האָב איך זי אַזוי פּלוצעם צוגעשטעלט צו דער וואַנט און מיט אַזאַ „פּרעסעריאַזנער" פּראַגע. זי האָט אָבער נישט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטן און מיר צוגעשיקט מיט רחלען אַ קוויטעלע. צוגעשיקט אויף העברעיש: „בוא אלינו היום בשעה השניה. בוזיק גען־מאַן" *). פון יענעם טאָג אָן איז דאָס מיר געוואָרן אַזוי גוט צו לעבן אויף דער וועלט. אַזוי גוט, אַז יעדערער מעג מיך, אָן דער קלענסטער מורא, אָנרופן נאַר און שוטה, און מיך וועט גאָר נישט אַרן.

* * *

מער האָט דער בריוו נישט באַטראָפן, ווי פינף ווערטער. און די חתימה צוויי. אַרום און אַרום — זיבן.

דעם צווייטן בריוו האָב איך שוין באַקומען אויף יידיש געשריבן. אַ ביסל אַ בייזן, וואָרום זי איז מן הסתם געווען געערעכט. אין אָוורוטש האָב איך אים באַקומען. די מאַמע חיהטשיק האָט מיר אים געווען אַליין געבראַכט צו פירן.

---

*) קום צו אונדז היינט צוויי אַ זייגער. בוזיק גען־מאַן.

„איך זאָל זיך למען השם און למען השם נישט שטעלן צו פּעטליורעס פּריזיוון, זי איז נישט מחויב צו זיין ערלעכער פון אַלעמען. אַלע באַהאַלטן זיך אויס און... נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע״.

וואָס האָט זיך נאָך אויפן סוף צוגעשריבן, אַז

„זי קושט מיך שטאַרק״.

פון וואָס ס׳איז מיר אויף מיין אינדערפריענדיקער פּריזיוודיקער אכסניה געוואָרן ליב, און איך האָב פּלוצעם דערפילט אַ פייערדיקן הויך אַרום מיין פּנים. אַזוי אין מיטן דרינען בין איך געשטאַנען לעבן אַ דאַוונענדיקן יידן, וואָס אין אַ געדיכטן טונקעלן טלית איינגעהילט, — ער איז אויך געווען גאַנצפריענדיק־אינדערפרעמד און איז אויך געווען אַ פּריזיוויניק.

זינט איך לעב האָב איך באַקומען צווי בריוו פון בוזין: איינעם אַ לשון־קודשן פון פינף ווערטער און איינעם אַ יידישן פון 15 ביז 29 ווערטער אוןביידע זענען זיי געווען אַזעלכע שטאַרקע, ווי זיבנאונפופציקער מיט ניינציקער געמישט, און אַזעלכע גוטע, אַז אין משך פון אַ צייט נאָך אַנאַנד האָסטו זיי געפילט...

— ווי קלערט איר? איך האָב שכל געהאַט אויסבאַהאַלטן אָט אַ־די צווי בריוו בוזיס?

* * *

אַז אַלצדינג איז אָבער אַ חלום שבחלום — קען איך דען איצט גלויבן, אַז איך בין געפאָרן צו פּעטליורען צום פּריזיוו, און פּעטליורעס דאָקטאָר (אָדער אפשר איז עס געווען פּונקט אַ גוטער דאָקטאָר) האָט מיך געבראַ־קעוועט? און איך בין געקומען מיט נאָך פורן צוריק אַהיים, און אין מיטן טאָג?

בוזין האָב איך געטראָפן ביי מיין טאַטן אין שטוב, ווי אַ יונגע עגונה — אָן עגונה אָן 5 מינוט. און דענסטמאָל איז ביי אונדז געווען עפּעס אַ יום־טוב אין דער וואָכן. און בוזי איז, ווי אַ ציגעלע, מיר געשפרונגען אויף די אַקסלען און אויפן האַלדז (פאַרשטייט זיך, ווען מיינע לייט האָבן נישט געזען).

ס׳גלויבט זיך מיר אָבער נישט, אַז דאָס בין איך געפאָרן צו פעטליורען צום פריזיוו און בין געקומען צוריק.

* * *

אַ צווייטן מאָל זענען אומגעפאָרן אונדזערע האַרבאַרעס צום קאָזיר־זירקאָ (אויך צו פעטליורען צום פריזיוו) און אויך קיין אָוורוטש.

עפּעס אַ יידל פון יענע אינסטרוקטאָרן האָט שכל געהאַט זיך צושאַרן צו די פעטליורעס און זיי עפּעס אָנעצהנען:

ער האָט זיי געעצהט, אַז זיי זאָלן צונויפרופן די „שקירניקעס״ פון שטאָט און פון אַרום, זאָלן זיי צושטעלן שטיוול פאַר דער ר׳עגולערער אַרמיי.

* * *

צוויי בעלי־עגלות האָבן געפירט אונדזערע האַרבאַרעס קיין אָוורוטש. און אַ גאַנץ וועג, ווו אַ דאָרף, שטעלן זיי זיך צו און עצהנען זיך פון דאָס ביי:

„פאָרן צי נישט פאָרן?״

איינער גיט אויף, עטלעכע הערן זיך צו, און די איבעריקע שרייען אין איין קול:

„זאָל אייך גאָט היטן! אַז מיר וועלן נישט פאָרן, וועט מען קומען און מ׳וועט חרוב מאַכן סלאָוועשנע!״

די האַרבאַרעס זענען דינסטיק געפאָרן אַהין און מיטוואָך זענען זיי געווען אויף צוריק. דוכט זיך, וואָס? זיי זענען אָבער פאַר די צוויי טעג גראָ און אַלט געוואָרן, און מ׳האָט זיי דווקא נישט אָנגערירט:

„די שקירניקעס״ טאָר מען נישט טשעפּען!״

און די שקירניקעס זענען אויך געווען אין לייבן־גרוב... זיי האָבן געזען דעם קאָזיר־זירקאָ אַליין, אַ שוואַרץ־לאָקיקער, אַ גרויסער, אַ שיינער און אַ העלד!

ס׳האָט זיי געוואָרפן אַ צאָן און אַ צאָן, די שקירניקעס, און מ׳האָט זיי איבערגעגעבן צום יידל. דאָס יידל האָט זיי אומגעפירט אין פּלוצעם אוקראַיניש־געוואָרענע אַנשטאַלטן. דאָרט האָט מען מיט די שקירניקעס

גערעדט אויף אוקראַיניש און געשריבן אַן אָפּמאַך, און די שקירניקעס זאָל מען אָבער נישט וואַגן אָנרירן.

אונדזערע שקירניקעס האָבן סוף־כל־סוף פאַר די אַנדערהאַלבן מעת־לעת קיין סך נישט געזען. — זיי האָבן נאָר געזען „אים" און „זיי".

וואָס נאָך האָבן זיי געזען?

יידישע צעמעקטע, פינצטערע פּנימער; טויטע גאַסן, ווי אין אַ וויסטער חגא, און צוגעשטילטע, צעביילטע הייזער.

זיי האָבן געזען, ווי מ'שלאָגט שוין 5 מאָל געשלאָגענע יידן, און אַ גערדיכטן פּחד האָבן זיי געזען, וואָס מ'קען אים אָנטאַפּן מיט די הענט. אַזוי אַחוץ דעם האָבן די שקירניקעס קיין איבעריקע זאַכן נישט געזען, און זיי האָט מען נישט געטאָרט טשעפּען אויך. יעדער רגע איז זיי אָבער סיי ווי איינגעפאַלן דער מאַמעס מילך, וואָס זיי האָבן אַ מאָל געזויגן. און דאָך זענען זיי פּאָרט פאַרפאָרן בשלום אַהיים.

די שקירניקעס, זעט איר, האָבן אַלע געהאַט אַ טראָפּנדל פרייד אין די קעשענעס, וואָס זיי האָבן עס געהאַלטן פאַרשטעלט, אַפילו זיך אַליין...

ווייל יעדער רגע האָט געשמעקט מיט ווידוי, מיט פריצייטיקן, קלעפּיקן טויט, און די האַרבאַרעס האָבן זיך דערוויל אַליין פון דער פרייד אָפּגעזאָגט ביז אַ צייט.

איצט מעג מען שוין דערציילן:

שמואליק האָט אויף טויט דערשראָקן דעם קאַזיר־זירקאָ.

איבער שמואליקן האָט מען אויפגעבורעט דאָס גאַנצע חיל, און די יידישע הייזער האָבן אויף אַ רגע אָפּגעאָטעמט.

שמואליק איז אַ ייד אַ צעפלויגענער. שמואליק איז אַ ייד אַ האָן.

שמואליק איז אַ ייד, וואָס האָט צוואַנציק יאָר געאַרבעט אין פרעמדע האַרבאַרניעס, איצט איז ער געפאָרן מיט זיינע געוועזענע באַלעבאַטים, ווי אַ זעלבסטשטענדיקער שקירניק.

שמואליק קען זיך נישט חתמענען. שמואליקן טראָגט דער קאָפּ נישט אויף קיין גרויסע זאַכן, זיצט ער איצט אויף איינער פון די צוויי פורן און פאַרשעלט זיך דאָס געביין.

„למאי איז ער געוואָרן אַליין אַ בעל־הבית?"

ער פאַרשעלט זיך דאָס געביין, ער איז צעפלויגן, און איין געדאַנק קלעפּט זיך נישט ביי אים צום צווייטן. די האַרבאַרעס האָבן פון אים געלאַכט, אים אונטערגערייצט פון דער גרינג, און שמואליקן האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן...

דאַרף נישט אויספּאַלן שמואליקן עפּענען אַ מויל און זיך צערעדן?

שיער וואָס ער וויינט נישט, אָבער ער רעדט!

און צו וועמען? צום קאָזיר־זירקאָ אַליין!

— אדוני, — זאָגט ער, — שיק אונדז וואָס גיכער אָפּ, מיר זאָלן כאָטש באַוויזן אַהיים פאַרפאַרן!

— וואָרום וואָס? — פרעגט דער קאָזיר, גרויסהערשעריש און אָפּ־געהאַקט.

— וואָרום מוזשיקעס מיט ביקסלעך האָבן אונדז באַגעגנט פאַרנדיק און האָבן אונדז געזאָגט, אַז זיי גייען אויף אָוורוטש, גייען זיי.

און ביי שמואליקן קלאַפּן די ציינער אין מויל.

אָבער דער קאָזיר־זירקאָ האָט זיך פאַרזיכטיק און גרויסמוטיק נאָך עפּעס דערפרעגט. דער קאָזיר־זירקאָ האָט זיך נישט געשעמט פאַר שמואליקס פור שקירניקעס און ס'האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט:

„נו, גוט, מירן זיי וויזן, אייערע מוזשיקעס".

אין דעם צווייטן צימער האָט דער קאָזיר עפּעס פאַראָרדנט, איז געוואָרן אַ גערודער. די אָנגעזויפטע האָבן אין מיטן דרינען געדאַרפט אויפהערן טאַפּן אין די יידישע לײדיקע, צעביילטע הייזער. געוויער האָט אָנגעהויבן קלינגען. און שמואליקס פור האָט מען געגעבן צוויי שומרים ביזן אַרויס פון שטאָט:

„די שקירניקעס זאָל מען נישט אָנרירן".

און יענע האָבן נעבעך פריער עפּעס, על־פּי־טעות, געוועזן אַרויס־געשלעפּט פון דער פור. האָבן זיי עס גיך אַריינגעלייגט אויף צוריק, און מ'פאָרט.

אפשר האָט טאָקע שמואליק באַגעגנט גויטשיקעס מיט ביקסן. און אפשר האָט זיך אים נאָר אויסגעדאַכט אַזעלכעס, נאָר איצט האָט ער זיך שוין נישט פאַרשאָלטן דעם געביין.

יידן האָבן פּונקט געהאַלטן צווישן מנחה און מעריב אין דעם קל־יזל, וואָס אַנטקעגן שאָסיי, ווען ביידע פורן זענען נאָענט אַהין צוגעפאָרן.

די שקירניקעס — זיי זענען געוואָרן גרוי פאַר איין מעת לעת, אָבער נישקשה, זיי האָבן שוין וואָס צו דערציילן: כאָטש בסוד, כאָטש שטיל, כאָטש נישט דערזאָגטערהייט.

וויפל שטיוול האָבן זיי צוגעזאָגט געבן?

וויפל צען סלאָוועשנעס וועלן פאַר קיין צען יאָר נישט אויסאַרבעטן!

זעט איר שוין? מיין טאַטע איז אויך געפאָרן צו פּעטליורען צום פּריזיוו. אַהין פאָרנדיק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעם מיין פאָרפאַלקישן צימער. ער איז אַראָפּ פון פור און איז אַריין צו די קינדער זיך געזעגענען.

קומענדיק צוריק, זענען מיר שוין געווען ביי אים. זאָל דער טאַטע דערציילן, ווי האָט מען דאָרט די שקירניקעס באַגעגנט, און איידער מיר וועלן בלייבן ווייטער אויף אַ צייט ברוגז, לאָמיר כאָטש איצט אָפּטרינקען אין איינעם טיי.

* * *

מיט וואָס איז קאָזיר־זירקאָ אַוועקגעפאָרן פון אוורוטש? ער איז אַוועקגעפאָרן פון אָוורוטש מיט קאָלדרעס, מיט געוואַנטן, פון די לעצטע באַהעלטענישן אַרויס. מיט אָנגעפרעסענע פּיסקעס און עטוואָס דערשראָקן.

די באָלשעוויקעס גייען אויף אים פון מאָזיר.

טאָ וואָס האָט קאָזיר־זירקאָ געבעטן פאַרן אַוועקגאַנג?

זיינע שליחים זענען געקומען צו לויפן און האָבן איבערגעגעבן, אַז קאָזיר־זירקאָ האָט געבעטן — די שענסטע לייט פון שטאָט זאָלן אַרויס צו זיי צום באַן. ער דאַרף עפּעס זאָגן.

און צי די יידן זענען געגאַנגען?

יאָ, געגאַנגען, — דערפאַר פון שטאָט, די וואָגיקסטע האָבן גענומען אונטערפרישן איינער דעם אַנדערן און... ער וויל עפּעס זאָגן. און... מ׳מוז גיין. און... מ׳וויסט נאָך נישט, צי זיי פאָרן שוין אַוועק. און... מ׳קען אים נישט מבזה זיין — מ׳מוז אויסהערן „זיין" רעטש אויך!

60, 70, 100 מענטשן זענען אַוועק צום באַן עפּעס הערן. דער באַן אָבער האָט נאָך צייט, ער קען נאָך מיטן עולם שפּילן, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז:
טאָ זאָלן זיי דערווייל וואַשן די ווענט פון די וואַגאָנעס.
זאָלן זיי זינגען לידער פון ציון.
זאָלן זיי ווייזן די שטיוול —עמעצער פון זיי גייט דאָ נאָך, דוכט זיך, אין שטיוול, און...
זאָלן זיי פּאַטשן איינער דעם אַנדערן אין די באַקן, און...
דער פּאַראָוואָז פּייפט שוין, טאָ זאָלן זיי, די יידן, זיך אויסגלייכן און הערן — דער צוג גייט דאָך שוין אַוועק!...
הערן איז שוין געווען וואָס. ס'איז אַפילו געווען וואָס צו זען אויך (ווען ס'וואָלט מיט אַ מאָל נישט געוואָרן פינצטער אין די אויגן): דולעס פון ביקסן, רעוואָלווערן, שאָסן־קנאַקן, רויך און בלוט.
אפשר זענען זיי שוין אַלע געווען אויסגעקערט מיט די נאַקנס צום לויפן, — פּיס אָבער האָבן זיי געהאַט קורצע.
דער באַן איז געפאָרן, ווי אַ פּאַבריטשנע מאַשין, און האָט געקאָסעט און נישט געלייגט אין קיין גארבן, נאָר גלייך אין סטויג אַריין.
דער באַן איז אַוועקגעפאָרן, און אַפילו קיין איין אויסגעפּוצטן פּעט־ליוראָוועץ נישט איבערגעלאָזן אויף קיין רפואה. און אין אַ האַלבער שעה אַרום ערשט איז די שטאָט געלאָפן געוואַ־ער ווערן: —
„פאַר וואָס קומען נישט די שטאָטסלייט אַזוי לאַנג? פאַר וואָס האָט מען געהערט אַזוי לאַנג שיסן, און דער באַן האָט געפייפט (ס'איז דאָך אין גאַנצן אַ וויאָרסט פון שטאָט). אפשר אַ נייע מלחמה? נו, יאָ, — — — — —
אַ שעה האָט געווערט דערקענען.
לעבעדיקע האָבן פרישע, נאָך וואַרעמע פריינד געדאַרפט דערקענען. יעדער נאָך־וואַרעמער פּאַרבלוטיקטער קערפּער איז געווען אָפּגעשלעפּט אין אַ זייט, אַ הייפל לעבעדיקע פון ווייב און קינד, פון שוועסטער און ברידער האָבן זיך אַנידערגעזעצט באַהיילן זייער אומגעריכטן וואַרעמען קרבן, הייפעלעך, הייפעלעך זענען צוגעקומען מיט צעגרוילטע לייבער, מיט פלוצלעכע צעבויטעטע אויגן. אין דער גיך געוואָרפן, געדערקענט, געפונען, — און זיך אַנידערגעזעצט אָפּריכטן די יללה. אָט פּונקט, ווי

נאָך דעם וואָלטן זיי געגאַנגען אַהער שוין פון פריער צוגעגרייטע, אָדער ווי ס'וואָלט, אפשר, געווען פון פריער אַזאַ מנהג. אַ פאָלקטאָג אַזאַ, וועלכן מ'דאַרף אָפּריכטן און קלאָגן: הייפל און הייפל — און איר קרבן, הייפל און הייפל — און איר אומפאַרצוימטער גרווילנדיקער בת־קול.

באַפּעטיקט אַ פעלד מיט בלוט, און מ'ווייסט נישט ווער איז דער בעל־הבית פון דעם חלק ערד.

און אַנטקעגן האָט זיך אַ נפשל פון אַן אַנדער פאָלק — אַ באָרוועס שיקסעלע פון די אייזנבאַנער — זיך אַרויסגעדראַפּעט אויף אַ פלויט און צוגעזאָטן געוואָרן: זי האָט עפּעס געזען, אויף עפּעס געקוקט און די אויגן אָפּרייסן נישט געקענט.

„פערציק אַן איינעם" — האָט דערנאָך אין אַ צייט אַ יונגערמאַן אַריינגעשריבן אין אַ בלאַט.

אַ פאַרשטעקטע, אַ הילפלאָזע מצבה:

„40 אַן איינעם".

אָבער נאָך איידער מ'האָט געוווסט קלאָר דעם חשבון „וויפל?", איז שוין אָוורוטש ווידער אַ מאָל געלאָפן:

קיין נאַרינסק, קיין וועלעדניק, קיין סלאָוועשנע... און נאָך — וווהין די אויגן האָבן געטראָגן.

געלאָפן איז מען איצט, כאָטש קיינער האָט נישט געטריבן, — קאַזיר־זירקאָ איז שוין געווען ווייט; און היימישע שכנים האָבן שוין נישט געהאַט צוליב וואָס יענעם שרעקן. — ווייל הייזער זענען שוין נישט געווען קיין הייזער, גאָר ליידיקע צעביילטע חורבות; אַ שטאָט — אַ חורבה.

לויפן זיך יידן און יידעלעך. און שכנים כאַפּן זיך אַרויס אויף דער שוועל און צום טויער אַ קוק טאָן.

ווער ס'קוקט מיט רחמנות און ווער מיט הוילן נייגער אויף עמעצנס גאַליקן בייז־וווּנדער.

# 7. צוריק קיין סלאָוועשנע

אוורוטשעווער יידן נישט־פאַרגינערס לאַכן, אַז צו סלאָוועשנע וועט דער רוח אַליין נישט צושטיין. פאַרגינערס אָבער זאָגן, אַז סלאָוועשנע איז ארץ־ישראל. און זיי זענען צופרידן... און קיין אָוורוטשעווער זענען שוין ביי אונדז וויטער נישטאָ. חוץ די, וואָס ווינען אין צווי שטעט; זענען זיי טאַקע צופרידן, וואָס סלאָוועשנע איז, אָן עין־הרע, ארץ־ישראל.

...אָבער פון דער וועלט נייסן הערן מיר ביטערע: אין פּראָסקוראָוו, — דערציילן די, וואָס לייענען די בלעטער, — אין פּראָסקוראָוו 3000 יידן צעהרגעט.

— וואָס איז עפּעס נאָר יידן?

— און דריי טויזנט?!

אָ, דריי טויזנט איז עפּעס צו אַ האַמעטנע ציפער. ווי אַ טויבער זעץ מיט אַ קלאַץ אין מוח אַריין: דריי טויזנט! און אַלץ זיי — די פאַרפלוכטע פּעטליוראָוועצעס! דאָ, ביי אונדז, הערט מען שוין פון זיי נישט קיין זכר, און דאָרטן בושעווען זיי נאָך. — דאָ איז שוין ביי אונדז אַ שטיק באָלשעוויקעס אַרום־און־אַרום. כאָטש ביי אונדז אין שטעטל איז נאָך נישטאָ קיינער פון דער וולאַסט.

יידן עסן פעטע קוגלען — סיי די קעפּ, סיי דער קלענערער עולם. פון אַרום־און־אַרום זענען מיר איין שטיק באָלשעוויקעס־לאַנד. פאַר באָלשע־וויקעס דאַרף זיך לעבן יידן גוט. און אָט האָט זיך שוין ביי אונדז געעפנט אַ סאָיוז מיט אַ קלוב: פון אָוורוטש וועט מען אונדז צושיקן אינסטרוקטאָרן! אָבער וואָס נאָך? אין ראַדאָמישלע און אַרום הערט מען עפּעס אַ סאָקאָלאָוו־קען. „דריי הונדערט יידן, — זאָגט מען, — אין ראַדאָמישלע צעשניטן". ראַדאָמישלע איז פון דאַנען נישט אַזוי ווייט — 120—150 וויאָרסט, און פון ברוסילאָוו הערט מען, און פון טשערנאָבל. פע! עפּעס פּירט זיך אויף דער וועלט זייער פּאַסקודנע! סטרוק, סאָקאָלאָווסקי, און ווייטער אַ מאָל

סטרוק, און וויטער סאָקאָלאָווסקי, און עפּעס אַ זעליאָנע, און גריגאָריעוו. „אין סלאָוועשנע, פאַר הונדערטערליי, הערט מען נישט אַזעלכעס". די ווייבער נאָר, די ווייבער, וואָס גייען אַרום איבער די דערפער, האָבן אָפּט צרות. פאַראַן שלעכטע גויים, וואָס האָבן ליב זיך אַ רייץ טון.

— וואָס, דו האָסט זיך גאָר נישט מורא, ביילאַ, אַרומגיין איבער די דערפער?

אַ צווייטע גויע דערציילט, אַז 5 סאָקאָלאָווצעס זענען געקומען הייסן און אַנריידן, אַז מ׳זאָל דאָ אויך טון אַזוי מיט די יידן, ווי מ׳טוט ביי לייטן! — נאָר דער דאָרף האָט געענטפערט, אַז היגע יידן זענען ניט אַזעלכע. די היגע יידן זענען אַנדערע!

ס׳איז שקר־וכזב! דערווייל דאַרפן די דאָרפסגייער טראָגן אויף זיך די אחריות פון אַ גאַנצער שטאָט מיט יידן!... דערווייל ליידן די דאָרפס־גייער חרפּה, ווייל יעדער, אַפילו גוטער וואָרט טוט אַ שטאָך, ווי מיט אַ נאָדל!... אָבער ס׳איז זיכער ליגן! וואָרום ווי קומען אַהער סאָקאָלאָווצעס? דאָס איז איינס. והשנית, האָט שוין אָוורוטש אָפּגעפּאָקט, און פון דאָנען זענען זיכער אַלע צרות אַוועק!...

* * *

...שאול מיט אשרן, בוזיקס ברידער, זענען שוין אַ קאָרג יאָר נישטאָ אין דער היים.

פאַר וואָס?

פאַר גאָרנישט!

זיי קנעלן ערגעץ אין אַ דאָרף הינטער אָלעווסק. און דאָרטן זענען די פּאָליאַקן, אָדער ווער! פאַר זיבעציק וויאָרסט פון אונדז זענען אשרקע מיט שאולן — און זיי זענען שוין אין אַן אַנדער מלוכה. ווען־ניט־ווען טראָגט עמעצער דורך אַ קאָנטראַבאַנדע פון פּוילן צו די באָלשעוויקעס, ברענגט אַ צענטער אויך אַ בריוול, אין היטל איינגענייט.

און ביי אונדז אין סלאָוועשנע איז זומער. אָבער טאָקע ליבער זומער. און דער מאַמע אונדזערער איז אין אַנדערע פּרטים אַ ים בעסער ווי פריער. מיר האָבן דאָך אַ בהמה — די שוואַרצע בהמה — (אָ, די מאַמע דערציילט זיך אָן אַ סך חכמות פון איר), און יאָסעלע, רחלע מיט מלכן פאַרזוכן אַלע טאָג מילך!...

אין דרויסן איז ביי אונדז שבועות, און אונדז איז גוט ווי דער וועלט. אומעטום באַקן זיך בלינצעס. אַנדערע בלינצעס וועלן זיך „באָדן" אין פּוטער, אַנדערע וועט מען „טונקען" אין פּוטער, די איבעריקע וועלן נאָר „ליגן" לעם פּוטער. אָבער בלינצעס זענען אין גאַר דער שטאָט: יעדער הויף לאָזט אַרויס אַ בהמהלע, און יעדער קוימען לאָזט אַ רויך פון בלינצעס. מיין קליינע מאַלפּע איז היינט אויך זייער פאַרנומען — דער שלייער דרייט זיך אויף איר. אָבער ביי טאָג, ווען די יינגלעך וועלן זיין פריי פון דאַווענען און די מיידלעך — פון קאָכן וואַרמעס, ביי טאָג, ווען אַלע וועלן אָפּעסן די בלינצעס, גיי איך מיט בוזין צו בתיהן אין קלוב אַריין. אין קלוב האָבן מיר אַרבעט. די יינגלעך קלייבן זיך אַהין געדרן, און דאָרט וועלן מיר לייענען, און דאָרט איז עפּעס דאָ מיטן עולם וועגן וואָס צו רעדן. כאָטש בוזי זאָגט, אַז אין ועד איז אַ סך טומלדיקער. און כאָטש שטאָט איז סיי ווי באַשמעקט מיט בלינצעס פון עק ביז עק, און שטאָט איז מיט זיך יום־טוב־צייט מוראדיק צופרידן — מ'שמעלצט זיך אַזש פאַר נחת.

* * *

יעדער ווייסט, אַז זומער פאַרמאָגט אַ חודש תמוז. אָבער סוף סיון איז שוין אויך גוט וואַרעם, און ביי די האַרבאַרעס אויף די הויפן טריקנט זיך שוין קאָרע. ווער ס'האָט הנאה פון שיינע טעפּיכער אונטער די פיס, ווער פון באַגאָלדעטע כלים, און האַרבאַרעס קווען אָן פון פרישער קאָרע, ווען זי טריקנט זיך אין הויף. אָי, פרישע קאָרע שמעקט זיי בעסער פון לעקעך, טרוקענע פעל — בעסער פון געבראָטנס, און דזשעגעכץ בעסער פון עפּל־וויין. און ס'מאַכט נישט אויס — אַז ס'איז דאָ קאָרע, פעל, קאַלך און דזשעגעכץ, איז דאָ לעקעך, געבראָטנס, פעטע קוגלען און געוואַרעמטער בראָנפן. יאָ, אונדזערע האַרבאַרעס טריקענען איצט קאָרע איבער די הויפן, ביי טאָג — צעבונדן די גאַרבן און אויסגעשפרייט אַנטקעגן דער זון, פאַר נאַכט — צונויפגעבונדן און אין סטאָס אַריין. טרעפט זיך אַ כמאַרע — טאָ כאַפּ, וואַרף אַוועק אַלע אַרבעטן און לייג צונויף, טראָג צונויף די קאָרע אונטער אַ דאַך!

אַזוי בין איך אַרומגעגאַנגען מיט יהושען, כ׳האָב געהאַט אַ פּרייע „אינסטרוקטאָרסקע״ שעה. פּלוצעם זענען אַוועק שליחים נאָך מיר איבער דער גאַנצער שטאָט: ס׳האָט זיך אָנגעכמאַרעט און ס׳ליגט אַ הויף מיט קאָרע!

מיך קוים אָפּגעזוכט און אַוועקגערופן.

אין דער היים איז שוין די מאַמע בייז געשטימט. די קינדער, די אַרבעטער, שכנישע קינדער: מ׳טראָגט קאָרע! ווער מיט אַ שטריק, ווער מיט אַ האַנטעך און ווער גאָר אין די הענט! אומעטום טראָגט מען זי: אין הויז פון שטוב, אונטערן קעסל, אין שטאַל צו די בהמות, — צום פערד און אונטערן שאָפּע... מ׳דאַרף אַרויסראַטעווען די קאָרע פון דעם רעגן!

ביי מיין מאַמען האָב איך שוין דאָס מאָל גאָרנישט אויסגענומען: „איך גיי אַרום און שפּאַציר, און ביי איר וועט באַלד אָפּגענעצט ווערן אַ הויף מיט קאָרע!״.

ביי וועמען — היי, ביי וועמען — תבואה, און ביי די האַרבאַרעס — קאָרע. ס׳ווערט אַ גאַנצער טראַסק!

* * *

בוזי האָט מיך איבערגעפרעגט:

— וואָס איז דאָרטן געווען פאַר אַ טראַסק, אין האַרבאַרניע, וואָס מ׳איז דיך דריי מאָל געקומען זוכן?

און איך האָב איר דערציילט:

— דער טאַטע איז נישטאָ אין דער היים, אַ הויף מיט קאָרע האָט דאָרט געזאָלט פאַרנעצט ווערן...

און דאָס איבעריקע ווייסט זי שוין אַליין, בוזי, אַז די מאַמע קען נישט פאַרשטיין, וואָס הייסט איך פיל זיך נישט מעשה בעל־הבית ביי איר אין דער היים? און ס׳אַרט מיך נישט פאַר דעם, וואָס ביי זיי קומט פאַר אויפן זאַוואָד?

„וועמען דאַרף אַרן, אַז נישט מיך?״

און צווייטנס:

„וועמען וועט עס אַריינקומען איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, אַז נישט מיר?״

יאָ, בוזי ווייסט שוין דער מאַמעס טענות. און אין דרויסן ביי אונדז איז סוף סיון. סלאָוועשנע איז פול מיט זון און מיט זעט, אין סלאָוועשנע איז נאָר אַ מאַנגל אין זאַלץ. דאָס יאָ, זאַלץ, מ׳שטיינס געזאָגט, איז פּלוצעם געוואָרן אַ סחורה. זאַלץ האָט מען אויפגעהערט האַלטן אין פּעסלעך און מ׳האַלט זי אין זעק. און דאָס — באַהאַלטן. אויבן־אויף אויב מ׳האַלט, איז אין טאָרבעלעך... דער אָרעמער עולם, דער עיקר פּויערים, האָבן זיך וואָס צו מוטשען איבער דער פאַרשאַלטענער זאַלץ. פון די דריי אומגייענדיקע מטבעות: געלט, זאַלץ און קאָרן, איז זאַלץ געוואָרן דער גרעסטער מיוחס. די ווייבער אין די דערפער אַריין האָבן אָנגעהויבן טראָגן ווינציקער טעפּ און מערער זאַלץ.

„אין דאָרף פאַר זאַלץ וועסטו קריגן אַלץ!"

„האָסטו נאָר אַ פודל זאַלץ אין שטוב, וועסטו שוין האָבן פון אַלדאָס גוטס אין שטוב!"...

אין אַ מאַרקטאָג צווישן די וועגן טראָגן אַרום די ווייבער נישט קיין טיכעלעך געלט, ווי אַ מאָל, נאָר טאָרבעלעך זאַלץ.

— וואָס ווילסטו פאַר דעם האָן?

— אַ פונט.

— פאַר דעם דייזשקעלע?

— אַ האַלב פונט.

— פאַר דעם וואָגן האָלץ?

— צוויי פונט.

— פאַר דעם וואָגן היי?

— 6 פונט.

— אַ מאָדנע וועלט! זיצסטו אין שטוב, האָט זי נאָך אַ פּנים פון אַ וועלט, אין מאַרק אָבער איז די וועלט אַן איבערגעקערטע!

אַ פּויער ברענגט צו שלעפּן אַ וואָגן האָלץ, ווי אַ שטויג. ער מיט די חיות האָבן אויף דעם געהאָרעוועט אַ מעת לעת. און צוריק פירט ער אין אַ טאָרבעלע אויפן דנאָ אַ ביסעלע קויטיקע זאַלץ. און אויב געמאָלענע, האָבן שוין זי די פּויערים אויסגעפּרוווט — זי איז נישט געזאַלצן! ווייזט אויס, געמישט אויף דער האַלב מיט קרייד אָדער מיט מעל.

יאָ, ס׳זענען פאַראַן היינט בעלנים אויף קאַרגן אַ פונטל.
מער פאַלשקייט ביי זאַלץ היינט, ווי ביי זייד.

גיי, דערצייל זיי, אַז מ׳טאָר נישט פעלשן קיין פונטל, אַז מ׳טאָר נישט באַשווינדלען קיין פויערשע מי. נישטאָ קיין זאַלץ — איז אַלעמענס צרה! אָבער באַשווינדלען יענעם אין זיין הונגער — איז נישט שיין!

פאַראַן אָבער ווייבער, — אלמנות און אַזוי יונגע־לייט אָן פרנסה, — קומט ביי זיי אויס, אַז זיי האָט גאָט אַליין דערלויבט געבן דריי אַכטל פאַר אַ פונט. איין מאָל איז דאָס פּיקוח־נפש, און צווייטנס — „אַן אַנדער ברירה האָבן זיי?״

יאָ, אַ הונגער אויף זאַלץ — און אַן עק! כאַטש נישט ביי אַלעמען:

באַלעבאַטים יידן און באַלעבאַטים פויערים האָבן אין שטוב צו פולדעך זאַלץ. יידן האָבן פון זייער מסחר אָדער מלאכה, און פויערים האָבן פאַר פּורגעלט, וואָס קרעמער שיקן זיי אין נסיעהס. פון אָרעמע יידנס וועגן אָבער און פון אָרעמע פויערימס וועגן איז מער נישט אַראָפּגעשיקט געוואָרן, ווי ניין פוד אויף דער גאַנצער וועלט. און זיי דאַרפן זיך קריגן חיונה דערפון. דאַרפן האַנדלען צווישן זיך און זיך אַמפּערן, דאַרפן זיך קריגן, זיך טיילן און זיך דינגען; פאַרזוכן אָבער — ניין! סיידן אויפן שפּיץ מעסער. אַזוי די יידן, אַזוי די גוים. קיין ברויט זאַלצט מען אין גאַנצן נישט. געקעכטס — עטוואָס! אַ קינד קען אַ מאָל אָפּכאַפּן די אמתע באָד, אויב מ׳דערכאַפּט אים ביי דעם זעקעלע זאַלץ. יאָ, אויף זאַלץ איז ביי אונדז אַ הונגער — און אַן עק!

אויף די פּריזבעס וועט איר הערן רעדן פון זאַלץ, שבת נאָכן שלאָף, — פון זאַלץ. מ׳לייט איינער ביים אַנדערן, מ׳צאָלט חובות — מיט זאַלץ. דער שבת־גוי גייט נישט אַנדערש, נאָר פאַר זאַלץ, אַ שעה און אַ שעה — און מ׳רעדט שוין וועגן נדן פון זאַלץ.

דרייסיק פוד זאַלץ — נדן!
אַ פוד זאַלץ נדן!

אָבער אַזעלכעס הערט מען נישט ביי אונדז, אַזעלכעס הערט מען אין די דערפער וואָס צווישן אונדז און פוילן. דאָרט האָט זיך פאַרפירט אַ גרויסע

קאָנטראַבאַנדע. דאָרט באַקן זיך שידוכים אויפן טויט. צאָלט מען טאַקע דאָרט נדן מיט סאַכאַרין, מיט פאַרב און מיט זאַלץ.

און ביי אונדז איז סוף סיון אין שטעטל. אין דרויסן — ליבער זומער, די גערטנער זאָגן פיל צו. נאָר טאַקע וויטער — חוץ די אוגערקעס. יענע וועלן היינטיקס יאָר נישט האָבן קיין גוטן סוף.

— ?

— ס׳וועט נישט זיין מיט וואָס צו זאַלצן.

דערפאַר איז היינט גערעטעניש אויף ווינשל: אַ וואָך און אַ וואָך וועט מען אין סלאָוועשנע האַטען גרעבלעס מיט ווינשל.

* * *

...זאָגן אַז מיר לעבט זיך גוט — איז ווינציק. זינט איך לעב — האָב איך נאָך אַזאַ גוטס נישט פאַרמאָגט! און בעסער — זאָגט מען — האָט קיין שיער נישט.

נעמען נעמט זיך עס פון דעם, וואָס אַ מיידעלע וואַרט אויף מיר אַלע טאָג אין שטוב, ווען איך גיי אַהיים פון דער אַרבעט. און אויך פון דעם, וואָס איך אַרבעט שווער, איך פאַרדין אָרנטלעך, און מיר עסן אויף זיס.

בוזי פאַרשטייט נאָך, ווייזט אויס, נישט דעם עיקר־שכל פון דער זאַך. דאָס הייסט — ס׳אַרט זי נישט, וואָס איך בין אַ בעל־מלאכה, אַ מענטש ביי יענעם. נאָר די גבירים, — זאָגט זי, — די גבירים דערוואַרגן זיך אויך נישט מיט קיין קניש! — זי זאָגט אָפּ אַ מאָל אַזאַ ווערטל און צעלאַכט זיך הילכיק און קלינגענדיק.

אַ־האַ! איר געלעכטער איז ביי מיר ווערט אַ סך!

און זי איז טאַקע בפרטער און בפרטער גערעכט. אין האַרצן ווייס איך אָבער, אַז זי פאַרשטייט נישט קלאָר די ריכטיקייט פון דעם ענין. זי האָט זיך, ווייזט אויס, נישט דערקלערט צו דעם, ס׳אַ גרויסער פאַרברעכן עס איז — ווערן רייך פון פרעמדער האָרעוואַניע. אַז זי וועט זיך דערטראַכטן צו דעם, וועט זי אָבער אַליין זען, אַז ס׳איז אַ סך בעסער אַרבעטן ביי יענעם — אפילו גאַנצע האַלבע מעת לעתן נישט האָבן אויף זיך צו שאַפן — ווי זיין אַ גביר און זויגן פרעמד בלוט.

מיין מאַמע, אונטער אַ יום־טוב, אַז זי ווינטשט מיר: — לחיים, מיין

זון! גאָט זאָל העלפֿן, דו זאָלסט זײַן אַ בעל־הבית און האַלטן אַליין מענטשן, — ווייסט זי נישט, אַז ס׳וואָלט מיר געווען אַ סך ניחא׳ער, זי זאָל מיר שוין גאָרנישט ניט ווינטשן. כאָטש מײַן מאַמע איז בײַ מיר אַזוי טײַער, אַז נאָך יעדער גוט וואָרט נאָך אירן בין איך גרייט גיין דרײַסיק וויאָרסט צו פֿוס.

איצט איז מיר אין דעם זין אויך בעסער, איצטער אַרבעט איך, קען מען זאָגן, נישט בײַ קיין בעל־הבית. איך אַרבעט בײַ אַן אַרבעטער — בײַ הערשל יאָנטלס. ער איז נישט לאַנג געקומען פֿון חו״ל. האָט ער אויפֿגעקליבן זײַן געזינד, זיך באַזעצט אין אַ דירהלע אַרום דעם פּעטער זלמן און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן: ער ענדיקט אַרויס סחורה פֿאַר פּעטריקאָווער סוחרים. גרויסע פֿאָדריאַדן סחורה ענדיקט ער זיי אַרויס. און ער וווינט אַ שטוב לעם אַ שטוב מיטן פּעטער זלמנען. דאָרטן האָט ער אַ גרויסע שטאַל, ווו מיר אַרבעטן, אויפֿן פּעטער זלמנס פּליִטן טריקענען מיר טאַקע די סחורה בײַם גלעטן און בײַם שוואַרצן.

איצט לעבט זיך האַרבאַרעס בכלל גוט. סטאָליאַרעס, מלמדים, מולי־אַרעס, קרעמער־ייִנגלעך און אַפֿילו בעלי־עגלות, — אַלע האָבן זיך אַוועק־געלאָזן אין די האַרבאַרניעס אַרײַן, די האַרבאַרעס האָבן היינט אַרבעט און האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך נעם שוין גוטע פּרײַזן, ווײַל איך אַרבעט אין טרוקענעם ווערקשטאַט און קען גוט אויסקאָנטשן אַ יוכט.

גוט לעבט זיך מיר, וואָס מ׳דאַרף נישט בעסער. אַפֿילו דעם פּעטער זלמנען מיט דער סיוועער באָרד שעם איך זיך אויך נישט און זאָג אים אויס, אַז מיר איז גוט, און שטענדיק, ווען איך גיי אַהיים פֿון דער אַרבעט, בין איך אָנגעלאַדן מיט אינעווייניקסטער פֿרייד: אין דער היים איז ריין און שיין, אין דער היים איז בוזי, און אין דער היים זענען פֿאַראַן אַ פּאָר ביכלעך.

ווען לייען איך ביכלעך, פֿרעגט איר?

פֿאַר טאָג. ווען בוזי שלאָפֿט נאָך.

און אַ האַלבע שעה פֿאַר איר אויפֿשטיין בין איך שוין צוריק לעם איר.

דענסטמאָל הייבט זי זיך אָן אויפֿוואַכן. זי איז פֿריש, ווי אַ קינד, זי איז צעפּעסטעט, ווי אַ בלום אין גאָרטן, און דאָ הייבט זי אָן מיט פֿאַר־שלאָפֿענע אויגן און וואַרעמע נאַקעטע הענט מיך זוכן, צי ס׳האָט זיך בײַ

איר נישט געטראָפֿן קיין גנבה, צי איך לייען דאָרט נישט „די ביכלעך" און גאַנץ פרי — ווינטערביים לאָמפּ און זומער ביים פענצטער.

ניין, איך לייען נישט! איך בין דאָ אין איינער וועש אויף אונדזער ווייסער בעט דאָ, לעם איר. און דענסטמאָל נעמט זי זיך ערשט פרייען, ווי אַ קינד, מיט מיין גלייכער נאָז, מיט מיינע ברעמען, זי דרייט מיר די אויערן און וועקט מיך אויף צוכלומרשט.

מיך דאַרף בוזי לאַנג נישט וועקן. איך בין אַלע רגע גרייט זי ליב האָבן, איר אויסקושן יעדער אבר. יעדער נעגעלע אירס אויסקושן! אַ טייער קינד איז זי ביי מיר, אַ פריש, אַ בליענדיקס, זי צעעפֿנט אויף מיר אירע אויסגעשלאָפֿענע אויגן, זי זשמורעט זיך און לאַכט. זייער שפּעט וואָלטן מיר שוין געטרונקען ציקאָריע, ווען איך דאַרף נישט גיין צו הערשקען, צו די פּעטריקאָווער יוכטן, אויף אַנטאָנאָוויטשער גאַס. אָבער סיי ווי איז מיר אַלץ באַשאָטן מיט חן. אַפילו די אַנטאָנאָוויטשער גאַס, אַפילו די פּעטרי־קאָווער יוכטן און אַפילו... אַפילו דעם הינטישן קלימס איינִיקלעך פונעם עלטערן זון, דעם פּעטער זלמנס שכן, וואָס פון יענער זייט פענצטער. פאַר וואָס דעם „הינטישן" — וועט איר מן־הסתם שפּעטער וויסן...

* * *

יאָסעלע מיט מלכן קומען אָפּט צו מיר מיט שטאָפּעטן... אָבער דער עיקר שפּילט זיך יאָסעלע אין די גרענעצן פון מיין טאַטנס „גיטער". דאָרט האָט ער, איין מאָל, הערשלען פאַר אַ חברל; דאָרט זעט ער אַ סך נייס פאַר זיך: אַ פערד מיט אַ וואָגן, אַ האַרבאַרניע מיט ביטן, מיט גריבער און מיט אַ סך „נאַסע פעל": די אַרבעטער שאָבן די „פעל". די אַרבעטער טוען אים אָפּט אַ שרעק: צי וויל ער זיך נישט באָדן אין ביט?

ניין, ער וויל נישט! — און ער כאַפּט און אַנטלויפט פון האַרבאַרניע.

אין שאָפּע קלאַפּט דאָרט דוב, דער פערד דרייט זיך אַרום־און־אַרום דער מאַשין מיט פאַרבונדענע אויגן און שלעפּט די ראָד. דאָרט דאַרף מען זיך היטן, דער קאָפּ זאָל זיך נישט פאַרדרייען, מ'זאָל נישט אונטערפאַלן אונטער דער ראָד, און דער פערד זאָל דיר נישט פאַרטרעטן קיין פוס.

און טאָמער אַ האָר אין דער זייט — שרייט ער אָן, דער אַלטער נפתלי. שרייט אָן, אַז ס׳איז סכנות!

וואָס נאָך איז דאָ אין הויף? — צוויי ברונעמס, און מ׳שלעפּט פון דאָרט הונדערטער עמער וואַסער — און פּליוך אין קאָרעטע אַריין! ווייטער ליגט אויסגעשפּרייט דוב און טריקנט זיך. אַ סך זעט ער, יאָסעלע, ביים מחותן אין הויף. נאָר ווען איז אים די האַרבאַרגיע גאָר צום טעם — ווען ער האָט עפּעס מיט הערשלען אַליין אָן אַרבעט, נישט נאָר קוקן, ווי יענער טוט. אַזוי האָבן זיי איין מאָל אויסגעבאָדן דער מומעס קליין קעצעלע אין קעסל. זיי האָבן דעם נישט געמיינט, חלילה, קיין שלעכטס, דעם קעצעלע, זיי האָבן עס נאָר אויסגעבאָדן אין קעסל, און נאָך עס געקלערט אויסצוואָגן. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן עס אַרויפגעלייגט אויף דער פריזבע, ס׳זאָל זיך אַ ביסעלע אויסטריקענען, האָט עס שוין מער נישט געקענט לעבן, דאָס קעצעלע.

די יאָטן האָבן זיך אַפילו גענומען צום האַרצן פון ׳אַזאַ שפּיל, אָבער גלייך איז אויסגעוואַקסן אַן אַנדער שפּיל אין אַ נויטווענדיקייט: צונויפרופן אַ פּאָר יינגלעך, מאַכן אַ לוויה און באַגראָבן דאָס קעצעלע!...

ווייטער האָבן זיי געהאַט צו טון מיטן אויסגעשפּאַנטן וואָגן, האָבן זיך געביטן צווישן זיך מיט פּענעס. אָן קיין אַרבעט האָט נישט אויסגעפעלט.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זייער שיין אויפגענומען יאָסעלען און רחלען — „דער מחותנתטעס קינדער". און יאָסעלע מיט רחלען — איז נישט געווען דער טאָג, זיי זאָלן זיך נישט שפּילן ביים „מחותן" אין הויף. און דאָרט איז דאָך אַ הויף פול מיט מחיה און מיט אַלדאָס גוטס. איצט שיט מען דאָרט אָן ווײַנשל אין די בוטלעס. גאַנצע עמער ווײַנשל ברענגען די דערפער פּאָר פעל אויסאַרבעטן. זיי האָבן ליב מיין טאַטן, די גוים, ער מאַכט זיי אויס גוט די פעל. ער בייט זיי קיין מאָל נישט אונטער, און זיי פאַרגינען מיין טאַטן די עמער ווײַנשל. היינט איז אַ גערעטעניש אויף ווײַנשל. איצט שיט מען אָן די ווײַנשל מיט צוקער, אַנדערע ווײַנשל קערלט מען אויף פרעגלען, און יאָסעלע מיט הערשלען זיצן דערווייל אין אַ ווינקעלע שטילערהייט און שפּילן זיך. יאָסעלע פאַרהערט זיך די לידער, וואָס ער קען. און לייִדער קען ער אַ סך: ער קען „מאַרסעליעזע", און ער

קען „עוד לא אבדה" און „ס'אינטערנאַציאָנאַלאָם", און נאָך, ווי „ס'גלאַנצן די שווערדן אויף דער זון..." פּלוצעם דערמאָנט זיך די מאַמע און שלאָגט איבער אין מיטן דעם פֿאַרהערן. פֿריער האָט זי זיך אַ ישוב געטון מיט די קינדער, און דערנאָך אַ רוף געטון יאָסעלען.

— יאָסעלע, רחלע, קומט נאָר אַהער!... גייט, זאָל בוזי קומען מיט אייזיקן, זאָלן זיי ברענגען כלים און אָננעמען וויינשל אויף פֿרעגלען. שוין זאָלן זיי קומען!

און רחלע איז אַ קינד אַ שטיפֿעריין, פֿרעגט זי:

— וואָס עפּעס מיט אייזיקן? און אַליין אַז זי וועט קומען?...

די מחותנתטע מיט די קינדער האָבן זיך צעלאַכט, און רחלע האָט זיך פּלוצעם פֿאַרשעמט פֿאַר איר אַרויספֿאַר.

— געמרעכט, געמרעכט, — פֿאַרוויכט שוין די מאַמע דעם גרייז — געמרעכט. זאָלן זיי אָבער קומען, די קינדער, און אָננעמען וויינשל, וועלן מיר פֿרעגלען אין אייגעם.

יאָסעלע האָט געמוזט אויפֿהערן זיך פֿאַרהערן, און צוויי פֿאָר באָרוועסע פּיסלעך, יאָסעלע און רחלע, האָבן זיך אויסגעסטרויעט אין אַ שטאַפּעט: גיין רופֿן די קינדער, זיי זאָלן אָננעמען ביי דער מחותנתטע וויינשל.

יאָסעלע גיט איבער אָרנטלעך, ווי גאָט האָט געהייסן, און רחלע לאַכט און שטיפֿט. אויפֿן „כייש" רעדט זי, זי איז אַ גרויסע שטיפֿערין:

— גייט שוין, גייט שוין! — שטופּט זי אונדז, — נעמט אָן ביי דער מחותנתטע וויינשל!...

די יאָטן כאַפּן ביי אונדז אַ נאַש פֿון וואָס ס'איז נאָר דאָ און זיי ישובען זיך, צי האָבן זיי נאָך צייט גיין צוריק צו דער „מחותנתטע" זיך שפּילן.

* * *

דער נייער נאַטשאַלניק מיליציע — צי ער איז אַ ווילער גוי? ווייזט אויס, אַז זייער אַ ווילער!

ערשטנס, האָט ער לעם זיך פֿינף מיליציאָנערן, אַלע היגע, מיר קענען זיי ביי די נעמען. אַפֿילו טימוך לוכטאַנס (אָט דער הויכער, שיינער סאָלדאַט,

מאַרקעס ברודער) איז אויך אין מיליציע. און צווייטנס, איז ער מיט אַלע אונדזערע גויים אַ גוטער־ברודער, ער האַלט מיט זיי אין איין רעדן, אין איין סודען זיך. מאַרקאָ און קלימס זון (אַ קורצער, ווי דער טאַטע זיינער, אַ כיטרער, אַ פֿאַרזעעניש, אַ געלערנטער: ער האָט געענדיקט אַ שול פֿון בײדע קלאַסן, אַ פֿאַרשוין פֿון 20 יאָר, און איז אַ שרייבערל אין וואָלאָסט), אַפּילו מאַרקאָ מיט קלימס זון זענען אָפֿטע איינגייערס אַהין.

ער האָט, ווייזט אויס, ליב די יידן אויך, דער נאַטשאַלניק מיליציע אונדזערער, ער האָט דאָ אַנומלטן באַשטעלט אַ וועטשערע ביי אַ יידן (דער „וואָיט" רופֿט מען אים, דעם יידן, ביי אונדז. מסתמא איז דאָ פֿאַר וואָס). ער איז אונדזער בעל־הבית אַ שכן, דער „וואָיט", האָט מען ביי בוזין געליגן אַהין אונדזערע גאָפּלען מיט די לעפֿל.

ווייטער איז דער נאַטשאַלניק אַרומגעגאַנגען אין איינעם אַ טאָג (דינסטיק איז דאָס געווען, אויף מאָרגן נאָך דער וועטשערע) איבער די האַרבאַרניעס. אָבער ס'איז גאָר געווען אַ טעות, וואָס מ'האָט געקלערט, אַז ער גייט מאַכן פּראָטאָקאָלן פֿאַר „טשיסטאָטאַ". ניין, עס הויבט זיך גאָרנישט אָן! — אַזוי זיך. ער איז אַ פֿרישער מענטש, איז ער זיך אַרומגעגאַנגען מיט אַ מיליציאָנער איבער די האַרבאַרניעס אין אַ מיטן זומערדיקן טאָג. ער וויל זיך באַקענען מיטן שטעטל.

— וויפֿל, — פֿרעגט ער, — קענען פֿאַרוועגן אָט די אַלע יוכטן, וואָס טריקענען זיך אָפּ דאָ אויף די רעשטונקעס?

— איך וויס? אַ קלייניקייט! — ענטפֿערט דער בעל־הבית מיט די פֿאַרקאַטשעטע אַרבל און אין דעם לעדערנעם פֿאַרטוך. — אַנטקעגן וואָס פֿרעגט איר דאָס, פֿאַניע חבר?

— אַזוי זיך, — ענטפֿערט ער גוטמוטיק, — אַ מענטש דאַרף אַלצדינג וויסן אין זיין לעבן. ס'קען אים אַ מאָל צו נוץ קומען.

אַ בריה אַ פֿאַרשווינדל, דער נאַטשאַלניק אונדזערער! ער גייט זיך וואָכעדיק אָנגעטון און גאָר אָן געווער, נאָר מיט אַ שטעקעלע אין האַנט.

— נאָך וואָס האָט ער עס געקענט אַרומגיין אַרום אַלע האַרבאַרניעס? — פֿרעגט אונדזער יונגע באַלעבאָסטע.

איז דער בעל־הבית נישט צופֿרידן, וואָס זי פֿרעגט, און ער שרייט אויס:

— הייב זיך אָן מיט ווייבער! אפשר וואָלסטו אים געגאַנגען פרעגן?

און אים אַליין, דעם נאַר, איז דווקא אויך נישט אַזוי גוט אויפן האַרצן. „טאַקע אין דער אמתן, נאָך וואָס איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די האַר־באַרניס, אָט דער נאַטשאַלניק?"

— דו ווייסט וואָס? — מאַכט ער צו דער ווייב, — מ'דאַרף אים אָפּקאָנטשען אַ דינעם בוקאַט און אַוועקטראָגן!...

און ס'איז אים „שוין" אין דער זעלבער רגע געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן.

— ווו וווינט ער, דער נאַטשאַלניק, ווו וווינט ער עס?

— וואָס איז, איר ווייסט נישט ווו? אין מאַרק. ביי פייגלען אברהם־בערס אין דער דירה!...

* * *

שוין אַ וואָכן פיר, אַז מיר האָבן אים, דעם נאַטשאַלניק. האָט ער זיך זיין מיליציע אין מאַרק, טאַקע ביי פייגל אברהם־בערס אין דער נייער הילצערנער דירה.

ס'איז געוועזן אַ טאָג אַזאַ מין, דינסטיק (ס'איז טאַקע דער זעלבער דינסטיק, ווען דער נאַטשאַלניק איז אַרומגעגאַנגען איבער די האַרבאַרניעס), אַ שיינער, אַ פיינער, אַ ציכטיקער, אַ ליכטיקער דינסטיק: וואָס דאַרף מען מער? אַ זומערדיקער!... און מיט אַלע טשאַקן! — גערשטן וועט זיך שוין באַלד שניידן אויף די פעלדער. סוניצעס מיט מאַלינעס האָט מען שוין אָפּגעגעסן. איצט עסט מען שוין ווינשל אויפן פולן מויל, און אויף עלטערע יידן דערקענט מען, אַז זיי פאַסטן. יאָ, ס'איז דאָך טאַקע היינט אַ תענית: זיבעצן טאָג אין תמוז...

אַ האַלבער טאָג אַרבעט איז שוין ביי מיר פון יענער זייט פלייצעס. די הענט זענען פאַרפעטיקט פון בליאַקירן, די פינגער ברעכן. נאַר ס'מאַכט נישט אויס — אַזוי איז דאָך שטענדיק, אַז מ'אַרבעט. און אין דער היים האָב איך נאָך געטראָפן אַ גוטע ידיעה. דעם עולם איז פריילעך, די מאַמע חיהטשיק איז היינט נישט געגאַנגען אין דאָרף!

— וואָס איז?

— ס׳האָבן זיך דורכגעריסן בריוו פון אַמעריקע!

— אײַ־אײַ־אײַ־אײַ!

— אַ נו, ווייזט נאָר!

— טאַקע פון יואליקן אַ פּאַק מיט בריוו!

ס׳דאַרף מיר ווערן פריילעך, אַז — נו! אין אַכט וואָכן אַרום האָבן מיר שוין פון אים די אמתע צופרידענע בריוו!... אַ שאָד נאָר, וואָס אשר מיט שאולן זענען ווייט.

— און נאָך „אַמעריקאַנקעס" פרייען זיך היינט?

— יאָ, יאָ! נאָך „אַמעריקאַנקעס".

אָ־האָ! איך ווער פריילעך.

נאָר אין שטוב דערקענען זיי, מיינע לייט, אַז איך בין גאָר נישט פריילעך. טאָ וואָס איז? טאָ וואָס האָט זיך, למשל נאַפרימער, געקענט טרעפן.

* * *

אָבער מיר אויפן האַרצן איז גוט פאַסקודנע... יאָ... מ׳רעדט אין שטעטל פון אַ... פּאָגראָם.

— אַלע בייזע וויסטע חלומות צום גלחס קאָפּ!

* * *

ביי בוזין האָבן זיך אָנגעפּוישט די לאָקן, דער פּנים האָט זיך איבערגע־ביטן, און די מאַמע איז אַרויס אין גאַס עפּעס הערן.

מיין בעזדעטנע באַלעבאָסטע איז ווי אַ דאַרע בייזע קוואָטשקע אַריין, נישט קוקנדיק אויף קיינעם מיט אירע קליינע, בייזע אויגעלעך אינעם קיילעכדיקן, פאַר דער צייט צעקנייטשטן פּנים. אַ מאָדנעם עלנטן אויסזען האָט זי פּלוצים באַקומען, מיין באַלעבאָסטע.

...אייגנטלעך, ווייסט מען דאָך פון גאָרנישט, נאָר רעדן רעדט מען פון אַ פּאָגראָם.

גיי גיב אַ זאָג אונדזערן אַ יידן — פּאָגראָם! וועט ער דיך פרעגן, מיט וואָס מ׳עסט עס.

סלאָוועשנע האָט, הלוואי אויף ווייטער, פון אַזעלכע צרות נישט געוווּסט. יאָ, נו, אָבער מ׳ווייסט נאָך נישט אויף געוויס.

* * *

אין גאַס שטייען תעניתדיקע רעדלעך מיט אמת־פאַרדרייטע קעפּ: און מאָדנע! — יידן זענען געוואָרן אַזוי, ווי ס׳האָט זיך פון זיי פלוצעם אָפּגעטון דער מענטשלעכער שאָטן.

ס׳זענען דאָך שוין דאָ געווען אָוורוטשער יידן „נאָך" אַ פּאָגראָם, זענען זיי נישט געווען אַזוי אָפּגעלאָזן, ווי אונדזערע „פאַר"! איידער מ׳ווייסט נאָך פון עפּעס — וואָס צו זאָגן.

אין גאַס, אין אַ רעדל:

— פון וואָס זאָל זיך נעמען אין מיטן דרינען אַ פּאָגראָם?

— ווער ווייסט?

— וואָס הייסט — ווער? מ׳ווייסט שוין פון שבת אָן!

— גאָרנישט ווייסט מען נישט! אַז ס׳איז אָנגעקומען די ווּיסטע בשורה פון די „קניגעס"! דער גלח זאָל איבערגעבן די „קניגעס" מיט די „מעטרי־קעס" אין „סאָיוז" אַריין!... זענען זיי זייער אַריין אין דער רציחה.

— אין וועלכן „סאָיוז"?

— אַי, אין וועלכן — אין שמעלכן! אַ ייד שטעלט זיך דיר אַוועק פרעגן קשיות!...

אין אַ צווייטן רעדל:

— איך גיי ערשט פון אים, פון דעם קובלינעץ.

— נו??

— ער זאָגט... ער זאָגט, ס׳איז נישטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבן, ס׳איז גאָרנישט מיט גאָרנישט.

— אפשר איז עס טאַקע אַן אויסגעקלערטע זאַך?

— גיי ווייס!...

אין אַן אַנדער רעדל:

— שווער צו וויסן, נעכטן איז ביי מיר געווען מיינער אַ שכן... טאַקע אַ כפרה מיינע. ס׳זאָל געווען עפּעס זיין, וואָלט ער דערציילט.

— צי דען־זשע הערט מען שדים אַרום אונדז?

— סאָקאָלאָוצעס, באַרימען זיי זיך פאַר די ווייבער אין דאָרף. זיי ווילן זעען אין אונדז שלעכטס.

אַ גוי גייט דורך. מ׳ווערט אַנטשוויגן, מ׳וואָלט נאָר אויף אים עפּעס וועלן דערקענען אויפן גוי, וואָס איז אָט־אָ דורכגעגאַנגען.

— ניין, שפּייט זיך אויס! אין סלאָוועשנע איז קיין מאָל חלילה גאָרנישט געווען און ס׳וועט נישט זיין!...

— ר׳ יענקל, מאַכט זיך נישט צורעכט! וואָס מיינט איר איז סלאָוועשנע, וואָס מיינט איר? איר האָט אַרויסגענומען אַ וועקסל ביי גאָט?

* * *

אין די רעדלעך שטייען נאָר מאַנסבילן, די ווייבער זענען פאַרנומען. זיי האָבן אַפילו אויפגעהערט קאָכן וואָס צום אָפּפּאַסטן. די ווייבער האָבן גענומען דערווייל אויפפּאַקעווען זאַכן — שמאַכן, לעפל, בעכערס, אַלץ פאַר־שטופּן ערגעץ, פאַרשטעקן — זאָל נישט שטיין פאַר די אויגן.

בוזי האָט מיך אויך אַרויפגעשטופּט אויפן בוידעם. מיר האָבן זיך אַ קאָרזינע מיט אַנטון, האָבן מיר זיך. און מיר האָבן זיך אַ סאַמאָוואַר פון דרשה־געשאַנק, וואָס איז גרעסער פון אונדז ביידן...

די באַלעבאָסטע — נישטאָ מרדכי אין דער היים, איז איר אַ סך ערגער די צייט. אַזוי ווי ער וואָלט פאַרפעלן אויף אַ גרויסן ערב־יום־טוב.

ניין, שטענדיק צו ערב־פּסח, צו ערב־יום־טוב שטעלט ער זיך צו מיט אַ פּאָר טעג פריער.

— אויסגעריסן זאָל ער ווערן! —

אומגערן איז ביי איר אַרויסגעפלויגן אַ קללה, כאָטש זי איז נישט שולדיק. ביי איר איז שטענדיק אַ שעלטנדיקער געמיט:

„צי איך וועל זיך שוין מטריח זיין און אַרויפשלעפּן אויפן בוידעם אירע זאַכן אויך?״

— אַך! פאַר וואָס דען נישט?

איז פּערענעס און קישנס, איז טעפּלעך, אַ סאַמאָוואַר, אַן אַלטער ספר. אַ טישטעך מיט אַנטון און וואָס נישט?

בוזי אומגעדולדיקט. בוזי האָט אַ פראַגע:

די קאָלדרע (מיר האָבן נאָך איינע אַזאַ), די קאָלדרע — אפשר אַוועקטראָגן זי אַהין, צו ברוך־אייזיקן אין שטאַל?"

מיט ברוך־אייזיקס שטאַל זענען מיר אַ ביסל פריינד. איין מאָל סיי ווי, און צווייטנס — פאַר אונדזער שוואַרצער.

— וואָס זאָגסטו, בוזי? די קאָלדרע אַהין? מ׳קען אַהין!

די בלעכן אויפן בוידעמל באַקן מיט תמוז, איך זע אויס דורך די בוידעם־פענצטערלעך די באָד און האַנעטשקע דער רביניצעס הויף מיט אירע בהמות. וואָס נאָך זע איך אויס? נאָר ניין, ס׳איז אפשר נישט שיין קוקן דורכן בוידעם מיטן שפינגעוועבס. דאָס יאָ, איך בין דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן דאָ אויפן בוידעם. נו, גוט. איצט מעג איך שוין צעוואַשן די הענט און עסן מיט בוזין וואַרמעס. יאָ, מ׳וואָלט געמעגט פון אַזעלכעס, נאָר די באַלעבאָסטע אינטערעסירט זיך וויסן, צי איך האָב נישט פאַרשטעקט אירע זאַכן ווינציקער געטריי ווי מיינע?

— אָ, ניין, ניין, באַלעבאָסטע. — און מיר איז אַ שאָד, וואָס איך קען זי נישט אַרויפשלעפּן אויפן בוידעם, איך זאָל איר דאָס אַלץ ווייזן...

דערווייל איז אַ גויע אַריין אין קיך (און מיר האָבן נאָך פריער אָפּ־גערעדט, אַז עמעצער וועט אַריין, אַפילו אַ ייד, זאָל איך דאָרטן זיין אַ ביסל שטילער אויפן בוידעם). וואָס וויל זי, אָט די גויע? — אַ לעק זאַלץ!

— נאָ דיר אַ לעק זאַלץ און גיי!

און דער גויע איז עפּעס אַ חידוש, וואָס מיין באַלעבאָסטע איז אַזוי איילנדיק און פאַרשמאַיעט, ווי פאַר אַ חתונה.

...נו, יאָ, אַלץ איז באַוואָרנט. בוזי גיסט מיר אויף. זי לאַכט, וואָס איך בין אויסגעשמירט, ווי אַ שמאַראָוואַז, ווי אַ גאַטס געזעגנס. איך לאַך אויך. און ביי מיר זענען שוין טאַקע די הענט ריין. און אויב עסן, טאָ זאָל זיין געגעסן!

* * *

וואָס מענטשן זענען! פאַר איין שעה געוויינט מען זיך צו צו זאַכן. אונדז איז שוין גרינגער! סיי ווי ווייסן מיר דאָך נישט, אויף וואָס מיר

וואַרטן. ביי אונדז זענען דאָך נאָך קיין מאָל נישט געווען קיין פּאָגראָמען! און אפשר איז טאַקע די גאַנצע מעשה אַ ליגן?

* * *

צי כ'וועל גיין איצטער צו הערשקען אַרבעטן?

ניין, כ'וועל נישט גיין. אלא אַ אינסטרוקטאָר איז געקומען צו פאָרן! „טאָ־יעסט" — אויף אַ שעה דאַרף מען צוגיין, טאָמער דאַרף מען די סחורה ערגעץ פאַרלייגן, צי וואָס.

— ווּעסטו באַלד קומען?

— יאָ, גיי אין ערגעץ נישט אַוועק, איך וועל באַלד קומען.

* * *

אויב ס'זאָל טאַקע אין אמתן דאַרפן זיין אַ גרויסער יום־טוב אין שטאָט, איז אַ שאָד, וואָס מ'האָט נישט געוווּסט און מ'האָט זיך נישט צוגעגרייט. אַ סך יידן זענען נישטאָ אין דער היים. איצט איז ערשט דינסטיק — און יידן, וואָס גייען אַרום אין די דערפער, בעלי־מלאכות, וואָס נייען אין די דערפער, און בראַקאַרעס, וואָס אין די נאָענטע וועלדער אַרום — זיי קומען אויף שבת!... וואָס נאָך? — צי האָבן אַלע גויים אָפּגענומען ביי צייטנס זייערע סחורות ביי די יידישע בעלי־מלאכות? ביי די שניידערס, ביי די שוסטערס, ביי די שמידן, ביי די האַרבאַרעס? כאָטש ס'האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, און אין שטאָט זאָגט מען, אַז ס'וועט גאָרנישט זיין, — דאָס איז איינס. און צווייטנס, האָט מען אָפּגערעדט מיטן נאַטשאַלניק מיליציע, און צוואַנציק יונגע־לייט וועלן אַרומגיין ביי נאַכט איבערן שטעטל. ס'איז טאַקע זיין עצה, דעם נאַטשאַלניקס.

צי ער וועט געבן ביקסן?

ביקסן זענען אין מיליציע פאַראַן אַ סך, ער וועט זיי אפשר געבן ביקסן אויך!

* * *

פון הערשקען יאַנטלס זענען מיר אַריין צו בוזיס מאַמע, און דערנאָך זענען מיר אַוועק צו מיינע לייט. — די מאַמע האָט מיך געשיקט רופן,

איך זאָל אָן תּירוצים קומען, מ׳דאַרף עפּעס העלפן דעם טאַטן. מיר איז נישט קיין נייס צו העלפן דעם טאַטן אין זיינע סעקרעטן. פון דער לכתּחילה בלאָזט ער זיך אויף מיר, און דערנאָך, אַז מיר אַרבעטן אָפּ איינע אַליין, אין צווייען, אַ מאָל אַ נאַכט, און אַ מאָל עטלעכע שעה, איז ער מיט מיר ווי צופרידן. צווישן די ציין טוט ער מיר אַ זאָג, איך זאָל נישט אַוועקגיין, אָט וועלן מיר אַריין אין שטוב און מיר וועלן איבערבייסן... יאָ, איצט גייען מיר אויך צום טאַטן. בוזין איז אומעטיק איצט אָן מיר, גייען מיר אין צווייען.

ביים טאַטן אַרבעט מען נאָך. אָבער אויך אַזוי, ווי אין אַ גרויסן ערב־יום־טוב: אפשר וועט חלילה, פאַר הונדערטערליי, אויסקומען עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד נישט אַרבעטן...

איך מיטן טאַטן האָבן מיר אַן אַרבעט — אין דער קאָרע צונויפלייגן אַ פּאָר מאות ווייסע און געקאַנטשעטע סחורה. טאָמער איז די קאָרע קיין שמירה נישט, איז אַ ביסל אויפן האַרבאַרניע־בוידעם צווישן שערסט און אַ ביסל אויפן שטוב־בוידעם. די שטוב־זאַכן מיטן אָנטון אויך אין „קאָרע־סעקרעט״.

— אפשר האָט מען באַדאַרפט אונדזערע זאַכן אויך אַהער ברענגען?

בוזין איז עס אַרויף אויפן געדאַנק:

— איך מיין, אַז ניין. — און בין דערווייל פאַרנומען מיטן טאַטן ביי די סעקרעטן.

— נאָר ווער דרייט זיך עס דאָ אַרום לעבן אונדז אין דער שטיל?

אָ! ס׳איז יאָסעלע מיט הערשעלן, זיי האָבן אויך וואָס צו באַהאַלטן (קיין פרעמדן וואָלט מען אַהער נישט געלאָזן). ס׳שטייט אַ שוועסטערל ביים ברונעם, פון דער ווייטנס, זי וואַשט אויף צו כלומרשט דאָס מילכיקע געפעס און זי גיט אַכטונג, צי קיינער ריפּעט זיך נישט אַרום דאָרטן, וווּ מיר אַרבעטן. אין אַלע האַרבאַרניעס שטייען, ווייזט אויס, מיידעלעך פון ווייטנס, באַזייט אויס, זיי טוען דאָרט אויף צו כלומרשט וואָס זיי טוען און גיבן אַכטונג, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַרומריפּען אַרום זייערע סעקרעטן, דאָרט ווו זיי אַרבעטן.

וואָס־זשע טוען דאָ יאָסעלע מיט הערשלען? וואָס באַהאַלטן זיי, פרעגט

איר? נו, צי דען פֿאַרשטייט איר נישט, אַז אַזעלכע לייט האָבן זיך זייער גוטס? הערשל האָט געבראַכט זיינע ביכלעך, יאָסעלע האָט געבראַכט אַ „רוסקאָיע סלאָוואָ, פּערוואַיאַ טשאַסט״. ווייטער, האָבן זיי אַ היפּש ביסל קנעפּלעך, בלעכלעך, קעסטעלעך פֿון שוועבעלעך, צוויי פֿויגלשע אייעלעך, אַ קאָמפּאַס, אַ זילבערנע קאָפּערטע פֿון אַ זייגער, אַ פּאָר פֿלעשלעך מיט גלעזלעך! נאָך אַ שווינדל־גלאָז, און אַן אייגל פֿון אַ בריל, חוץ די העפטן די פֿאַרשריבענע וואָס ווילט איר נאָך? גוטס איז דאָ, און באַהאַלטן איז אויך פֿאַראַן וווּ: נאָר וואָס? דאָ שטייען עלטערע. אַלע רגע קענען זיי אָנשרייען. דרייען זיי זיך טאַקע שטילערהייט ווי די גנבימלעך און קאָרפּען זייער אייגענעם סעקרעט אין דער קאָרע. אויב נישט, אויב מ׳וועט נישט וועלן ליידן, טאָ זאָל מען זיי אַריינלאָזן אינעם גרויסן סעקרעט.

פֿרעגט זיך נאָר אַ פֿראַגע, פֿאַר וואָס זענען די יאָטן נישט אין גאַנצן פֿריילעך? דאָס איז דאָך אַן אויסגעצייכנטע שפּיל! ווייס איך טאַקע נישט פֿאַר וואָס! און מיר זענען שוין טאַקע באַלד פֿאַרטיק מיט דער אַרבעט.

בוזי איז אין שטוב ביי דער מחותנתטע, ביי דער שוויגער — ביי מיין מאַמען. זי שטיפט פֿון דער גרינג, זי לאַכט. זי פֿאַרברענגט מיט מיינע שוועסטער.

* * *

וואָס פֿרעגט איר? צי מיר האָבן געטרונקען ביי דער מאַמע טיי מיט פֿרישן איינגעמאַכטס פֿון וויינשל? נו, יאָ, געוויס האָבן מיר געטרונקען ביי דער מאַמע טיי מיט פֿרישן איינגעמאַכטס פֿון וויינשל. בוזי איז דאָך אַזאַ אָנגעלייגטער גאַסט אין דער היים ביי מיר, און אַפֿילו איך בין דאָך אויך נישט אַבי ווער. בכלל דאַרפֿט איר וויסן, אַז דער טאַטע איז אַן ענגער שעה ווערט ער מיט אונדז שטאַרק גוט. אַז ער איז געפֿאָרן דענסטמאָל צו פּעטליורעס פּריזיוו (צום קאָזיר־זירקאָ) מיט די שקירניקעס, געדענקט איר דאָך מסתמא, אַז ער האָט צוגעשטעלט דעם בעל־עגלה לעבן אונדזער שטוב און איז אַראָפּגעלאָפֿן זיך געזעגענען מיט די קינדער. ער איז איצט אויך אַ סך ווייכער צו אונדז. בפֿרט אַז איך האָב נאָך מיט אים אָפּגעאַרבעט אַ שעה צוויי לעבן די סעקרעטן.

ביים טיי טרינקען איז אַריין די מאַמע חיהטשיק.

— אָ, — זאָגט בוזי, — די מאַמע!

און דער מחותן מיט דער מחותנסטע, — מיין טאַטע מיט מיין מאַמע — האָבן געמאַכט אַ וואָרע דער מחותנתטע — בוזיס מאַמע. און מיר זיצן און טרינקען טיי.

דער טאַטע פאַרענטפערט זיך, פאַר וואָס ער פאַסט נישט:

„היינטיקע מענטשן זענען שוואַכע, אַ תענית מוז מען אויסקויפן"!...

די מאַמע אָבער, מיינע און בוזיס, האָט קיין צייט נישט צו זיצן, די קינדער זענען אַליין אין דער היים.

„זי איז אַריין אומיסטן זיך אויסעצהנען, וואָס טוט מען מיט די גרויסע צוויי קינדער... — זי שמייכלט אויף אונדז ווייזנדיק, — צום סוף זענען מיר אַליין דאָ"!

— טאָ וואָס־זשע וויל זי זיך אויסעצהנען וועגן די גרויסע צוויי קינדער?

— אפשר זאָלן זיי היינט נישט נעכטיקן ביי זיך?...

— פאַר וואָס?

— כ'ווייס? וויל מ'רעדט...

„מיין" מאַמע האָט אָבער ליב צעפּלעכטן יענעם פון אומזיסטע שרעק און זי האַלט, אַז סלאָוועשנע האָט, חלילה, ביז איצט נישט געוווּסט פון אַזעלכע זאַכן, און מיר וועלן איצט אויך נישט וויסן פון קיין שלעכטס, חלילה! און ס'קומט אויס, אַז זי איז אַפילו גערעכט, אונדזער מאַמע.

האָט איר זיך אַזוי: צווישן מאַרקעס בערעזעס פאַרגייט יום־טובדיק די זון. אונדז איז אַיטלעכן פלוצעם געוואָרן גוט אויפן האַרצן, און אַרום דעם רויט־געפאַרבטן טיש אין דער גרויסער סטאָלאָווע זיצן מיר און טרינקען אַלע טיי מיט פרישן איינגעמאַכטס פון ווײַנשל, און אַזאַ טיי דערלאַנגט מען ביים טאַטן אין שטוב נאָר אונטער אַ יום־טוב, אָדער ווען ס'זענען דאָ אויסערגעוויינלעכע געסט.

אַזאַ טיי האָבן מיר געטרונקען אַ וואָך פאַר מיינע מיט בוזיס תנאים, איך מיט בוזין מיט דער מאַמע חיהטשיקן, נאָך דעם ווי גוטע לייט האָבן געפועלט ביים טאַטן, ער זאָל איינגיין אויפן שידוך און זאָל זיך פירן ווי

אַ מענטש. דענטסמאָל האָט דער טאַטע געפירט קלעצער פון ביילע־כינקען דעם סטאָליערס. אַנטקעגן ברוך־אייזיקן קומט עס אויס, און ער האָט מיר געזאָגט:

— גיי רוף אַרויס חיהטשיקן, די מאַמע בוזיקס.

די מאַמע האָט געווען אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די געוועגטענע טאַ־באַטשנע קליידל. זי איז אַרויס מיט אַ פלוצעמדיק האַרצקלאַפּעניש צום צוקונפטיקן מחותן, וואָס בונטעוועט זיך און פאַרשאַפט יסורים. דער טאַטע האָט זיך אויך אַ לעק דערשראָקן און ער האָט געזאָגט:

— גאָט העלף! — האָט ער געזאָגט — האָט קיין פאַריבל נישט, חיה־טשיק, וואָס כ׳בין אַליין נישט אַריין, איך האַלט אין מיטן דער אַרבעט... איר וואָלט אפשר קומען צו אונדז מיט אייער מיידל היינט אויף טיי, וואָלטן מיר זיך צונויפגערעדט וועגן זיי, וועגן די קינדער?...

די מאַמע האָט אַ קלער געטון אַ ווײַלע און האָט שטיל געענטפערט, אַז מ׳קען.

אָ־האָ! איך האָב יענעם טאָג געהאַט דאָס אמתע לויפעניש. אַהין און צוריק. און בוזין האָב איך געזאָגט:

— אַ דאגה, בוזי! וואָס אַרט דיך? מירן דאָרטן אָפּטרינקען טיי! אַזעלכע מענטשן זענען זיי שוין!

האָבן מיר עס דענסטמאָל געטרונקען אין איינעם ביים טאַטן טיי. און איצט אויך. פונקט אַ יאָר אין דרינען. דער חילוק איז נאָר, וואָס בוזי פילט זיך איצט אַ סך היימישער, די מאַמע אויך, און איך בין דערווייל זייער און זייער צופרידן.

און מיר גלויבן אַלע דער מאַמען, מיטן גאַנצן האַרצן גלויבן מיר איר, אַז סלאָוועשנע איז באַהיט פון שלעכטס... און מיר גייען יעדערער רו׳יק צו זיך אַהיים. און דער אָוונט איז אַ שטילער, די גאַסן זײַנען ליידיק, און דער אַרום איז פון דעסט וועגן אָנגעלאָדן מ׳ווייסט נישט צי מיט פוסטע צי מיט שטורעם־טראָגנדיקע דונערן.

## 8. מיטוואָך, דאָנערשטיק און פרייטיק

— וואָס זאָגסטו, בוזילע, ווען מיר לייגן זיך אַוועק און שלאָפן אַזוי איבער די נאַכט, אין דער פרי וואָלטן מיר אויפשטיין און ס׳וואָלט גאָרנישט געווען?

און בוזילע שאָקלט מיר צו מיטן קאָפּ, אַז זי איז מסכים.

— אָבער ווייסטו וואָס, מאָכטער? שלאָף אין דער בונדעלע אַזוי ווי דו גייסט. טו נאָר אויס די שיך מיט די זאָקן.

— און דו וועסט אויך שלאָפן אין דעם אָנטון?

— איך וועל אויך, מיין קינד, איך וועל נאָר אויסטון דאָס רעקל און די שיך.

— טאָ מעג מען פאַרלעשן דעם לאָמפּ?

— יאָ, מ׳מעג.

און מיר פאַרלעשן. און ס׳איז אונדז גוט, מיר מיט בוזין, ביי אונדז אין שטוב. און ס׳קען זיין, אַז מאָרגן וועט גאָר קיין יום־טוב נישט זיין און איך וועל דאַרפן, ווי אַלע טעג, גיין גאַנץ פרי צו הערשקען אויף דער אַרבעט... און וועגן פּאָגראָמען ווייס איך דאָך סיי ווי אַזוי ווינציק! אַ מאָל נאָר, אַז כ׳בין געווען אַ קינד. (ווייזט אויס, אין פינפטן יאָר איז עס געווען), האָט זיך מיר געווען איין מאָל געחלומט, אַז ס׳איז ביי אונדז אַ פּאָגראָם: ס׳איז ווינטער, די קרעמער האָבן זיך אַריינגעבויט ווייסע, אינעווייניקסטע טירן, און די קרעמערס ווייבער פון יענער זייט טירן שטייען פאַרמאַסקירטע מיט רעוואָלווערן אין די הענט און זיי קענען שיסן... אין מיטן מאַרק איז עס, ס׳איז ווינטער. און דער פּלאַץ איז פול מיט פאַרפרוירענע בלוטיקע האָרבעס... פול — אויף נישט דורכצוגיין. פאַרבלוטיקטע זענען זיי, די האָר־בעס, און פון גאָלע בלוט אויפגעפרוירן. ווייזט אויס, ס׳איז געווען אַ גרויסער פּאָגראָם. איך איינער אַליין דריי זיך אַרום אין דער גרויסער נאַכט און קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן פון צווישן די בלוטיקע בערגלעך... אין דער

היים דאָרט שטייט דער טאַטע מיט פלעשער אָליעם און וויל נישט צולאָזן טימוכן מיט פּאַוולען, פאַר וואָס זיי ווילן אויף אונדז מאַכן אַ פּאָגראָם...

ס'איז אַ ליכטיקע נאַכט. ס'איז ווינטער. און די אימה שפּרייט זיך פון הימל ביז דער ערד!... — אַז כ'האָב זיך דענטסמאָל אויפגעכאַפּט איז געווען אַ כמאַרנער פרימאָרגן, און אין דרויסן איז געפאַלן אַ גרויסער, קאָלאָשמאַטער שניי. כ'האָב זיך דענטסמאָל אַבי ווי אַזוי אָפּגעחיהעט פון דעם חלום און ס'איז מיר געווען צוריק גוט.

— מאָרגן, בוזילע, וועלן מיר אפשר אויפשטיין אַזוי ווי נאָך אַ בייזן חלום. אַבי נאָר איבערשלאָפן די נאַכט

— ווען? מאָרגן אין דער פרי?

— יאָ, מאָרגן אין דער פרי. נו, שלאָף, מיין קינד.

— טאָ שלאָף־זשע אויך!

און דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשן, און אין צימער איז גוט, נאָר פון די מחשבות זיך אַ ביסל אַרומטרייבן — און אַ גוטע נאַכט!

* * *

...איך האָב זיך אויפגעכאַפּט דער ערשטער. איך האָב געמיינט, אַז ס'איז אַ רעגן — אַ דערקיטשלעווער רעגן אין דרויסן. די מאַשינקע פון די דונערן איז עפּעס קאַליע געוואָרן, און ס'דונערט עפּעס אַזוי נישט געראָטן!... אָבער ניין! איך הער געשרייען, און לאָמען קלאַפּן ערגעץ איבער בלעכן, און מ'שיסט אויך.

— בוזילע, טאַטער, שטיי אויף, שטיי אויף, אָט אַזוי!

— וואָס איז? וואָס איז, האַ?

— ס'איז גאָרנישט, טאַטער, ס'גאָרנישט. טו זיך נאָר אָן, נאַ דיר אָט־אָ די זאָקן. שטעק אַרויף די שיך, מיר דאַרפן ערגעץ גיין.

און בוזילע פאָלגט מיך, איך בעט זי נאָר, זי זאָל זיך נישט איילן, ס'זאָל ביי איר נישט פאַלן פון די הענט.

די באַלעבאָסטע שוין אַן אָנגעטונענע, אַ דערשראָקענע און אַ פאַר־שטומטע, ברעכט די פינגער, אַזוי ווי אין אַ נאָענטער אין מיטן־ביינאַכ־טיקער שריפה, און מיר גייען.

— מ׳דאַרף, — זאָג איך, — לויפן מיט די גערטענער אין שיניצע אַריין, אונדזערע קערן דאָרט שלאָפן און נישט וויסן פון גאָרנישט.

— דורך וואַנען־זשע וועלן מיר גיין?

— אָט־אָ דורך די גערטנער.

און מיר זענען אַוועק, זיך אַבי ווי אַזוי אויסדרייען פונעם אַל דאָס בייז. איבערן ברונעם זענען מיר אַריבער אין ערשטן גאָרטן. מיר גייען און וועקן מיט נישט געהיטע טריט אַלץ, וואָס וואַקסט דאָ אַרום. איך האָב דאָ אָנגעטראָטן אויף אַ הודינע פון אַ אַרבוזע. פאַרפאַלן! די געוויקסן זענען אָנגעטרונקען פול און פול מיט טוי... מיר קריכן איבערן צווייטן פלויט. אַ גאָרטן אין אַ גאָרטן. ביי בוזין קלאַפּן די ציין אין מויל, אפשר פון קעלט און אפשר פון פלוצעמדיקייט און פון מורא. מיר זענען אַריין אין הויכע קאָנאָפּליעס, זיי זענען אונדז ביזן האַלדז. צוויי קינדער, גלייכן מיר זיך אויסעט צווישן די קאָנאָפּליעס און מיר זענען זיך פאַרשטעלט פון דער גאַנצער וועלט.

פון דעסט וועגן גייען מיר און מיר מאַכן אַ סך גרייזן. מ׳דאַרף זיך דאָך היטן, ניט אויפוועקן די הינט פון די נאָענטע הויפן, כאָטש מיר הערן, ווי הינט איילן שוין דאָרט ווייט אין יענעם עק שטאָט. דאָרט הינטער אונדז קלינגען העק און לאָמעס, דאָרט קלינגען קולות, דאַכט זיך, אַז מענטשישע. אפשר גייט דאָרט אַ געוועט? אפשר רייסט מען דאָרט שווערע שטיינער פון דער ערד?

„ווער פריער?" „ווער גיכער?"

דאָרט איז ליכטיק און דאָרט הערן זיך הורא־געשרייען.

— וווהין איז, בוזילע? מיר גייען דאָך אויפוועקן אונדזערע לייט!

— נו, גוט, לאָמיר גיין.

. און אָט זענען מיר ביי מיין טאַטנס שטוב. אין מיטן ביי נאַכט, צוויי פאַרבלאָנדזשעטע קינדער. האָבן מיר דאָרט טאַקע פונקט קיינעם נישט געטראָפן. און דורך וואַנען זענען זיי אַרויסגעקראָכן?

וואָס איז, איר ווייסט נישט דורך וואַנען? אָט־אָ דורכן פענצטער אַהין, צו דער שיניצע צו און איבערגעלאָזן אַזאַ געטרייע שטוב אויף זידלערײַ און אויף הפקר.

— נו, קום, מיין קינד.

און מיר גייען אַרויף צו דער שיניצע צו.

און דאָרט דערהערן מיר שטילע שטימען. אָבער מ׳דאַרף זיך קיין מורא נישט האָבן — ס׳איז יידישע. זיי רעדן שטיל, זיי שושקען זיך צווישן זיך — אַ טשערעדע געגנדז, אַ צופּוזשעטע אין מיטן נאַכט. מ׳גייט, מ׳לופעט מיט די אויגן, מ׳איז אויפגעבורעט, מ׳זוכט זיך אַן אָרט אויף זיך צוטוליען.

בוזין איז געוואָרן פריילעכער. מיר האָבן זיך צוגעשלאָגן צו דער סטאַדע.

— דאָס זענט איר, כינע?

— יאָ, און ווער זענט איר? אָ, ס׳איז אייזיק. און וווּ איז בוזי?

— אָט איז זי דאָך!

— יאָ, גערעכט, אָט איז זי טאַקע. נו? ס׳איז אַ קלאָג צו די יאָר אַוודאי! וווּ גייט מען און וווּ טוט מען זיך אַהין? אין אַזאַ שריפה?...

— און וואָס טוט זיך דאָרט אין שטאָט?

— אין שטאָט? מ׳שלאָגט, מ׳ברענט, מ׳ראַבעוועט.

כינטשע שלעפּט אויף זיך עטלעכע קינדער מיט אַ מזל. איינס שלעפּט זי פאַר זיך, איינס — אין זיך און איינס — אויף די פּלייצעס. שלמה דעם שוסטערס ווייב איז זי, שלמה איז אויך דאָ ערגעץ אין דער סטאַדע, ס׳איז מיט נאַכט, מיר גייען אַ צוואַנציק מאָל איינס נאָך איינס, אַזוי ווי די געגנדז אין אַ שורה. מ׳גייט גלייך, וווהין — ס׳איז נישט באַוווּסט, מ׳וועט גיין וווּ ס׳גייט זיך. בוזי, וויל נישט, מ׳זאָל רעדן, „מ׳דאַרף גיין שטיל!״

זענען מיר שוין אַרויס פון שיניצע און אַריין צווישן קאָרן, און מיר גייען זיך אַליין. הוקעט אָבער עמעצער פון קאָרן און טרייבט אונדז אויף צוריק. אפשר איז ער מער נישט, ווי אַ שייגעצל? נאָר איינשטעלן טאָר מען נישט אַזאַ צייט. מיר גיבן זיך אַן עצה אויף אַ רגע, און די געגנדז פאַרקערעווען אויף צוריק.

וווהין צוריק? אין שטאָט אַריין?

עס טויג נישט.

טאָ לאָמיר זיך דאָ צעשטעקן הייפּלעכווייז. גוט?

נאָר בוזי האָט זיך מורא אָפּשלאָגן פון לייטן.

— ס'אַ קינד דו ביסט! מ י ר האָסטו מורא דאַ פאַרגלויבן? ס'איז דאָך מיין שיניצע, איך ווייס דאָך דאָ יעדער ווינקעלע!

האָט מיר טאַקע בוזי פאַרגלויבט. און מיר זענען אַוועק אין אַ זייט און אַריבערגעקראָכן אַ פּלויט, אַ וועלכן איך ווייס, אַנגעטראָפן צו איינער אַ משפּחהביימעלעך, און מיר האָבן זיך דאָרט אונטערגעזעצט, איך מיט בוזין, צוויי פאַרבלאָנדזשעטע קינדערלעך. ס'איז אַפילו קיל, נאָר ס'איז ליבער זומער. און אונדז איז גוט אַזוי זיך אין צווייען, אין אַ ווילד־פרעמדן גאָרטן. מיר דאַרפן נאָר אַ קלער טון פון אונדזערע לייט, פון מיינע און בוזיס. ווו קערן זיי זיין איצטער? און באַלד הייבט אָן שאַריען אויף טאָג. ס'איז דאָך מער נישט ווי אַ זומערדיקע נאַכט.

פון דער וויטנס האָבן מיר דערזען צווישן ביימלעך זיצן נאָך הייפלעך מענטשן... לאָמיר זיך שעמען איינער פאַרן אַנדערן?

ניין, לאָמיר אפשר בעסער דערווייל נישט רעדן צווישן זיך, און אין אַ שעה אַרום וועלן מיר זיך אויפהייבן, אין אַ שעה אַרום וועט שוין זיין גוט טאָג און מיר וועלן גיין זען וואָס הערט זיך אין שטאָט.

* * *

— אָפּגעברענט געוואָרן. קיין רויך איז נישט געגאַנגען און קיין פייער האָט נישט געברענט!...

דאָס רעדן מיין טאַטנס שכנים, אין אַ רעדל שטייענדיק לעם מיין טאַטנס שטוב, און איצט זענען מיר אויך געקומען, איך מיט בוזין.

באַשפּרענקלט מיט טוי פון פאַרברענגען די נאַכט „אויף די פעלדער פון סלאָוועשנע". ז' אין קליידעלע אויפן לייב און מיט שיך אויף די באָרוועסע פיס. און איך אויך קוים וואָס דאָס לייב איז צוגעדעקט.

אין אַן אַנדער צייט וואָלט מען עס נישט געוואָלט ליידן ביי אונדז אין שטאָט, אָבער איצט — איצט האָט מען אונדז באַגעגנט כמעט מיט אַ פרייד.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! און ווו האָט איר, קינדער, איבערגעפאַר־בראַכט די נאַכט?

— ביי ליעוון אויף די ניוועקעס! — ענטפערן מיר פריילעכע און מונטערע.

ווייל נישט אומזיסט איז דער טאָג קליגער פון דער נאַכט, קליגער און מונטערער. זאָל זיין געבענטשט דער טאָג!

און באַלד איז געקומען אַ שטאָפּעט, מלך מיט יאָסלען, „צי מיר זענען דאָ".

— יאָ, מיר זענען דאָ, קינדער. און איר זענט ווו? אין דער היים? און ווו האָט איר גענעכטיקט?... און גוט, מירן זיין ביי אייך. —און מיר זענען אַלע מיט עפּעס צופרידן, — זאָל זיין געבענטשט דער טאָג!

און די שכנות די פויערשע? וואָס טוען די שכנות אַרום דעם טאַטנס שטוב? די שכנות — זיי טראָגן אָפּ צוריק קישנס צו זייערע שכנים די יידן.

— נאַ דיר, ליבע, דיינע קישנס! דאָס האָבן מיר געמיינט באַהאַלטן, קיין בייזע מענטשן זאָלן נישט צושלעפּן, — און זי ווערט דערווייל רויט. אַ צווייטע שכנה:

— קום, לאהן, וועסטו צונעמען דיינע כלים. כ׳ווייס? כ׳האָב געזען מ׳שלעפּט אַלע, און מיר פעלן פונקט אַ פּאָר כלים. קום, נעם אָפּ. אָט, אונדזער שכן דער לאַנגער, יאָ, יאָ, האָט ביי דיר חתונה געמאַכט, לאה, די גאַנצע מעל, גיי, זאָל ער אָפּגעבן, נישקשה, ער איז נישט קראַנק!... נישט אויפפרעסן פרעמד גוטס.

און אַ דריטער דערציילט סודותפול:

— מאַטעס, איך ווייס, איך האָב געזען מיט מיינע אויגן ווער ס׳האָט זיך צו דיר געבראָכן אין די פענצטער אַריין. ער איז אַ — נישט-דאַברעגאַ — איך וועל דיר דערציילן ווער, איך וועל דיר אים אָנרופן ביים נאָמען, נאָר נישט איצט.

און אויף דעם זעלבן גוטן-פריינד, וואָס שושקעט מאַטעסן אין אויער אַריין האָט אָנגעוויזן אַ שכנה, אַז ער האָט אַ גאַנצע נאַכט געטראָגן לעדער פון מאַטעסעס קאַמער. היינט גיי טרעף, גיי זיי אַ נביא און ווייס, ווער און וואָס?... נאָר אַז יידן, וועלכע זענען נישט געוווינט צו פּאַגראָמען, מיינען, אַז ס׳קומט זיי אַזוי, זענען זיי נאָך ביי זיך גייציק:

„געוויס זאָלן זיי אָפּטראָגן, די שכנים, אַלץ, וואָס זיי האָבן גענומען". און... „שעמען מעגן זיי זיך טאַקע אין זייער ווייטן האַלדז!" און יידן זענען

נאָך שטייף ביי זיך: מאַלע־וואָס ס׳טרעפט זיך! גויים בלייבן גויים, גזלנים און מיט פאַרגרעבטע קעפּ!

פּאַקעוועט מען צוריק די געזידלטע קישנס אין די איבערגעקרומטע בעטן אַריין, און מ׳לאַדעט אויף צו כלומרשט די פענצטער. ווייבער זעען צו די בהמות און טרייבן זיי אַרויס אויף דער פּאַשע. לעבן יעדערנס שטוב איז מען וואַכנדיק אין מיטן גאַנץ פרי. קינד־און־קייט זענען אויף די פיס, זענען לעם שטוב. אַזוי ווי יעדער שטוב, לאָמיר זאָגן, איז פאַר — זיך אַ דאָרף און אין יעדער דאָרף האָט זיך געטראָפן אַ גנבה... דער נייגער איז גרויס, אָבער ס׳לאָזט זיך אויס אַז אַלצדינג איז כמעט בשלום, כאָטש... ס׳איז ניט ריכטיק:

„ביי נאַכט האָט מען זייער שטאַרק געשלאָגן דעם קירזשנער".

— וועמען? יאַנקעוו־לייבן דעם קירזשנער?

— אײַ־אײַ־אײַ, ס׳אַן עוולה! יענער איז דאָך, נעבעך, אַזוי אויך אַ קראַנקער מענטש. וואָס־זשע מאַכט ער? וואָס מאַכט ער, נעבעך, יאַנקעוו־לייב?

— ...און גדליה־יהושעס, ער איז געלאָפן אויף אַנטאָנאָוויטשער שליאַך, לעבן דעם אַלטן זלמנס האַרבאַרניע. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָט מען אויסגעשאָסן.

— נו?

— ער האָט זיך געמוטשעט ביז טאָג און איז אויסגעגאַנגען. דאָרט איז, נעבעך, אַזאַ געוויין, אַז די שטוב, די ווענט אַרום כליפּען. ס׳וועט מן־הסתם באַלד זיין די לוויה.

— טאָ וואָרט־זשע אויס, ווי אַזוי איז דאָס געווען פון דער סאַמע לכתחילה? נו, און דער נאַטשאַלניק מיליציע?

— דער קובלינעץ? ס׳איז אַ סברה, אַז ער אַליין איז פאַרמישט אין דער גאַנצער אַרבעט!

— וואָס הייסט?

— דאָס הייסט, ער האָט צוגעזאָגט געבן 20 ביקסן אויף דער שטאָט, און אַז ס׳איז געקומען צום געבן, האָט ער זיך געמאַכט געפּגרט...

— טאָ ווי אַזוי־זשע איז עס פאַרט געווען?

— ס'איז געווען אַזוי: עלף אַ זייגער האָט יעדער מיליציאָנער אויף זיך אָנגעטון צו פינף ביקסן און... די יונגע־לייט, האָט ער געזאָגט, זאָלן דערווייל אַרומגיין מיט שטעקנס, און... אַרום צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט האָט עמעץ אויסגעשאָסן, זענען אָנגעלאָפן פון אַלע עקן שטאָט היישעריקן, און ס'איז געוואָרן פינצטער אין שטאָט. די מיליציע האָט געטיילט די חזירים ביקסן, און די יידישע וואַרטע איז זיך צעלאָפן.

— און דער נאַטשאַלניק מיליציע?

— דער רשע? דאָס האָט דאָך ער אַליין אויפגעבורעט די גאַנצע חתונה! ער, און קאָסענקאָ, און אייער שכן — מאַרקאָ לוכטאָנס!... ער איז גאָר איצטער נישטאָ אין דער היים — זאָגט מען, — נאָר ס'איז אַ ליגן. ער איז אָן איבערגעטוענער און באַהאַלט זיך אויס ביי די היגע חזירים, אונטערן טייך.

— אַזוי אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו ריכטן, מ'זאָל קענען היינטיקע נאַכט נעכטיקן אין דער היים!

— ווער ווייסט? מיר וועלן זען! דערווייל איז אין שטאָט שטיל, זיי האָבן זיך פאַרשטעקט צוריק אין די לעכער. אַ סך קלייטן זענען אויפגע־בראָכן, און נאָר קליינינקע שקאַצימלעך קריכן אַרום און שאַרן זיך דאָרט אינעם מיסט.

— טאָ לאָמיר אפשר גיין אין שטאָט אַריין?

— לאָמיר גיין!

* * *

אונדזער מאַמע האָט זיך דערפרייט אונדז אָנטקעגן. זי שמייכלט צו אונדז מיט איר שטענדיקן גוטן שמייכל, און צי ווילן מיר עסן אָנבייסן? זי האָט שוין אויסגעמאָלקן די בהמה.

— און ווו זענען מלך מיט רחלען?

— כ'האָב דאָך זיי אַוועקגעשיקט צו אייך! איך בין ביי אייך שוין געווען היינט דריי מאָל און האָב אייך נישט געטראָפן.

און מיר האָבן דערציילט דער מאַמען, ווו און ווי מיר האָבן דורכגעפירט

די נאַכט... די מאַמע האָט אונדז אויך אָפּגעגעבן אַ חשבון און... וואָס הערט זיך דאָרט ביי אונדז אין צימער?

— ניין, ביי אייך אין צימער איז נאָך נישקשה! אויך אַ ביסל איבער־געריעט, אָבער ס'איז נאָך מיט חסד.

— די באַלעבאָסטע איז שוין אין שטוב?

— יאָ, אין שטוב. נו, איר וועט אויסטרינקען, קינדער, צו גלעזער מילך?

ניין, מיר ווען פריער צוגיין אַהיים.

די גאַסן זעען אויס, ווי נאָך אַ יריד, אָדער ווי אין אַ בייזן פאַר פּסח. שטויב און מיסט ביי יעדער טיר. צעוואָרפענע פּאַפּירן מיט אָנגעבראָכענעם גלאָז. כאַפּט עס דער רוח! יעדער שטוב פּראַווועט דאָך יום־טוב פאַר זיך, יעדער איז מיט זיך פאַרנומען! און פון יהושע־גדליהס גאַס הערט זיך אַ געוויין... און אין קלוב, דערציילט מען, ביי בתיהן, האָט מען געריסן, געשליסן, געשטאָכן און געבראָכן, ס'זאָל נישט זיין קיין סימן פון „קאָמונע"!

מיט בוזין גייען מיר אַרום אין צווייען, אַזוי ווי צוגעניט איינער צום אַנדערן, און מיר הערן נייסן.

אַזוי שוין פון נעכטן ביי טאָג אָן. ווייזט אויס, מיר זענען אָבער צונויפ־געניית פעסט, און נישט קיינעמס עסק אונדז צעניעמען. און... מיר זענען אַ בעלן באַטראַכטן, וואָס הערט זיך עפּעס ביי אונדז אין צימער. כאָטש ווען מיר ווילן, גייט ער אונדז איצט ווינציק וואָס אָן.

די טירן זענען עפּעס נישט איידל אַראָפּגעדרייט פון די שרויפן און זענען צעעפנט אַזוי, ווי אויף אַן איילנדיקער חתונה. אין שטוב איז אָבער שטיל. די באַלעבאָסטע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף איר נאַכט־שאַפּקעלע. מ'וואָלט געקענט מיינען, אַז דאָס דאַווענט זי, נאָר ס'איז נישט אמת, דאָס שעלט זי איר מרדכען! נאָך איר דעה נאָך האָט ער געדאַרפט דערפילן, וואָס דאָ טוט זיך, און אין אַזאַ צייט זיין אין דער היים. ווייטער טוט איר באַנג אי דאָס מעבל, אי די שטוב. יעדער קריץ אויפן שאַפע, צי אויפן געפּאַרבטן פּאָל, איז אַזוי ווי מ'זאָל איר באַקן דאָס לייב מיט אָנגעברענטע צוועכעס. און דאָ די חזירים האָבן איר איבערגעוואָרפן, איבערגעגראָבן און צעקריצט דאָס גאַנצע מעבל.

אין קיך אויפן אויוון האָבן מיר געטראָפן אַן אַלטן גוי אַרומקריכן. ער קרעכצט און קלעטערט זיך אַהין.

— סערהיי, וואָס דאַרפסטו דאָ? דו האָסט דאָ עפּעס אַנידערגעלייגט?

און איך האָב דערטאַפּט אַן אָפּגעבערענטן שטעקן פון אַ ווילקע, און איך בין נישט פויל און הייב אים אויף סערהייען.

אַ געזונטער גוי אַן אַלטער פונעם נאָענטסטן דערפל, אַן אַלטער אַן אײַן גרויער האָר אין קאָפּ.

אים איז געוואָרן נישט היימלעך, אָבער אַוועקגיין אַן גאָרנישט גלוסט זיך אים נישט. איך האָב אַ קאָרפּע געטון סערהייען מיטן שטעקן:

— דו קריכסט נישט אַראָפּ?

— שלאָג זיך נישט, כלאָפּטשע! אָט גיי איך שוין אַראָפּ. איך זוך, כ׳האָב געמיינט, טאָמער אַן אַרבעלע זאַלץ, האָב איך געמיינט — לייטן האָבן זיך שוין אָנגענומען.

איך טאָרקע אים מיטן שטעקן, און ער טוט זיך זיינס, ביז איך האָב אים נישט געגעבן אַ שלעפּ אַראָפּ פון אויוון און אַ קנאַק אין דער ערד.

ער האָט זיך גענומען קראַצן:

— אַ, שטשאָב טעבע — איך האָב דאָך געמיינט זאַלץ!

און איז אַוועק אַזוי, ווי אַ הונט אַן דער פינפטער פוס, זיך אפילו נישט אומגעקוקט.

לכתחילה האָט מיך בוזי נישט געלאָזן מיט אים זיך פאַרנעמען, דערנאָך האָט זי געלאַכט. די באַלעבאָסטע איז גאָר געווען צופרידן, ווייל פון אויפן אויוון גייט דאָך דאָס טירעלע צום בוידעם, און אויפן בוידעם פרעגט נישט וואָס ס׳טוט זיך. כאָטש זי האָט פון דעסט וועגן אַ ישוב צוריק אַראָפּשלעפּן אַלץ און אַוועקטראָגן — איר ווייסט צו וועמען? צו האַנעטשקען דער רביצינס, אָט־אַ־דאָ די אַנדערע שטוב. אויך אַ שלאַנג, נאָר מ׳גיט אָפּ דעם גנב די שליסלען, איז אפשר בעסער.

— און ווו זענען די אונדזערע קופּליקלעך? די שיינע קופּליקלעך, וואָס זענען געשטאַנען אויפן בופעטל, וואָס כ׳האָב געקויפט צוריק מיט אַ וואָך פון בוזיס וועגן?

איצט שטייט גאָר דער בופעט אַן אָפּגעריסענער, די בעטן צעדרייטע!

— די קופליקלעך, — זאָגט די באַלעבאָסטע — האָט טימאָפּייקאָ צוגענומען, דאָ האָט זיך קיינער נישט געפּאָרעט חוץ אים.

אויב טימאָפּייקאָ, ווייס איך, ער איז אַ שכן אין מיינע יאָרן. אויך אַ יונגערמאַן, אויך אַ יאָר נאָך דער חתונה, און אויך אַ שיין ווייבל ביי אים אַ יונגע. ער בויט זיך אַ שטוב ביי זיין טאַטן אין הויף... אַנדערע האָבן זיך געזוכט וואָס זיי טויג. און ער האָט דאָ אַראָפּגעריסן די קופּליקלעך פון בופעטל —אַז ער וועט זיך אַריינקלייבן אין דער נייער שטוב, וועט זיין ווייבל אויספּוצן איר שאַפעלע, פּונקט ווי מיר דאָ אונדזערס. נו, איז ער דאָך גערעכט, טימאָפּיי. ס׳קען זיין, אַז ער האָט נאָך עפּעס אָנגעקוקט אין מיין פאַרפאָלקישן צימער, פאַר זיין פאַרפאָלקישער שטיבעלע וועגן. ער איז אַוודאי גערעכט. מער ניט, וואָס ער איז אַ יונגערמאַן און אַ צלמניק אַ גרויסער, און זי, זיין יונג ווייבל, געהערט אויך צו אַ פרומער געטלעכער סעקטע. דוכט זיך, אויב איך האָב נישט קיין טעות, הייסן זיי „שטונדיסטן”. יונגע־לייט אין אַזאַ פריען עלטער האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין געטלעכקייט. איז צי דען וועלן זיי, אַזעלכע פרומע, וועלן פאַרנוצן בוזיס קופליקלעך?

איצט איז אָבער דער צימער נישט קיין צימער, נאָר אַ באָד. געוויס איז עס נישט אונדזער צימער. מיר האָבן מיט אים גאָרנישט. אויב מיר זענען יאָ אָן עפּעס איצט אָנגעבונדן, איז אָן די מאַמעס, אָן אונדזערע, און אָן די משפּחות, יעדער משפּחה מאַכט דאָך איצט יום־טוב פאַר זיך!

אונדזער מאַמע חיהטשיק איז ווייטער דאָ.

— איר וועט עפּעס עסן, קינדער? איר האָט דאָך זיך אויסגעמוטשעט פאַר דער נאַכט... און איצט דאַרף מען נאָך אָנקלייבן כוחות, אפשר וועט נאָך אויסקומען זיין נע־ונד...

די מאַמע אונדזערע שמייכלט.

די מאַמע איז דאָך גערעכט! דער שכל איז מחייב, אַז ס׳איז שוין צייט און מ׳דאַרף עפּעס איבערבייסן. וואָס זאָל מען אָבער טון צו דעם, מ׳קאָן נישט אַראָפּשלינגען? ס׳קריכט נישט אין האַלדז אַריין. אַפילו דאָס מויל עפנט זיך נישט אויף אַריינלייגן אַהין אַ ביסן...

— עס, בוזילע!

— נו, און דו?

און מיר לאַכן אַלע פאַר צרות.

— טאַ לייגט זיך צו, קינדער, און רוט זיך אָפּ אַ ביסעלע.

— אַט דאָס יאָ! לאָמיר זיך טאַקע וויפל ס׳ניט איז אָפּרוען.

* * *

אַרום האַלבן טאָג, ווען מיר זענען געגאַנגען צו דער מאַמע חיהטשיקן, פון דאָרטן גיין אין שיניצע אַריין צו מיין מאַמע, האָבן מיר די מאַמע, חיהטשיקן, שוין באַגעגנט אויפן שוועל פון דער דרויסנטיר. די מאַמע האָט געטראָגן אַ געבריט טעפּעלע מילך צו אונדז און... מ׳דאַרף זיך אויס־עצהנען:

...די מאַמע מיט נחומען, מיט דער מומע פריידלען, און נאָך, וועלן זיך לאָזן אויפן בעהונער שליאַך. פריער צו דער מומע ראַסלען אין מילכען, און דערנאָך, אויב ס׳וועט אויסקומען, איז ווייטער!...

— וואָס איז?

— איך ווייס? — זאָגט די מאַמע מיט אַן ערנסט פאַרקלערט פנים ווי דעמאָלט, ווען מיר פלעגן רעדן מיט איר, ווי אַזוי מיר וועלן אויסשטאַטן די חתונה מיינע מיט בוזיס, און איר האָט דעמאָלט פאַרדראָסן, פאַר וואָס זי וואַרפט זיך אויף מיר צופיל אַרויף. איצט איז זי ווייטער פאַר־קלערט און ערנסט, זי איז מיט דריי קליינע קינדער, און אין מילכען איז געוויס רויִקער. נאָר וואָס זאָל זי טון מיט אונדז, מיט אירע גרויסע צוויי קינדער, צי מיר זאָלן זיך האַלטן אַרום איר, צי אַרום די שיניצער לייט.

— איך ווייס? — זאָגט זי, די מאַמע — מ׳זאָגט, אַז ביי נאַכט וועט ווייטער נישט זיין רויִק, און אויב גיין — דאַרף מען ביי צייטנס אַרויס פון שטאָט, דאָס גיי איך צו אייך זיך אויסעצהנען...

— מאַמע, און ווו זענען די קינדער?

— די קינדער זענען שוין ביי נחומען.

און מיר זענען אַלע אַוועק אין שיניצע אַריין זיך האַלטן דאָרט אַן עצה.

און ס׳איז געבליבן (ווער קען וויסן אַ פריער, צי ס׳איז קלוג צי נאַריש),

אַז מיר גייען נישט מיט דער מאַמע, מען פּרילוטשעט אונדז צו דער שיניצע.

און נישט גערן געזעגנען מיר זיך, און מיט אַ שטילער, קוים באַמערקטער טרער לאָזט אונדז די מאַמע איבער „פריער אויף גאָט און דערנאָך אויף אונדזערע שיניצער לייט". כמעט מיט זיך איז זי פּאָרט אַ סך בעזפּעטשנער, ווי מיט אונדז.

מיטוואָך איז עס געווען, מיטוואָך בייטאָג, און די מאַמע מיט נאָך עטלעכע משפחות גייען אויף נאַכט צו דער מומע ראַסלען אין מילכען — אויב די וועגן זענען נאָר נישט קיין פאַרשטעלטע. און פון דאָרט, אויב מ'וועט דאַרפן, וועלן זיי שוין גיין ווייטער...

* * *

צי ס'איז שוין געווען גדליהס לוויה?

מ'זאָגט, אַז זי איז שוין געווען. און דער טאָג האָט זיך דערווייל פאַמעלעך איבערגעקערט אויף דער אַנדערער האַלבער זייט. ס'איז שוין צוויי־דריי אַ זייגער נאָך האַלבן טאָג.

פון שטעטל באַקומען מיר קנאַפּע ידיעות, און די שכנים, איז ווי זיי וואָלטן חרטה געהאַט, וואָס זיי זענען אין דער פרי געווען צו גוט. איצט זענען זיי עפּעס פרעמדער און מיט פאַרשטאַכענע אויגן. מילא, ברענען זיי אויפן פייער! נאָר וואָס? מ'דאַרף קלערן וועגן נאַכטלעגערס. אַן אַנדער טאָג וואָלט מען אין דער צייט ערשט געגעסן וואַרמעס, און איצט זענען מיר געגליכן צו באַשעפענישן, וואָס אין אָוונט ווערן זיי אין גאַנצן הפקר און הילפלאָז. אַזעלכע באַשעפענישן, געוויינלעך, באַווארענען זיך באַצייטנס מיט אַן אָרט אויף נאַכטלעגער...

אין יענער נאַכט איז, ווייזט אויס, אויך פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש: דער טאַטע האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דער משפחה און האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ליידיקן סעקרעט אין דער קאָרע (ווייזט אויס, אַז דער ענין פון באַהאַלטן זיך האָט אַזאַ מין סאָרט נאַטור: וואָס טיפער מ'פאַרשטעקט זיך, פאַלט מער אַרויס די נשמה!). היינטיקע נאַכט דאַרף מען זען, ס'זאָל מער אַזוי נישט פאָרקומען. דאָרט, ווו מיר

וועלן אַלע זיין, דאָרט וועט זיין דער טאַטע אויך. איצט גייען מיר אַלע צו שמאַילען אין שייער אַריין נעכטיקן.

— די קינדער לאָמיר שוין אָפּפירן צו שמאַילען?

— יאָ, מ׳קאָן, און די עלטערע וועלן אַהין איבערגיין, ווען ס׳וועט ווערן טונקל.

די מאַמע האָט אויפגעשאַרט עטלעכע רעדנעס און שמאַטעס און האָט אָפּגעפירט די ערשטע פּאַרטיע אורחים צו שמאַילען אין שטאַל אַריין אויף נאַכט... אָבער שמאַילע איז אַ גוטער פריינד און עצהט נישט:

„ער איז אַליין נישט זיכער מיט זיין שטוב און מיט זיינע בהמות״ —

„ביי נאַכט, — זאָגט ער, — וועט זיך טון חושך אין שטאָט: ער אַליין פאָרט אַוועק פון דער היים, אָט קאַטשעט ער אפילו דעם וואָגן אָן די דראַבינעס, ער שמירט די רעדער... און מיר — ווי מיר ווילן זיך. ער וואָלט אונדז נישט געעצהט בלייבן היינטיקע נאַכט אין שטאָט אויף דער שחיטה!״

און ביי שמאַילען זענען אויך די אויגן פאַרשטאָכענע, און שמאַילע מעג שוין אויך ברענען ליכטיק. יענע נאַכט האָבן מיינע לייט געהערט פון שייער, ווי אַזוי זיין אַלטע אויסגעטריקנטע און פרומע מאַמע, וועלכע שמעקט שוין דעם צענטן יאָר מיט ווייררויך, ווי אַזוי זי שרייט אויף אים מיט דער ווייב:

— פוילע איר אַזעלכע! נבלות וואָס איר זענט! לייטן וועלן זיך אַנגעמען מיט אַלדאָס גוטס, און איר כירעט דאָ, איר פוילט זיך אַ ריר טון פון די ערטער?

אויף איר מיתה משונה האָט מען זיך שוין גאָרנישט געריכט. אַזאַ אַלטע און פרומע גבלה, וואָס שוין באַלד דער צענטער ווינטער אַז זי פּגרט, האָט זי שוין אויך אַן עפּן געטון דעם פוילן מויל, ווען זי האָט דערהערט, אַז מ׳ראַבעוועט דאָס שכנישע גוטס. און גיי רעד מיט איר, האָט זי קיין מאָל קיין פליג נישט אָנגערירט אויף דער וואַנט, און איר איידלקייט האָט גאָר קיין שיער נישט!... יאָ, איצט זענען שוין ביי איר זון אויך פאַרשטאָכן די אויגן, און מיר בלייבן אָן אַ נאַכטלעגער.

שמאַילע זאָגט, אַז ביי נאַכט וועט ברענען די גאַנצע שטאָט... אַנדערע

שכנים זאָגן, אַז ווער ס'וועט באַהאַלטן יידן, וועט מען אים קוילענען מיט די יידן אין איינעם.

נו, דאָס זענען דאָך שוין טאַקע גאָר אַנדערע רייד.

— שפּאַן דעם פערד, מירן פאָרן קיין פעטראָשי.

אונדזער פערד שטייט נאָך פון נעכטן אַן באַהאַלטן ביי אַוודייען. מיטן וואָגן, מיטן שפּאַן און מיט אַלע זאַכן (אַ פינגערל איז, ווייזט אויס, גרינגער אויסבאַהאַלטן ווי אַ פערד). העלפט דאָך אָבער נישט קיין מעשיות, און אויב שפּאַנען — איז שפּאַנען!

...און מיר פאָרן, אַלע פאָרן מיר קיין פעטראָשי. אויפן וועג, אַרויף באַרג, גייען אַ סך יידן און יידעלעך, יידענעס און מיידלעך, און קיין פעטראָשי. אַזאַ מין רויִקן און זאָרגלאָזן גיין פון יונג און אַלט און אַן פעקלעך בין איך נאָר געוווינט זען ביי פויערים, ווען זיי גייען אויף אַ יום־טוב אין דעם אָדער יענעם דאָרף. אויך דאָרטן גייען זיי אי יונג, אי אַלט, מיט ווייב און מיט מיידל. אויך דאָרט גייען זיי זאָרגלאָז און אַן פעקלעך, חוץ אַ טיכל אונטער דער האַנט, אָדער אַ פלאַש אין בוזים, אויף מיטנעמען צוריק וועגס הייליקע וואַסער... דער חילוק איז נאָר, וואָס יענע גייען יום־טובדיק אָנגעטון און האָבן בדעה זיין צוריק אויף נאַכט אַהיים, און מיר גייען שוין צו פיל וואָכעדיק אָנגעטון און קלערן, ווי אַזוי פאַרברענגט מען די נאַכט אויסער דער היים.

מיר איז אַ חרפּה, וואָס מיין טאַטע האָט אַן אייגענעם שפּאַן. נעכאַי וואָלטן מיר אַלע אין איינעם געגאַנגען צו פוס. אָט גייען דאָך נאָך יידן!

און מיר באַגעגענען אויף די פעלדער פאַרטיעס גוימלעך. עפּעס מאָדנע זענען זיי, מיר האָבן זיי קיין מאָל נישט געזען אַזעלכע. וואָס וועלן מיר זיי ענטפערן, אויב זיי וועלן אונדז עפּעס אין מיטן דרינען אַ פרעג טון?...

נאָר זיי פרעגן נישט.

זיי גייען זייט־אויס דורך די פעלדער שטעגעלעך.

זיי שעמען זיך פאַר עפּעס.

ווייזט אויס, נאָך גאָר נישט קיין געוויינטע. זיי גייען אפשר דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבען אויף אַזאַ שפּיל, און דאָס אויך, ווייל מ'האָט

זיי אַנגערעדט דערויף, אָדער זיי זענען זיך מתקנא אויף לייטישע שטעט.

פאַרשעמטע און גרויע, אַ ביסל אַראָפּגעפאַלענע ביי זיך און מיט נישט קיין אויפגעהויבענע קעפּ, לאָזן זיי זיך פון אַלע פיר עקן, ווי מחנות הונגעריקע ראָבן, אויף אונדזער בידנינקער סלאָוועשנע. — — —

* * *

און מיר טרעטן זיי אָפּ דאָס אָרט, מיר פאָרן פונקט זיי אַנטקעגן, — טאַקע צו זיי קיין פּעטראָשי.

אָט זעט איר, זיי גופא פאַרווערן דאָס אונדז נישט! און דאָרטן אין פּעטראָשי, אין זייערע היימען, וועט מען אונדז אפשר לאָזן איבער־נעכטיקן. מיר זענען דאָך „סלאָוועשטשאַנסקיע זשידקי". ס'איז אַ ליגן, זיי האַלטן דווקא פון „סלאָוועשטשאַנסקיע זשידקי". מיר האָבן דאָס נישט איין מאָל געהערט פון זיי. און מיין טאַטע פאָרט טאַקע צו זיינעם אַ חסיד, וואָס גיט אַריין אַלע יאָר פעל אין דער אַרבעט.

— יענער, — זאָגט דער טאַטע, — וועט אונדז צונעמען שיין! אַרכיפּ הייסט ער, ער וועט אונדז אַרויסטראָגן פון געקאָכטס און געבאַקטס.

און איך וואָלט וועלן יעדער ייד זאָל דאָ האָבן זיין חסיד אין פּעטראָשי. מ'זאָל אים צונעמען שיין און מ'זאָל אים אַרויסטראָגן פון געקאָכטס און געבאַקטס.

דער טאַטע נעמט זיך איבער מיט זיינע חסידים, און אונדזער אָדנאָקאָנקע האָט זיך שוין אַריינגעקייקלט אין פּעטראָשי.

אוי, קוקט מען אויף אונדז אין פּעטראָשי!

מיר זיצן אַלע מיט דער משפחה אין וואָגן, און דאָ זענען שוין אַ סך יידן אָנגעגאַנגען פון פריער. איצט זענען מיר אַ פּאַרטיע. און מ'גייט נאָך.

פאַראַן יידן „קוראַשטשע", בעטן זיי אויס אַ ציגאַר. זיי באַקומען אַ זאַרגלאָזן פּנים און רויכערן, אַזוי ווי אין אַ תענית.

און ביי אברהמען דעם פּעטראָשיער אין שטוב זענען דאָ אַ סך יידן (כ'האָב שוין איין מאָל געזען ביי אברהמען אַ פולע שטוב מיט יידן און

יידענעס פון שטאָט, — נאָר דעמאָלט איז געווען אַנדערש. דעמאָלט האָט אברהם חתונה געמאַכט זיין עלטערן זון, און צו אברהמען אויף אַ שמחה פאָרט זיך צונויף די שטאָט). איצט איז אפשר ביי אברהמען קיין שמירה נישט?

„אין אַ יידישער שטוב!".

דער גלח רעדט מיט אברהמען, ביי אַ פלויט אַנטקעגן שטוב, וועגן די זשידקעס און וועגן סלאָוועשנע.

אַ שיינער גלח אין פעטראָשי, אַ מענטש אין די דרייסיקער און מיט אַ הדרת־פנים. ער סמאַטשקעט מיט די ליפּן און חידושט זיך, וואָס די זשידקעס האָבן פלוצעם אַזוי פיל אויסצושטיין פון „סלאָוועשנע" — „אַ שאָד, אַ שאָד, אַ שאָד".

און אפשר רעדט ער טאַקע אָן פאַלשקייט. ס'קען זיך דאָך טרעפן איין גלח פון הונדערט אַזאַ, וואָס מישט זיך נישט?

און ביי אברהמען איז דער דאַשעק פון היטל אַ ביסל אין דער זייט:

„אַזוי פיל געסט אָן עין־הרע". און „גאָט זאָל כאָטש פירן כשורה".

אַ ווילער ייד אָט דער אברהם. אַ הויכער, אַ ברייטער, אָן אַנגע־פּוישטער. מיט אַ רויט־גרינער באָרד, ווי טרוקענע פרישע אַטאַווע, מיט אַ ווייכן פנים אין גאָלע קלייען, מיט גרויסע באַריידעוודיקע אויגן, אין אַלפּאַגענעם רעקל גייט ער און איז אַ גוטער־ברודער. ער קען אפילו מיט יינגלעך זיין אַ „פּאַנע־בראַטצע", כאָטש אַליין איז ער שוין אַ טאַטע פון פינף גרויסע זין. דערצו בשעת ער רעדט, שעמט ער זיך נישט, און דער ניגון איז ביי אים אַ הויכער און אַ דאָרפישער. אַזאַ איז ער, אברהם דער פּעטראָשיער.

דער טאַטע איז אַראָפּ פון וואָגן און פרעגט אברהמען, כמעט אויפן אויער, ווו עס וווינט אָט־אָ דער און דער אַרכיפּ. און אברהם ענטפערט ווי אַזוי ער ווייסט און מיר פאַרפאָרן צו אַרכיפּן. נאָך אונדז פאָרן נאָך נאָך צוויי משפחות מיט קליינע קינדער מיט אַ קאָזע און קריגלעך מילך.

די מילך אויף „פּאַרשטאָפּן ביי נאַכט די מיילער, טאָמער וועט דאָס קליינוואַרג זיך רייסן".

אָבער אַזוי ווי ס'איז נישט קיין מוז, אַז אַרכיפּ זאָל זיין שטענדיק

אין דער היים, ער קען דאָך אַ מאָל זיין אין וואַלד אויך, צי אויפן בור, אָדער אַזוי אין אַ נסיעה, האָבן מיר אים אויף אונדזער מזל, טאַקע נישט געטראָפן אין דער היים, און ס'רעדט מיט אונדז זיינס אַ זונדל, אַ יאַט פון אַ יאָר 14 — אַ פּאַסטעכל.

— איך וועל נישט לאָזן אָן דעם טאַטן!...

— טאָ זיי־זשע נישט קיין קינד! דיין טאַטע ברענגט דאָך מיר אַלע יאָר פעל אין דער אַרבעט!... דיין טאַטע איז מיט אונדז דער בעסטער גוטער־ברודער! פּרווו אונדז נישט אַריינלאָזן, וועט ער נאָך אויף דיר שרייען אויך!...

— איך ווייס גאַרנישט אַליין, אָן דעם טאַטן!

— טאָ ווען דאַרף ער קומען, דער טאַטע?

— איך ווייס נישט, אפשר אין אָוונט.

— נו, אויב אַזוי, איז דאָך גוט! לאָז אונדז גיכער אַריין אין שייער, ביז דער טאַטע וועט קומען...

— דו ביסט אַ מבין, וואָס אַ נאַר קען?

און ווילנדיק — נישט ווילנדיק טראָגט אונדז דאָס פּאַסטעכל אַרויס אַ הילצערנעם שליסל און שליסט אונדז אָפּ דעם שייער. מיר שפּאַנען אויס דאָס פערד (ביי יענע זענען די פורן געווען געדונגענע, האָט מען זיי אָפּגעשיקט אַהיים), און מיר שפּרייטן אויס אין שייער רעדנעס מיט קילימעס און מיר צעלייגן זיך.

דריי משפחות זענען מיר אין שייער, איז יעדער משפחה נאָך מיט אַ קליינעם צולאָג...

און אַז אַ קינד טוט אַ ניאַווקע — גיט מען אים מילך. אַ פרעמדער ייִנגל אַ שלאָפער ליגט דאָ — וויל ער גאָרנישט, און עלטערע, אַזוי ווי זיי האָבן נישט פון וואָס צו ריידן, שווייגן זיי גאָר.

איך בין אַרויס איינדעקן דאָס פערד מיט דער פּאַפּאַנקע און אים צושאַרן אַ ביסל פריש היי, איז צוגעגאַנגען צום וואָגן אַן אַלטינקע, פון דעם צווייטן שכנישן טויער איז זי אַריין, אַ באָרוועסע, אין אַ לייוונטענער העמד און מיט צוויי פאַרטעכער, פון פאָרנט און פון הינטן, פאַר אַ קליידל.

און זי וויינט!

זי ווײנט, וואָס איר איז באַשערט זען אַזוינס מיט אירע אויגן:

— סטײטש, סטײטש, אַ דור הײַנט אַנגעוואַקסן אַ וויסטער און אַ ביטערער!... צי דען־זשע וועלן זײ דערלעבן פֿאַרנוצן פֿרעמד גוטס?... נײן, אַ מאָל האָט מען, חלילה, נישט געהערט אַזעלכע געגנ!... און אפֿשר האָט עס די פֿאַרשאָלטענע מלחמה אַזוי צעלאָזן דאָס פֿאָלק?

אין אַ ווײַלע אַרום ווישט זי אויס די אויגן, שלעפּט אַרויס אַ הײעלע פֿון וואָגן, זי פּרוּווט עס אויף אירע אַלטע אויסגעפּוילטע צײן און דער־מאָנט זיך:

— מיט אײן זאַך, מײַן קאָטעקל, זענט איר נאָר אַ ביסל שולדיק — נישט באַדאַרפֿט געווען אויסבאַהאַלטן די זאַלץ! זאָלסט נאָר וויסן, מײַן טײערינקער, ווי אַזוי דאָס פֿאָלק בידעוועט ביי אונדז אָן זאַלץ... נו, פֿרעג איך אײַך מער נישט, אויף וואָס האָט איר עס באַדאַרפֿט טון אַזאַ זאַך? אַ מאכל אָן זאַלץ איז דאָך נישטאָ ערגער! אפֿילו אַ בהמה זאָלצט מען דאָך צו דעם טרונק! וואָס דאַרפֿסטו מער? אפֿילו אַ בהמה! אוי, קאָטעקל מײַנער, ווי אַזוי מיר מאַטערן זיך דאָ אָן דעם קאָפּ זאַלץ!... ס׳קען זײַן, אַז דערפֿאַר אַלײן איז דאָס פֿאָלק אין כּעס — ס׳גײט זוכן זאַלץ...

— יאָ, — זאָג איך דער אַלטינקער, — דאָס פֿאָלק איז אין כּעס, ס׳גײט זוכן זאַלץ.

— ...גאָט זאָל טאַקע אָפּהיטן אונדז און אַלע מײַנע ליבע פֿון אַזעלכע געגנ. וואַרט נאָר אויס, קאָטעקל, אַ ווײַלע, וואַרט אויס, איך גײ באַלד צו.

און פֿאַר צוויי מינוט האָט זי זיך צוויי מאָל דורכגעדרײט דורך די צוויי טויערן און געבראַכט אין אַ הילצערן שעפֿל אַ צען געבראָטענע בולבעס.

— גיב די קלײנע קינדער, זאָלן זײ עסן, גיב, מײַן טײערער, — און זי ווישט מיטן פֿאַרטעך די אַלטע אויגן. — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין אַ שעה אַרום איז שוין דער טאָג געווען אויסגעלאָשן פֿון אַלע ווינקלען. און דער אָוונטיקער אַש עסט יעדער אויג, וואָס וויל נאָך זײַן אָפֿן. פֿון יענער זײַט שײַער שמעקן גרעזער, — גרינע גרעזער. פֿון יענער זײַט שײַער ליגן גרינע גערטנער. ס׳ליגן גערטנער אין גרויסער תּאווה, און יעדער גרעזעלע טוקט זיך אומפֿאַרשעמט און אומגעשטערט אין פֿרישן,

קילן טוי... ביי אונדז אין שייער איז דער פֿאַל אַ טרוקענער און גלאַטער, — פֿאַראַן אָרט פֿאַר אַלע דריי משפּחות. בוזי דרימלט שוין אַ מידע, און איך וואָלט אַ בעלן זיין איר אויסטון די שיך פֿאַרן שלאָפֿן. איך וויל זי נאָר נישט וועקן. די מאַמע דרימלט שוין אויך, די קינדער אויך. דער טאַטע קען נאָך, ווייזט אויס, נישט אַנטשלאָפֿן ווערן. ער וואָלט וועלן ליגן שטיל און נישט שטערן יענעם. אַרום איז דאָס לעבן צוגעשטילט, מ׳הערט נאָר, ווי דאָס פֿערד קייט, איינטאָניק און נאָך אַנאַנד. איך האָב שוין איין צוגעקלעפּטע, שווייסיקע שקאַרפּעטקע פֿאַמעלעך ביי זיך אַראָפּגעשלעפּט, נאָך איין שקאַרפּעטקע פֿון דער צווייטער פֿוס. עמעצער עפֿנט אונדזער טויער. ביי די שייערן זענען די טויערן ברייטע, און אין די דערפֿער איז די לבנה אַ גאַנצע און שטייט נידעריק, האָט זיך דער שייער ביי אונדז אָנגעגאָסן אַ פֿולער מיט לבנה־שיין. אָבער ווער דאַרף עס צו אונדז אין שייער אַזוי שפּעט — ס׳איז דאָך שוין צייט שלאָפֿן! נאָר איך זע שוין. דאָס איז ווייטער דאָס פֿאַסטעכל:

— יידן! אַ, יידן! גייט אייך פֿון דאַנען! איך וויל נישט, איך האָב זיך מורא!

— פֿאַר וועמען האָסטו מורא?

און דאָס פֿאַסטעכל ווייסט נישט, פֿאַר וועמען און פֿאַר וואָס, ער איז אַ קליינער נאָך, „ער האָט זיך מורא, מ׳זאָל אים נישט אונטערצינדן״. ער וויל נישט און ער וויינט.

ווייזט אויס, נישטאָ זיך מער וואָס צו דינגען. דער ענין איז קלאָר — מ׳דאַרף אוועקגיין פֿון דאַנען. ס׳פֿרעגט זיך נאָר — וווּהין?

דער עולם האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוואַכט צו ביסלעך, מ׳האָט זיך גענומען פֿאַמעלעכן אָנקוקן איינער דעם אַנדערן און דערפֿרעגן. מ׳האָט זיך גענומען קרימען איינער אויף דעם אַנדערן, וואָס מ׳לאָזט נישט מיט קיין אויג צונויפֿפּירן. מ׳האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעוואַרעמט — און נאַ דיר. אָבער באַלד קומט מען צו־זיך, די לאַגע ווערט קלאָר, כאָטש מ׳מישט זיך נישט — ס׳נישט קיינעמס עסק! — אַ פּאָר מאַנסבילן עצהנען זיך און קלערן. ס׳איז געוווּנדעט אין זיי. יענע וועלן עפּעס באַקלערן, און ווי אַזוי זיי וועלן הייסן, אַזוי וועט זיין...

און דאָ, אויב איר ווילט, איז טאַקע די צרה, וואָס די מאַנסבילן אַליין ווייסן גראַדע אויך נישט וואָס צו טון:

אפשר אַוועקגיין פון דאַנען און דערנאָך זיך אַריינגנבענען צוריק?

אפשר איינשפּאַנען דאָס פערד, זיך אַרויסכאַפּן פון דאָרף (איצט איז שוין שווער) און אויפן פעלד ערגעץ אונטערן פרייען הימל אונטערנעכטיקן אַזוי (ס׳איז אפשר אַ מורא, האַ?).

איז אפשר וואָס? איז אפשר ווען?... צוריק קיין סלאָוועשנע (מיר ווייסן גוט דעם וועג)... נאָר ס׳טויג נישט!...

דער טאַטע איז אַוועק אויפן דאָרף.

לאָזט זיך אויס, אַז ביי אברהמען די יידן ווייסן נאָך אויך נישט, ווו זיי וועלן נעכטיקן. אפשר וועלן זיי אַזוי ארומגיין די גאַנצע אַרום שטוב, און ביי אונדז זענען דאָך קליינע קינדער, נו?...

און דער טאַטע האָט אָפּגערעדט מיט אסתרן דער פּעטראָשיער.

...צוויי משפּחות אונדזערע מיט גאָר פּיצעלעך קינדער האָט זי שוין צעטיילט, אסתר, צווישן גוים. אונדז וועט זי באַלד אויך אַן עצה געבן — קומט.

אסתר האָט אונדז פאַרפירט אין אַ גאָרטן אַ נאַסן פון טוי:

— זיצט דאָ איבער אַ ביסל, — זאָגט זי און אַליין איז זי ערגעץ אַוועק.

זיצן מיר זיך אַ קאָרגער צענדליק מענטשן אין פאַרשיידענעם עלטער (הערשלען דעם שוואַרצינקן איז 6 יאָר און דעם טאַטן איז פינף און פערציק). אַלע נעמען מיר אויף אַנדערש דעם נאַסן גאָרטן און די פייכטע זאַמדיקע ראָזאָרע. אָבער בעסער פון אַלץ וואָלט דאָך טאַקע געווען, ווען מיר ליגן שטיל, טאַקע גאָר שטיל. הערשעלע וויל ערגעץ, נאָר מיר בעטן אים, ער זאָל זיך איינהאַלטן אויף אַ רגע און נישט אַרומקריכן. פאַר צרות וואָלט זיך שוין גלוסטן אַ לאַך טון אויך, טופען אָבער אום דאָ נישט ווייט בחורים, אַזוי ווי די פערד טופען זיי און שפּרינגען איבער די פּלויטן. דאָס גייען זיי אַזוי אויף וועטשורקעס! פאַסקודנע בחורים! נעכאַי וואָלטן זיי אויף איין נאַכט אָפּגעלייגט די וועטשורקעס! זיי ווייסן דען נישט, אַז

יידן זיצן דאָ מיט שניר און מיט טעכטער אין די ראַזאָרעס, און יידן האָבן זיך מורא, וואָס זיי טופּען דאָ אַזוי נאָענט און רעדן הויך?

און אסתר קומט נישט... שוין אַזוי פיל שעה, אַז זי איז אַוועק, און אונדז האָט זי איבערגעלאָזן דאָ צווישן די בייטן. אפשר וועט זי שוין אין גאַנצן נישט קומען?... געוויס וועט זי שוין נישט קומען!... די גויים האָבן איר אָפּגעזאָגט...

די מאַמע האָט אָפּגעריסן אַ גרעזעלע פון בייט און זי באַטראַכט עס, זי קלערט זיך אַזוי אַרום עפּעס. זי וואָלט גערן אונדז אַלעמען דערציילט אַרום וואָס זי קלערט אין דער רגע, נאָר איצט איז אפשר נישט כדאי צו פאַרברענגען אויף אַ קול...

— נו, יידן, קומט!

דאָס איז אסתר געקומען אונדז אַ רוף טון. אסתר רעדט גראָב. אַז זי זאָגט „קומט", הערט מען יעדער אות באַזונדער, ווי ער רעדט זיך ביי איר אַרויס, נאָר ס׳מאַכט נישט: „געזונט מעג זי טאַקע זיין, אָט די אסתר, וואָס פאַר אַ טובה זי טוט אונדז אין אַזאַ צייט!" — די מאַמע האָט איר געדאַנקט, און גרעסערע מיט קלענערע, און גאָר קליינע מענטשעלעך קאַטשן זיך איבער, יעדערער אויף זיין אופן, איבער אַ נישט געוווינטן, פרעמדן פּלויט (און איר חידושט זיך נאָך, וואָס מיר האָבן ביי קיינעם גאָרנישט געגנבעט!...).

— שלאָפט ספּאָקאָינע, — זאָגט זי, — דאָס זענען ווילע פּויערים, און זיי האָבן אויסגעשפּרייט אַ בעטל אויך. דאָרט שלאָפט, געוויינטלעך, זייער אַ יונג פּאָרפּאָלק. ס׳איז אַ ריינע סטאָליאַרסקע שטעלכענדל.

די מאַמע האָט אין קורצן צוגעוווּנטשט אסתרן, וויפל איר איז געקומען, און מיר זענען אַריין אין אַ גרייטער אכסניה, ווו מיר האָבן נאָך אפילו אין די אויגן נישט געזען די באַלעבאַטים, און מיר וועלן זיי נישט זען אויך אפשר ביז סאַמע טאָג. — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

ביז טאָג איז ווייט אָדער נאָענט? (ס׳איז דאָך פאָרט מער נישט, ווי אַ זומערדיקע נאַכט). און מיר האָבן זיך איינגעמאָסטעט און איינגעטיילט צווישן זיך דעם פרייען פּלאַץ, ווי אויך דאָס פאַרשפּרייטע בעטל פון דעם

יונגן פֿאַרפֿאַלק... נאָר דער שלאָף איז שוין ביי איטלעכן דורכגעגאַנגען, און פֿון יענער זייט וואַנט קלאַפּט עמעצער. ס׳איז עפּעס נישט אַזוי ווי מ׳קלאַפּט, נאָר אַזוי ווי מען קלעטערט זיך...

ווער זאָל עס זיין? און אויב שקאָצים מיט מעסערס, וואָלט מען אפשר דאַרפֿן האַלטן אַ פֿלאָקן לעבן זיך...

יעדערער קלערט, וואָס אים קלערט זיך, נאָר צווישן זיך איז אַפֿילו קיין צענטן וואָרט נישט!... און וואָס טוט זיך איצט אין סלאָוועשנע? ס׳איז שטיל, צי ס׳איז חגא? און ביי אונדז פֿון יענער זייט וואַנט — נישט אַזוי ווי מ׳קלאַפּט און נישט אַזוי ווי מ׳קלעטערט זיך! אפשר איז עס גאָר אַ 17־יאָריקער שייגעץ, אַ גולמעוואַטער און אַ יתום, אַ שייגעץ אַ שלימזל, וואָס טויג נישט אַ קאָץ אַן עק פֿאַרבינדן, און דאָ וויל ער זיך דערקלייבן צו אַ משפּחה יידן, אַהער אין סטאָליאַרקע שטעלכענדל?... איר וועט זען, אַז איך וועל אים מיט אַ פֿלאָקן דעם קאָפּ צעשפּאַלטן, אָט דעם אַ תם, אָט דעם אַ יתום דעם שלימזלדיקן!...

בוזי שלאָפֿט מיט די מיידלעך. אפשר איז זי טאַקע אַנשלאָפֿן געוואָרן אויך. און מיין מאַמע דאַרף זיך דאָ וואַלגערן אין די פֿרעמדע שטאַלן... און הערשעלע... דוכט זיך, וואָס וואָלט איך נישט אָפּגעגעבן און נישט אָפּגעטון דערפֿאַר, אַז די מאַמע, מיט בוזין, מיט הערשעלען זאָלן זיך נישט וואַלגערן אַזוי. און אַפֿילו דער טאַטע און די שוועסטער!... יענע מאַמע מיט די קינדערלעך זענען ערגעץ ווייט פֿון אונדז. ווו נעכטיקן זיי? אין אַ שטאָל צי אין אַ שטוב? און אין ראַדאָמישלע ווו נעכטיקט מען? און אין פּראָסקוראָוו? — — —

ס׳קען נישט זיין, אַז מ׳זאָל אין פּראָסקוראָוו אויסהרגענען 3000 יידן! 3000 איז אַ גוזמא... און ס׳קלאַפּט דאָרט אַלץ פֿון יענער זייט וואַנט. אויב נאָר איין שייגעץ, וועל איך אים הרגענען. אויב אַפֿילו צוויי און דריי. נאָר אויב אַ סך, וועל איך זיך נישט רירן פֿון אָרט.

שקאָצים גייען ערגעץ וייטער פֿון וועטשורקעס, מ׳רעדט הויך און מ׳לאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — ! זאָלן זיי גיכער דורכגיין

שוין! זיי זענען שוין אַוועק! — — — — — — — — — — — — —

נו איצט וואָלט איך וועלן אָדער אַנשלאָפן ווערן, אָדער ס׳זאָל שוין ווערן טאָג.

קען דען זיין, אַז יעדער נאַכט פרעסט אויף אַזוי פיל צייט, ביז מ׳דערלעבט טאָג? און אפשר קלאָפן דאָרט נישט קיין שקאָצים פון יענער זייט וואַנט, אפשר איז דאָס נאָר אַ שטעלכענדל פון שאָף?...

— ס׳שאָף, — טו איך אַ שעפטשע, קוים וואָס מ׳הערט, — דאָרט איז אַ שטעלכענדל פון שאָף. פון יענער זייט וואַנט קלאָפן זיי דאָרט.

טאָמער שלאָפט עמעצער נישט, וועט ער מיך דערהערן, און איך וועל יענעם מאַכן גרינגער אויף אַ סך.

און ס׳ווייזט אויס, אַז איך בין געשלאָפן אויך. ווארעם ווי אַזוי ס׳איז געוואָרן טאָג, האָב איך נישט געזען.

* * *

אַ פרימאָרגן איז אַ שיינער אין פעטראַשי, און מיר זענען אַלע גאַנץ. וואָס פעלט אונדז נאָך?...

— זאָל אַייזיק פאָרן אין שטאָט אַריין און זען, וואָס דאָרט הערט זיך.

און אַז אַייזיק פאָרט, דאַרפט איר וויסן, פאָרט בוזי אויך. איר איז עפּעס אומהיימלעך אָן אים.

אויף דער אַלטער אכסניה איז דאָס פערד מיטן שפּאַן, אַבי ווי אַזוי, געבליבן גאַנץ. טאָ זאָל זיין געשפּאַנט און געפאָרן. הערשעלע וויל אויך פאָרן. דער וויל אויך, יענער וויל אויך. איז איצטער פאָרט קיינער נישט, חוץ אונדז צווייען, און אַז מירן ברענגען אַ ידיעה וועלן אַלע פאָרן.

אין אַן אַנדער טאָג, און אויף פראָסט לשון, וואָלט עס הייסן, אַז איך מיט בוזין מאַכן מיר אַ קאַטאַשקע, וואָס מיר האָבן זייער ליב. אָבער מיר האָבן דאָך קיין מאָל נישט קיין פערד...

דעם טאַטנס פערד איז אַ גוטער. פאַר 20 מינוט וועלן מיר זיין אין סלאָוועשנע.

דער וואָגן קאָטשעט זיך באַרג־אַראָפּ, צווישן די גאָלדענע ברויטן:

דאָס פערד לויפט דרוזשנע; ס'איז אַ לעבעדיקע וועלט — אַ מחיה! הינטערן שטאָט באַגעגענען מיר אַ פּאַסטעך מיט בהמות. פון אַלערליי קאָלירן זענען זיי, די בהמות, און פון פאַרשיידענער גרעסטעניש.

— בהמות, איר האָט אַלע גענעכטיקט אין סלאָוועשנע. אפשר ווייסט איר אונדז וואָס צו דערציילן? אפשר קענען מיר זיך ביי אייך עפּעס וואָס דערקינדיקן וועגן אונדזער היים, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזט אויף אַ נאַכט אַ נאַכטישער, אין פרעמדע הענט? — — — — — — — —

שאַ, אָט פאָרט נאַאום מיט זיינע אָקסן. ער פאָרט אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ. אַזוי ווי איר זעט אים, נאַאומען, איז ער זיך אַ קורצער גויטשיקל, אַ געגאָלטער און מיט לאַנגע אוקראַינישע וואָנצעס, אַ מענטש אָן ספּעשקעס, און אויב איר קלערט, האָט ער זיך געענוג זייניקס פון וואָס צו קלערן — קיין פרעמדע ענינים גייען אים נישט אָן.

— נאַאום, וואָס הערט זיך עפּעס אין שטאָט?

— טפּפרר! אין שטאָט? וואָס זאָל זיך הערן? גאָרנישט! מ'האָט געטראַסקעט ביי נאַכט, געקלאַפּט און געבראָכן!

— און אַזוי וואָס הערט זיך? — און די זון לייגט זיך דערווייל פלעקנווייז אויף זיינע אָקסן מיט די רויטע פעל אַזוי, און אויף מיין פערד מיט דער אַש־קאָלירענער פעל אַנדערש: מיר פאָרן אין שטאָט, זיי — פון שטאָט. — און אַזוי וואָס הערט זיך אין שטאָט, נאַאום?

— אַזוי — גאָרנישט. פון האָראָדעץ האָט מען געבראַכט פיר זשידקעס געקוילעטע. פרעמדע זענען זיי, חוץ כיטריקס איידעם.

— כיטריקס איידעם? דער הויכער?

— יאָ.

און כיטריקס איידעם איז אַ הויכער, אַ גלייכער, ווי אַ סאָסנע, מרדכי־לייזער גערשטיין! אויב צו אַזאַ גערשטיינען אַז מ'האָט זיך דערקליבן, מ'האָט אים בייגעקומען און מ'האָט אים געקוילעט, איז עס שוין נישט אַזוי פּראָסט...

— וואָרט אויס, נאַאום, ווען איז עס געווען? ווען האָט מען זיי געבראַכט?

— ווען מ'האָט זיי געבראַכט? נעכטן. מ'האָט זיי, נאָך נעכטן, דאַכט

זיך, באַהאַלטן. דווקא אַ שאָד כיטריקס איידעם. ער איז געווען אַ וווּיל יידל.

— און איצט וואָס הערט זיך אין שטאָט?

— איצט שטיל, דאַכט זיך... קסאָ!

— וויאָ!

אַ זון איז אַ שיינע אין דרויסן. די פענצטער פון דער שקאָלע וואָס אויפן גרינעם אונטערן־שטאָט גלאַנצן אַנטקעגן. און דער פרימאָרגן קומט אויס אפילו אַזוי ווי אַ פריילעכער.

בוזי האַלט זיך אָן פאַר מיין האַנט. איר איז זייער שווער, וואָס מ׳האָט געהרגעט מרדכי־לייזערן, כיטריקס איידעם. זי איז אַ יאָר געזעסן מיט זיי אין איין דירה. ביי מרדכי־לייזערן איז אַ שטוב מיט שיינע קינדער, און די עלטערע צוויי יינגלעך זענען שוין גרויסע.

בוזי טוט מיר אַ קוק אין די אויגן און פרעגט:

— אייזיק, אַזוי פשוט שניידט מען אַ מענטשן דעם האַלדז מיט אַ מעסער? אַזוי ווי אַ רינד אָדער אַן אָקס?

איך האָב קיין מאָל נישט געזען, ווי אַזוי מ׳קוילעט.

— און אַ רינד — פרעג איך — האָסטו שוין געזען אַ מאָל ווי אַזוי מ׳קוילעט?

ניין, אַ קאַלב האָט זי געזען, בוזילע, ביי זיי אויפן גאָרטן האָט מען געקוילעט. ס׳זיינען געווען ביי דעם געבונדענע פיס, און עס האָט שטאַרק געכאָרכלט!... זי וויל שוין מער נישט דערציילן, בוזילע, ס׳גרוילט זי, אַז זי דערמאָנט זיך... זי האָט דענטסמאָל אַ וואָך נישט געקענט קוקן אויף זייער קרוב דעם שוחט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז זייער אַ מיאוסע באַשעפעניש, דער שוחט, פע—ע — — — — — — — —

* * *

די גאַסן זענען ביי אונדז אַלע איבערגעקרייצט מיט פעדימלעך פון שרעק. אָבער טרעט מען זיי נאָר אַריבער, ווערן זיי צוריק היימיש, אונדזערע גאַסן, און ליב. ס׳איז נאָר שווער פאַרקערעווען אויף אַ צווייטער

גאַס אָדער געסל. ביז דו שפּאַנסט ווידער אַריבער די שוועל פון אומ־היימלעכקייט און ס׳גייט זיך שוין ווייטער גרינג. און אַן אויסזען האָבן אונדזערע גאַסן נישט פון פּורים און נישט פון חול־המועד: די קלייטן זענען נישט אָפן, נישט פאַרמאַכט. די קרעמערס האַנדלען נישט. די שוסטערס קלאַפּן נישט. אַלע זיצט מען אויסגעשאָטן אויף די פּריזבעס און ווי מ׳טריקנט זיך אויף דער זון.. און אפשר לופטערט מען זיך, און אפשר נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע, נאָר פּשוט מ׳וואַרעמט זיך.

אין שטעטל איז שטיל... ביי נאַכט איז זיך געווען, וואָס ס׳איז געווען, אָבער איצט איז שטיל... בוזי וועט זיך דורכגיין, אפשר וועט זי הערן ערגעץ אַ גרוס פון דער מאַמע מיט די קינדערלעך, און איך פאַר נאָך אונדזערע לייט.

די פיס הייבן זיך נאָך מוטיק, ס׳איז ליכטיק, ס׳איז זוניק און ס׳איז אפילו גרינג.

* * *

דאָנערשטיק איז אַ טאָג, און מיר זענען, דוכט זיך, מענטשן. אין אַ לאַגע זענען מיר נישט גאָר קיין גוטער. נאָר אפשר איז עס פאַר אונדז נישט קיין נייס. ס׳איז דאָך שוין אַזוי לאַנג, אַז מיר שלאָפן נישט אויף אונדזערע געלעגערס. ס׳איז דאָך שוין אַזוי לאַנג אין דערינען, אַז דאָרט, ווו מיר טאָגן, דאָרט נעכטיקן מיר נישט. איז טאָקע קיין חידוש נישט, וואָס היימישע שקצים רייצן זיך מיט אונדז. זיי רייצן זיך מיט אונדז און מיר שוויגן, ווייל אויף פינף אונדזערע — זיינען דרייסיק זייערע.

— גייט, קינדער, צו האַנען סאָכוויעס און טרינקט זיך אָן מיט מילך. — דאָס שיקט אונדז די מאַמע צו האַנען, צו שמאילעס ווייב, דאָרט שטייט אונדזער מילך.

גייען מיר צו האַנען סאָכוויעס. יענע רעדט מיט מיין שוועסטער, אַזוי ווי מיט אַ חברטע, אַזוי זיך פון שטובזאַכן און פון באַלעבאַטישקייט. אין אויוון הייצט זיך ביי איר, און זי דערלאַנגט אונדז מילך מיר זאָלן

טרינקען. גלייך פון די קריגלעך קענען מיר טרינקען, אויב מיר ווילן... ביי איר איז אַ קאַנטיקער פּנים, ביי האַנען, אַ פלאַטשיקע מאָרדע און ווייסע ציין. ביי איר זענען נאָך קלוגע אויגן, לאַכט זי צו אונדז מיטן גאַנצן פּנים, מיט די קלוגע אויגן און מיט די ווייסע גלאַנציקע ציין. און מיר זענען שוין מן־הסתם בעטלערס נישט פון ערשט, — טרינקען מיר ביי האַנען מילך פון האַלב אויפגעשטעלטע קריגלעך. אויבן איז די מילך פעט. שמירן זיך די ליפּן, די נאָז, און פלוצעם טוט זיך אַ גאָס שיטערע מילך, זויערע, און ס'באַגיסן זיך די מלבושים. אַ דאגה! די מלבושים זענען נישט פון קיין זייד, ס'איז נאָר אפשר נישט שיין פאַר האַנען, די אייגענע קריגלעך קענען מיר אַוועקטראָגן צו אונדז אין שטוב, אין דער אויסגעזידלטער, אין דער איבערגעריטעטער, און דאָרט וואָלטן מיר...

— האַנאַ, מ'מעג נעמען?

— נו, נעמט. איר וועט נאָר ברענגען די קריגלעך צוריק, וועט זיין אין וואָס מעלקן אייער בהמה (אַזוי ווי מיר האָבן נאָך אַ בהמה).

— האַנאַ, און וואָס טוען דאָ ביי דיר דאָס רויטע בענקעלע און די צוויי שטולכענס?

האַנאַ איז געוואָרן רויט. זי האָט זיך דען פאַר אונדז וואָס צו שעמען, האַנאַ? נעכאַי וואָלט זי נאָר עפּעס ענטפערן. וואָס ס'נישט איז מעג זי זאָגן — און געגנוג:

— ס'איך האָב געקלערט, איך וועל איבערטראָגן וואָס ס'נישט איז אַהער... וועט איר זיך אומקערן, וועט דאָס זיין אייערס. אַלאַ נישט, טאָ למאַי זאָלן פרעמדע אויפעסן? אָט זענען די פאַרמעס אויך אייערע, די פאַרמעס און די בעקנס.

האַנאַ איז רויט, זי איז פאַרשעמט, זי האָט זיך פאַרלאָרן אַ ביסל. אָבער זי איז גערעכט. גוט, וואָס זי טוט אַזוי. און דאָס קריגל מיט דער האַלב אויפגעשטעלטער מילך טראָגן מיר צום שטוב.

— און ברויט? זע, מיר האָבן זיך גאָר פאַרגעסן, מיר האָבן דאָך נישט קיין ברויט!

היינטיקע נאַכט האָט מען זיך שוין געפּאַרעט קליגער. היינטיקע נאַכט

האָט מען אפילו דעם זויערטייג אויסגעשאָבן פון דייזשע, און אין שטוב איז אפילו נישטאָ קיין פּיצל חמץ.

כוועדאָסיאַ, וואָס לעם ישראל־דודס שטוב, לויפט פון ברונעם מיט אַ קאָראָמעסלע וואַסער. זי וואָלט וועלן דורכלויפן און אונדז נישט דערזען, נאָר די מאַמע שטעלט זי אָפּ.

— כוועדאָסיאַ, דו גייסט אַהיים, ליי מיר דאָרט אַ שטיקל ברויט פון די קינדערס וועגן.

— ברויט? — נישט פון אונדזערט וועגן האָט זי געבאַקט, כוועדאָסיאַ, ברויט. זי איז אַדאַמקעס אַ שוועסטער — אַדאַמקעס, וואָס לעם זיידלס האַרבאַרניע. און זי איז אַ מרשעת. זי קען אָבער קיין חזיר נישט זיין, מיר ווינען אַ טיר אַנטקעגן אַ טיר...

— מאַמע! כוועדאָסיאַ האָט געגעבן אַ פּלעצל!

— זאָל איר גאָט געבן קרענק, דאָס פּלעצל איז אַ פאַרשימלטס!

מיר ברעכן אויף דאָס אַלטגעבאַקענע פּלעצל. טאַקע אַן אמת. אינעווייניק איז עס הוילער שימל. פון וואַנען האָט זי עס געוווּסט די מאַמע? אָבער מ׳דאַרף עסן כאָטשבי אַ פאַרשימלטס.

* * *

מיך וווּנדערט נאָר, פאַר וואָס מיר האָבן נישט פאַרשלאָסן ביי אונדז די שטוב נעכטן, ווען מיר זענען אַוועק.

— כדי מ׳זאָל נישט ברעכן די פענצטער, — זאָגט דער טאַטע. — און מאָטלען פייגלס איז אַ חידוש, פאַר וואָס איך גיי אין אַזעלכע צעריסענע הויזן.

— כדי מ׳זאָל מיך נישט לאָזן אין איינע גאַטקעס, דערקלער איך אים. און איך מיט בוזין גייען מיר אין שטאָט אַריין. אין שטאָט זאָגט מען, אַז יהושע דער קאָזשושניק (פּעלצנמאַכער) האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן מיט דעם געזינד, האָט מען זיך אַריינגעריסן צו זיי אין שטאַל אַריין, תחילת אָוונט איז עס געווען, און מ׳האָט געקוילעט די ווייב און די צוויי זין.

איינער, דער עלטערער, דוד, איז אויך אַ שניידער. ער איז אין מיינע יאָרן און איז זייער אַ שיינער.

דוד פרענק.

יהושעס געזינד רעכנט זיך ביי אונדז איינע פון די בעסטע אין שטאָט, און דוד האָט, הייסט עס, איבערגעלאָזן אַ קינד מיט אַ ווייב.

בוזי איז געוואָרן זייער אומרויִק. די מאַמע מיט די קינדער זענען דאָך אַוועק אויף דעם זעלבן שליאַך. בוזי וויינט. ס׳איז אָבער נישטאָ וואָס צו וויינען. ווען, חלילה, עפּעס — וואָלט מען דאָך געהערט. זיי זענען אַוועק אַ חברה אפשר פון 30 מאַן.

— בוזילע, וויין נישט, און לאָמיר אַ ביסעלע קלערן פון דודן פרענק, פון זיין מאַמע און פון זיין ברודערל חיים־לייב. ער האָט זיך דאָ נישט לאַנג געוועזן געקויפט אַ פידל, חיים־לייב, ער האָט זיך געוואָלט לערנען שפּילן...

און אין גאַס איז נישט פּורים און נישט חול־המועד. יידן זיצן אויף די פריזבעס און אויף די גאַנקעס. גויים שכנים — אייניקע זייערע טוען אויך גאָרנישט. ווער ס׳רעדט מיט אַ יידן אויף דער פריזבע, און ווער ס׳זיצט זיך אויף דער שוועל פאַר זיין טויער. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ זינגענדיקע פרויִישע שטים. ס׳איז געוואָרן אַלעמען הייס, און די האָר האָבן זיך גענומען שטעלן קאַפּויר. עפּעס אַ פרוי גייט אַרום און זינגט... די הענט הענגען ביי איר, דער שאַרף איז נאַכלעסיק פאַרוואָרפן אויף דער פלייצע, און פוןביידע זייטן הענגען די פאָלעס מיט די פראַנדזן... אַזוי טראָגט זי דעם שאַרף, אַזוי הענגען ביי איר די הענט. ס׳זאָל איר זיין וואָס גרינגער און זי זאָל זיך קיין טרחה צוליב זיי נישט דאַרפן אָנטון... און גיין גייט זי אויך אַזוי — נישט ביי־דער־זייט און נישט פון וויטן, נאָר אין סאַמע מיטן גאַס, דאָרט ווו פורן דאַרפן פאָרן. אַזוי גייט זי זיך פריי־טאַליע. פון דאָלינע איז זי אָנגעקומען, און איבערן מאַרק; איצט גייט זי איבער ליסטווענער גאַס אויף דער סאַמע מיט און זינגט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳אַ גולם איך בין, ס׳אַ תם אַן אויסגעשמירטער — ווער זינגט? זי זינגט דאָך נישט! ס׳איז דאָך דודס ווייב! דוד פרענקס! — וואָס

**מ׳האָט אים היינט ביי נאַכט געקוילעט אין בעהון! אין איינעם מיט זיין מאַמע און מיט זיין יינגערן ברודער. דאָס איז דאָך זיין ווייב! און זי זינגט נישט. זי פּרעמפּלט נאָר אַזוי ווי אַ גלח. ניין, זי דעקלאַמירט מיט אַ הייזעריקער אָפּגעלאָזטער שטים אַזוי ווי אין טעאַטער. און אַ ביסל זינגט זי דאָך טאַקע צו אויך. אויף אַ מיטעלן קול מאַכט זי עס, אַזוי ווי זי רעדט צו עמעצן. און גיין גייט זי פּאַמעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט, ווי זי האָט סיי ווי נישט וואָס צו איילן. איר וועג איז דאָך אַזאַ לאַנגער, — נישטאָ זיך וואָס צו איילן! פּונקט אַזוי, אַז זי וועט גיין, וועט זי אפשר טאַקע פאַרגיין. און זי זינגט:**

אַוודאי קענט איר אַלע דודן,
דודן פרענק פון דאַלניע,
יהושע דעם קאַזשושניקס זון.

ער איז אויך געווען אַ קאַזשושניק,
נאָר ביי מיר איז ער טייערער פון פרינצן,
אָט דער־אָ דוד איז געווען מיין מאַן.

אַוודאי קענט איר אַלע דודן.
אין זיין פּנים איז געווען זיך נישט איינצוקוקן,
און גזלנים האָבן אים געקוילעט אין בעהון.

אַ פרישן, אַ צאַפּלדיקן, האָבן זיי אים פון מיינע
הענט אַרויסגענומען.
בעט איך זיי:
גזלנים, קוילעט מיך אויך!

גזלנים, צי האָט איר נישט קיין מענטשיש האַרץ?
איר האָט דאָך אויך ווייבער מיט קינדער!
גזלנים, קוילעט מיך אויך!

איך האָב זיי געקושט די פיס —
איך האָב זיך געשענדעט פאַר זיי
און איך בעט זיך:
גזלנים! קוילעט מיך אויך! —

דוד, דו גייסט נישט,
דו גייסט נישט אָן מיר,
און איך ווייס נישט וואָס טון מיט דיין קינד...

אַך, יידן, וואָס ווייסט איר?...

זי גייט אַזוי ווי די וואַסער און זינגט, און אין מיר זענען פאַרקילט געוואָרן אַלע בלוטן. איך שטיי מיט בוזין אָפּגעקערט לעם אַ וואַנט. מיר זענען נאָך ביידע גאַנצע, און זי וועט נאָך באַלד צוגיין און וועט אַרויסמאָנען איר העלפט.

און וואָס טו איך, אויב זי דערזעט מיך און גייט צו צו מיר, זי נעמט מיך אָן פאַר אַ לאַץ:

— אייזיק, איר קענט דאָך דודן פרענק!...

— אייזיק, איר ווייסט נישט פאַר וואָס מ'האָט נעכטן געקוילעט דודן פרענק?

— אַזאַ שיינער, אַזאַ וואַרעמער! און איצט ליגט ער שוין דאָרטן אַ פאַרגליווערטער. אַט קומט אומיסטן און גיט אַ קוק.

אין מיר קילען מיינע בלוטן. בוזי איז טויט, ווי די וואַנט, און איך וויל גאָר צוגיין צו דאָבען און זי פרעגן:

— דאָבע, איר ווייסט נישט? מ'וועט נאָך מאָרגן אויך קוילען יידן? איר קענט דאָך שוין וויסן דעם אמת! אויב מ'וועט קוילען, טאָ זאָגט, וועלן מיר אפשר זוכן עצות, און אפשר אַנטלויפן.

און איך האָב בוזין קוים פאַרפירט אַהיים. בוזי איז אויף דער צייט, בוזי טאָר נישט וויינען.

* * *

ווער זענען די גרעסטע מחותנים פון אונדזער שמחה, ווייסן מיר שוין: דאָס זענען קאָסענקאָ (קלימס זון), דער קובלינעץ (דער נאַטשאַלניק מיליציע) און מאַריטשקאָ לוכטאַנס — אונדזער שכן (דער אָרעמער, דער ציגיינער, דער ליגנער און וואָס האָט ליב יידן).

אויף מאַריטשקען איז אפילו נישט צו גלויבן: אָט איז ער געשטאַנען דאָנערשטיק אויפן פּלויט לעם זיינע ווײַנשל־ביימער, געשטשיפּעט ווײַנשל זיך אין מויל אַריין און האָט נאָך אַפילו אָנגעשריגן אויף אַ פּאָר גויעס.

— אַ, טראַסצאַ וואַשיי מאַטערי! — האָט ער אָנגעשריגן אויף די גויעס, — וואָס האָט איר זיך דאָס אויפגענומען פּאַר אַ געשעפט, וואָס! צי דען קלערט איר אויפטראָגן יידישע לייבלעך און קליידלעך?

די גויעס האָבן זיך פּאַר אים פאַרענטפערט, אַז זיי זענען גאָר־נישט אויסן. זיי זענען נאָר געקומען אַ קוק טון אויף סלאָוועשנע, אָבער ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פּלויט, זיי צעעפנט די געשוואָלענע בוזימס און אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר־צוויי קינדערשע מייטקעלעך, אַן אַלטן קאַמזויל און אַ פּאָר קינדערשע שיכעלעך. ער האָט דאָס אַ צייל געטון און אַ שאָץ געטון מיט די אויגן.

— נאַ, — זאָגט ער צו פייגלען ישראל־דודס, — נאַ, גיב אָפּ אָרעמע יידישע קינדער, טאָמער קליינינקע יידענונקעלעך אַזעלכע, זאָלן זיי אָנטון.

— בראַוואָ, מאַרקאָ! בראַוואָ! אָט אַזוי דאַרף מען זיי טאָקע אָפּצאַלן, די זלידנעס, די קראַוואָפּיוצעס!

און די צוויי גויעס, איינע אַ יונגע, אַ שיינע, די צווייטע — אַ שווי־גער, איז זיי אַריין די פאַרב אין די פנימער אַריין און זיי האָבן געמוזט פון דעסט וועגן אָפּטרעטן אונטער מאַרקעס אַקאָמפּאַנימענט:

— אַהיים גייט, נאַרישע שקאַפעס! און נישטאָ וואָס זיך קלייבן אַהער! אַז מ׳וועט אייך דאַרפן, וועט מען שיקן נאָך אייך!

— געשעכט, מאַרקאָ! — און פייגל קלערט זיך: האַ? אַזעלכע

גוימלעך האָבן געמעגט זיין אַ סך, נאָר אין אַרעסטאַנטסקע ראָטע און אויף קאַטאָרזשנע ראַבאָטע. פייגל ווייסט שוין עפּעס. זי איז נעכטן אין אָוונט געווען ביי זיי אין שטוב, האָט זי דאָרטן געטראָפן אַ ביסל געסט, אַז זי ווייסט נישט, ווי אַזוי איז זי פון דאָרטן אַרויס אַ לעבעדיקע. ניקאָלאַי דעם קיסרס בילד, וואָס הענגט דאָרטן די גאַנצע צייט, האָט באַקומען גאָר־גאָר אַן אַנדער אויסזען, מיט אַ רויטלעכן יום־טובדיקן אָפּשיין, און אין שטוב איז געווען אַזאַ חגא, וואָס קיין ייד, אַבי ער איז נאָר ביי די געדאַנקען, האָט ער זיך נישט אַהין וואָס צו שטופּן!... פייגל האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגערוקט אויף צוריק, און דערנאָך האָט זי געזען, ווי אַזוי מ׳האָט מאַרקען אָפּגעשיקט אויף אַ פערד רייטנדיק אין די דערפער אַריין. יאָ, דאָס האָט איר נאָך גוט אָפּגעגאָלטן, וואָס זי איז אַרויס מיטן לעבן, און מאַרקעס הויכע, ליגנערישע ווייב מיט אַ פּאַר־שטעקט קליידל אין טאַליע האָט איר גוטמוטיק איינגערוימט:

— דאָס פרעגן זיי זיך אַזוי אויף בראָנפן... מיליציאָנערן, דער נאַטשאַל־ניק און פרעמדע עטלעכע לייט. — און זי איז פריילעך פון אויפנעמען אַזעלכע געראָטענע געסט. קיסרים כאָטש אויף אַ ווילע. און אין אויוון הייצט זיך אַ רויטע מיט יום־טוב באַשמעקטע פרייד, און ניקאָלאַיס בילד באָדט זיך אין גרויסער פייערלעכקייט.

פייגלען געפעלט מוראַזיק, ס׳אַראַ רויִקייט מאַריטשקאַ שטייט עס איצטער אויפן פּלויט און ער שטשיפּעט די ווײנשל צו זיך אין מויל אַריין און טרייבט נאָך די גויעס אויך. — אפשר איז עס אַ כישוף אַזאַ, — האָט זי פּלוצעם אַ קלער געטון. — וויפל ווײנשל ער שטשיפּעט אָפּ, אַזוי פיל יידישע קעפּ וועלן זיי הייַנט לייגן, אָט די געסט יענע. און זי האָט זיך באַלד אַ כאַפּ געטון, אַז ס׳נישטאָ זיך וואָס מאַכן נאַריש, ס׳איז מן־הסתם גאָרנישט. ס׳וועט גאָרנישט זיין.

און דערווייל ווייזן זיך אַראָפּ צו אונדז אויף דער שיניצע מחנות לעוו־קאָוויטשער, מאָזשאַריער און ווערפּיער שקצים, שקצים מיט העמדער אַריבער די הויזן, מיט באָרוועסע פיס און מיט פויגלשע אויגן. מיאוסע פּאַסקודנע שקצים. די פּאָלעס פון די העמדער זענען ביי זיי פּאַרנעצט און ווי אויסגע־פּישט. זיי זענען מיאוסער פון פייגלען, וועלכע זעצן זיך אויף נבלות! זיי

זענען שוין דאָ. מיר האָבן זיי נאָך דערזען אין מיקיטעס געסל, אַז זיי שיטן זיך אַהער. מיאוסע אַזעלכע און גאָר נישט קיין דרייסטע: איין הויכן געשריי אויף זיי — און זיי וועלן זיך צעלויפן. אָבער איך וועל עס נישט טון. זיי זענען אַ סך, אַ היישעריק. מ׳זאָגט, מייז אַ סך, אַז זיי באַפאַלן, קענען זיי אויך אַ מאָל אויפעסן אַ מענטשן...

די שקצים די חתן־בחורס קריכן צו אונדז אויפן בוידעם זוכן. צו אונדז, צו דער מומע. זיי זוכן. וואָס ס׳נישט איז וועט פאַר זיי זיין אַ סחורה.

די שקצים רייצן זיך מיט אונדז, זיי ווייזן אונדז אַ חזירישן אויער, זיי זענען אויף אונדז אין כעס, וואָס מיר האָבן אָפּגענומען ביי זיי אַ סך זאַכן אויף צוריק! מיר האָבן צונויפגערופן שכנים, מיר האָבן אָנגעשריגן אויף די שכנים, די שכנים זאָלן אָנשרייען אויף די פּאַסקודנע שקצים.

די שכנים האָבן אונדז געמוזט פאָלגן און זיי האָבן דורכגעטריבן די שקצים, ביי זיי אָפּגענומען זאַכן, און אַ פּאָר שקצים אַפילו פאַרשפּאַרט אויף אַ געלעכטער ביי דער מומע אין קעמערל.

* * *

דורך דעם אונטערשטן טויער פון האַרבאַרניע־הויף האָבן זיך אָנגעשאָטן אַ טשערעדע גויעס און שיקסעס מיט קליינע שקצימלעך און שיקסעלעך. ס׳איז אַ חברה, וואָס איז געקומען אין שטאָט מיט כלימלעך אין די הענט, טאָמער טרעפט זיך גאַזע, טאָמער דזשעגעכץ — בקיצור, וואָס ס׳וועט קומען אונטער דער האַנט.

זיי האָבן זיך אַ פּנים, דערפרעגט ווו איז דאָ די האַרבאַרניע. און האָבן זיך צוגעשטעלט אַהער אַ פופציק מאַן אַן ערך, און זיי שטעלן פּאַמעלעכע טריט. ס׳איז דאָך פאַרט ווייבער, זיי האָבן זיך מורא טאָמער עפּעס...

— איך וועל זיי גיין דורכטרייבן.

— מ׳דאַרף נישט, — זאָגט די מאַמע.

— איך וועל דיך נישט לאָזן, — זאָגט בוזי.

— זאָלן זיי זיך וואַרגן מיטן דזשעגעכץ, — זאָגן די שוועסטער מיט די שכנות.

און מיר גלוסט זיך זייער איבערשרעקן די גויעס, שוין אַפילו אויסער פּאַרדראָס. אַזוי זיך, פון ריינער שפּיל וועגן.

— איך וועל דיך נישט לאָזן, — זאָגט בוזי.

— מ׳דאַרף נישט, — זאָגט די מאַמע, און איך האָב אויסגעזוכט אַ שטיק שפּאָן פון קאָרע — קיין שטעקן איז נישט געווען אונטער דער האַנט — און האָב זיך אַ לאָז געטון אויף די „פּלישתים״:

— הוליאַ! אַ רוח אין אייער מאַמעס אַריין!

און יענע, נעבעך, אַזוי ווי די דערשראָקענע הינער, אַ מאַך מיט די פליגלען — אַהער, אַ שפּרונג מיט די פיסלעך — אַהין, „גאָט גיב כוח״ — און זיי לויפן. אַ צוויי זענען אָבער שוין פאַרקראָכן אין די סאַמע קודש־קודשים אַריין. זיי זוכן דעם — „דיאָקטיו, קאָליב!״

— איך האָב געמיינט אַ ביסעלע דזשעגעכץ, — קריכט שוין איינע צוריק פון פענצטער.

— אַז מ׳מיינט, פייגערט מען, אַ רוח אין דיין האַרץ אַריין! דו האָסט דאָ קיין דזשעגעכץ נישט אָנגעגרייט! — און איך שינד זי מיט דעם שטיקל שפּאָן.

די צווייטע איז אַריינגעפאַלן אין אַ ביט, און די דריטע איז דורכן פענצטער אַרויס און געכאַפּט פּיס.

— אי, קליאַטשעס צעבאַרעטע, אַ רוח אין אייער טריפהער צורה אַריין! — און אַזוי ווי אַ גאַנער נאָך אַ נצחון איבער אַ קאַץ, אַזוי קער איך זיך אום צו מיינע ווייבער, אַ פולער מיט פרייד פון זיג.

און בוזי זאָגט:

— איך האָב דאָך דיר נישט געהייסן גיין. זיי וועלן באַלד אָנרופן גויים, זיי וועלן זאָגן, אַז מ׳האָט זיי דאָ געשלאָגן, וועט דיר זיין ערגער.

אַזוי ווי צו יאָסלען אָדער מלכן, גייט בוזי צו מיר צו פּעדאַגאָגיש און זי דערוווייזט מיר מיט ביישפּילן, אַז בעסער וואָלט געווען זיין, מן הסתם, ווען איך וואָלט געווען זי פאָלגן.

אָבער איך האָב געזען, אַז מיינע לייט האָבן געלאַכט, ווען די גויעס מיט די שיקסלעך זענען געלאָפן אַזוי ווי די הינער נאָך אַ באַד, און בוזי אַליין האָט אויך געלאַכט. האָב איך זיך נאָר אַ באַרים געטון אויף דעם חשבון פון

די גויים, וואָס וועלן זיך מורא האָבן אַהער ווייזן. און איך בין געווען שטאַרק צופרידן.

* * *

פון שטאָט איז מען דערוויל געקומען און מ'דערציילט, אַז אַכט משפחות קלייבן זיך אויף פורן און מ'פאַרט קיין טוראָוו.

קלוג, זייער קלוג! וואָרום ביז וואַנען איז דער שיער?

אפשר זאָלן מיר אויך שפּאַנען און פאָרן קיין טוראָוו?

די מאַמע גייט נישט איין.

נו, פאָרן מיר נישט.

פון שטאָט דערציילט מען, אַז די משפחות פאָרן שוין נישט קיין טוראָוו. פאַר וואָס?

איין מאָל, האָבן זיך די פורן אָפּגעזאָגט. דער פּאָגראָם־קאָמיטעט האָט זיי, ווייזט אויס, פאַרווערט. און סיי ווי וועט מען נישט אַרויסלאָזן פון שטאָט.

פון שטאָט דערציילט מען, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס קלייבן אַ סכאָד, זיי ווילן זיך לאָדן מיט די יידן. דער גלח וועט האַלטן אַ רעדע, דער ר״ב וועט אויך זיין.

די מאַנסבילן זענען אַוועק אויפן סכאָד. מיין עלטערע שוועסטער מיט בוזין ווילן איך זאָל זיי אויך נעמען מיט זיך.

אַ מאָדנער סכאָד היינט! אַ טאָג נישט קיין יום־טוביקער, נישט קיין וואָכעדיקער. אין מיטן מאַרק אַ שטיקל יאַריד, ווו מ'האַנדלט נישט, ווו ס'שטייען נאָר אין מיטן רעדל דער רב מיטן גלח. דער רב איז איינגעטונקט אין בלוט, כאָטש ער וויינט נישט, ער קרעכצט נישט, ער קרימט זיך אַפילו נישט, נאָר מ'זעט, אַז ער גייט אָפּ מיט אַ גויט־שווייס און ס'צאַפּט זיך פון אים דאָס חיות: דאָ לאָדן זיך זייער נישט קיין גלייכע כוחות, און ביי יעדער פּונקט, ווו דער תקיף וועט זיך נאָר אָפּשטעלן, וואָלט מען דאַרפן זאָגן:

— פּראַווילנאָ, גערעכט!

— פּראַווילנאָ גערעכט!

און דער גלח האַלט די ערשטע רעדע:

— מ׳וועט דאַרפֿן פּועלן ביים פֿאָלק ער זאָל זיך האַלטן, ער זאָל אויפֿהערן בושעווען. אָבער די יידן וואָלטן זיך דאַרפֿן היטן... (פֿאַר וואָס?) — די יידן וואָלטן דאַרפֿן... (וואָס?) — און דער גלח רעדט געהיט און גאָר נישט קלאָר. ער איז נאָך ביים שכל, ער געדענקט, אַז איצט איז די מאַכט נישט קיין קלויסטערשע. אין קלויסטער קען מען אַנדערש רעדן, און דאָ דאַרף מען זיין אַ ביסל געהיט.

איצט באַקומט אַ וואָרט סטאַהדאָט. דאָס וואָרט „סטאַהדאָט״ איז אין גאַנצן אַ שטומער קלאַנג פֿאַר די, וואָס קענען נישט די ריין־רויטע צעקאַרבטע צורה, אין דער רויטער באָרד איינגעפּאַסט, און די צוויי קליינע גזלנישע גרוי־שטעכיקע קוקערס. ס׳איז אַ געזונטער גוי אין די פֿערציקער. אים גליקט אפֿשר נישט אין קיין קינדער, צי אין באַלעבאַטישקייט, דערפֿאַר אָבער האָט ער שוין אָפּגעגעבן אַלע עקזאַמענס אויף זיך באָדן אין יידישע טרערן: יידן זענען פֿרעמדע! יידן זענען וורעדנע! די יידישע בהמות עסן אויף די גאַנצע פּאַשע, די יידן שניידן אויס אויף בעזעמער די גאַנצע וועלדער, די יידישע גענדז פֿאַרמיסטיקן די גאַנצע שיניצע. — איז אַלע יאָר דאָ אַן אַרבעט פֿאַרנעמען יידישע בהמות. און אויב דער פּשרה־מאַכער איז סטאַהדאָט, האָט שוין דווקא די באַלעבאָסטע פֿון דער בהמה קורצע יאָר!... איצט האָט סטאַדהאָט פּאָפּאַקס אַ וואָרט. און וואָס ס׳איז נוגע צו יידן, זענען פֿאַראַן זאַכן, וואָס ער האָט ליב אויסשרייען אויף אַ קול. שרייט ער טאַקע:

—העיוסי... און יידן זענען פֿון אַלע יאָרן אַזעלכע! זיי האָבן אפֿילו געשיקט לאָקשן דעם דייטש בעת דער מלחמה... איצט ווילן מיר נישט, זיי זאָלן זיין קאָמוניסטן.

— ווער קאָמוניסטן? ווו קאָמוניסטן?

נאָר וואָרט אויס, סטאַהדאָט איז דאָך טאַקע גערעכט. ביי נאַכט, ווען מ׳האָט געבראָכן די פֿענצטער, האָט מען וועלוולען, דעם אַלטן און עובר־בטלדיקן שוסטער פֿון דאָלינע, אַריינגעשריגן:

— קאָמוניסט!

— דו ביסט אַ ייד און אַ קאָמוניסט, האָב נישט קיין דאגה, מיר וועלן דיך קוילען! אויב נישט היינט, איז מאָרגן!

פֿע! דאָס זענען שוין גאָר פּאָהאַנע רייד!

און מאַרקאָ אונדזער שכן איז דאָ און ער באַפוילט:

— יידן, גיט געלט. אונדזערע ברידער דאַרפן איצט האָבן געלט, און אַ סוף זאָל דאָס נעמען!

אויב אַזוי, האָבן זיך יידן געקליבן אין קלויז אין הויף און האָבן געגומען טראָגן געלט.

און שפּעטער האָט מאַרקאָ מודיע געווען די יידן:

— העיוסי, ווי דער נאַראַד איז צעבונטעוועט, טאָ זאָל דער עולם זיך האַלטן אין איין אָרט. אין מיטן שטאָט וועט אַרומגיין אַ שמירה מיט געווער! פאַר די אָבער, וואָס וועלן זיך האַלטן ביי די זייטן און אין עק שטאָט, איז ער קיין ערב נישט — דאָס פאָלק איז צעבונטעוועט.

דו ביסט אַ מבין אויף מאַרקען? אַ גאַנצער עלטסטער! ער ציילט דאָס געלט, ער קאָמאַנדעוועט.

— וואָס זאָגסטו, מאַרקאָ, אפשר זיך קלייבן צו מאָטלען דעם קאָמיסניר אין שטוב?

— צו מאָטלען דעם קאָמיסניר? — זאָגט מאַרקאָ, — צו מאָטלען דעם קאָמיסניר? טאָקע פּונקט גוט. קלייבט זיך אַלע צו מאָטלען דעם קאָמיסניר!

ביי מאָטלען וווינט די „בעזדיעטנע” שנור פון אויבן אין די געפּאַרבטע הייזער. אונטן וווינט מאָטל אַליין. ביי מאָטלען פון אונטן איז אַ וואָקזאַל, נישט קיין שטוב. מענטשן גייען צו אים שטענדיק אויף און אָפּ. הן פון יידן, הן פון פּויערים — זיינע פורמאַנעס. יענע האַלטן פון מאָטלען מיט זיין שטוב:

„ווענמען, וועמען, מאָטלען וועלן זיי נישט לאָזן מ׳זאָל הרגענען”.

און ביי מאָטלען איז די שנור אַ פּעטע, אפשר די פעטסטע אין שטאָט, אָבער זי איז אַ פאַרנעם. זי איז אַ גרויסשטאָטישע און זי וויל אַ קינד.

קען זיין, אַז יוכבד, מאָטל ראַטנערס שנור, זאָל זיך היינט ביי נאַכט באַגעגענען מיטן פּראָסטן פאָלק. אַן אַנדערש מאָל טוט זי עמעצן פון פּראָסטן פאָלק נאָר אַ טובה, און איצט וועט זי מיט אַלעמען זיין אויף גלייכע רעכט. זיי וועלן זיך אַלע אין איינעם דאַרפן באַהאַלטן אָדער וואָס.

ווייסט שוין די שטאָט, אַז צו מאָטל ראַטנער גייט מען נעכטיקן.

און די איבעריקע הייזער אין פראָנט מעגן אויך זיין רויק. און טאָמער

וועלן אַנדערע יידן וועלן זיין קלוג, וועלן זיי ווייטער גיין צו גויים נעכטיקן, ווייל ביי מאָטל ראַטנער איז שוין סיי ווי פול און פול.

דער טאַטע איז געקומען מיט דער גוטער ידיעה:

— ס׳וועט שוין היינט אויף דער נאַכט זיין שטיל. מ׳קען שוין אפילו נעכטיקן אין שטוב, ווען מ׳וויל. נאָר אויב מיר ווילן נישט זיין אַזוי פּיין, קענען מיר גיין צו מאָטל ראַטנער. יאָ, דער טאַטע האָט באַצאָלט נישט נאָר פאַר זיך, נאָר אפילו נאָך פאַר עמעצן.

גערעכט, פאַר אַזאַ בשורה קומט דעם טאַטן אַלדאָס גוטס. עפּעס אַ קלייניקייט! ס׳איז דאָך אפילו שווער אַזעלכעס צו גלויבן, אַז ס׳זאָל זיך פאַרמאַכן, אַזוי ווי מיט אַ מאַשין דער שוואַרצער שלונג ביים פּאָגראָם און...

— יידעלעך, דערקענט זיך יעדערער זיין שטוב, לאָדעט־צו די פענצטער, די טירן און שלאָפט זיך רויק!...

די מאַמע וויל נישט גיין צו מאָטל ראַטנער. די מאַמע האַלט נישט פון אַזעלכע גליקן.

— נו טאָ ווו־זשע וועלן מיר נעכטיקן? — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַנטקעגן אונדזער שטוב און אַנטקעגן אונדזער טיר שטייט פאַר צוואַנציק טריט ישראל־דודס שטאַל. מיט די פּלייצעס צו אונדז שטייט זי. אונטער דער שטאַל ליגן אַנגעוואָרפן דעמבענע קלעצער (אַנדערע שוין אפילו געטעסעטע). איז אויף די־אָ קלעצער קובלען מיר זיך די גאַנצע צייט, זינט ס׳ציט זיך שוין דער פּאָגראָם. דעם טאָג פאַרברענגען מיר אויף די קלעצער, און די נאַכט, — ווו גאָט גיט. מיר, די מומע מיט די קינדער, פייגל ישראל־דודס משפחה — אַלע קובלען מיר זיך דאָ. דאָ וואַרעמען מיר זיך אויף דער זון, דאָ נעמען מיר אויף נייס פון שטאָט, פון דאַנען האָבן מיר זיך געקריגט מיט די שקאָצים, פון דאַנען האָב איך אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די גויעס. און אין שטוב אַריינגיין גלוסט זיך נישט. דאָרט איז זייער אומהיימלעך, ס׳שמעקט מיט פּוסטקע, און דעם טיש האָט מען אויסגעדרייט די הינטערשטע פיס.

איינער אַ שכן — מיר ווייסן שוין זיין נאָמען — האָט מורא געהאַט, טאָמער איז אינעם פאַרשלאָסענעם טיש־קעסטל פאַראַן געלט.

„אין אמתן טאַקע! טאָמער ליגט דאָרט דער סאַמע גלאַוונער טייסטער מיט די סאַמע גלאַוונע געלט?" אלא וואָס? דער טיש האַלט צו דעם שופלאָד פאַר אַ שלאָס? איז צו דערצו פאַראַן אַן עצה: מ'דאַרף דעם טיש אויסדרייען די פיס, און אונטער אַ נויט מעג מען אפילו ווערן אין כעס אויף!

איז ער טאַקע געוואָרן אין כעס, דער לוויתן, און אויסגעדרייט דעם טיש די הינטערשטע צוויי פיס.

אַוועק איז ער אַ געטרייסטער:

קיין געלט איז אינעם שופלאָדל נישט געווען. דאָרט איז נאָר געלעגן דעם טאַטנס פּעקל טוטין, דאָס פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר און דעם טאַטנס פּאַספּאָרט.

נו, מילא, פאַרפאַלן! און דער טיש ליגט אויסגעלייגט אויפן מיטן שטוב, ווי אַ חזיר, וועלכן מ'גיט איבערן רוקן און ער הייבט אָן שלעפּן די הינטערשטע פיס. מן הסתם האָט ווער פון אייך געזען אַזאַ סצענע, כאָטש די מאַמע האָט אויף אונדז שטענדיק געשריגן, מיר זאָלן נישט שלאָגן די חזירים איבערן רוקן. ביי אַ חזיר איז דער רוקן דאָס שלאַפסטע אָרט! הכלל, וווהין גייען מיר נעכטיקן?

— די מאַמע מיט די קינדער צו אַוודייען אין שטאַל, און דער טאַטע — צו ראַטנערן?...

ווען וועט שוין מיין טאַטע ווערן קליגער אין אַזעלכע זאַכן און ט'נישט אַוועקגיין ווייט פון דעם געזינד? אין אַזאַ צייט צעטיילן זיך נישט קיין געזינדן! אפשר געלטזאַכן, ווער ס'האָט, באַהאַלט ער אין עטלעכע ערטער: אַז מ'וועט אויסגראָבן אין איין אָרט, וועלן בלייבן די איבעריקע.

אָבער געלטזאַכן זענען אַהער נישט קיין משל. געלט איז עפּעס אַנדערש.

זעליק ברוך־אייזיקס איז געקומען און זיך צוגעזעצט צו אונדז אויף די ברוסעס. ער איז שוין אָנגעטון און איז גרייט צום פאָרן. אַ מאָל מאַכט זיך, אַז אַ בעל־עגלה נעמט אָן נעבן אונדז פאַרשווינען. קומען צו אונדז יונגע־לייט פון שטאָט אָנגעטוענע און מיט פּעקלעך אין די הענט שוין גרייט צום פאָרן.

זעליק, האָבן מיר געזען, האָט זיך אויך אויסגעקליבן אין וועג. ער

קלערט נישט פון זיך אומקערן אַהיים — ער האָט דאָרט גאָרנישט פאַרגעסן.

יאָ, זעליק, רעכט. דו ביסט אין אַלצדינג גערעכט. נאָס וואָס? קיין בעל־עגלה וועט דאָך אַהער איצט נישט צופאָרן. אַי, דיר איז היימישער מיט די האַרבאַרעס — ביטע! מירן גיין אין איינעם ערגעץ נעכטיקן.

און איך בין צופרידן. זעליק איז בוזיס אַ פריינד, וועט טאַקע זיין בוזין אַ ביסעלע פריילעכער צו לעבן ביי אונדז אויף דער שיניצע, און זי וועט זיך נישט פילן אַזוי עלנט — דאַיאָש!

— וווהין־זשע גייען מיר נעכטיקן? — — — — — — — — —

...יעווראָסי פון ליסטווען, ער האָט ביים טאַטן אַ פעל אין דער אַרבעט. האָט ער זיך צוגעשטעלט. ער זיצט לעבן טאַטן און רעדט. אַ גוי, וואָס איז נישט לאַנג געקומען פון סאָלדאַטן, אַ געזונטער, אַ יונגער, און, דוכט זיך, אַז אפילו אַ קלוגער. מיט גאָלדענע וווּליונגעריש־פאַרדרייטע וואָנסן.

איך מעג אפשר הערן, וואָס ער פאַרברענגט דאָרט מיטן טאַטן...

„ווען וועט אַרויסגיין זיין פעל פון דער אַרבעט?״.

„מן הסתם דענסטמאָל און דענסטמאָל, ס׳גייט דאָך שוין איבער די פלאָמעטע״.

„ס׳גייט שוין איבער? ער האָט נישט געהערט ס׳זאָל איבערגיין״.

דער טאַטע איבערצייגט אים, אַז ס׳איז שוין פעסט, וואָס פעסטער קען נישט זיין.

נאָך וואָס נאָך איז ער געקומען:

„טאָמער וואָלטן מיר ביי אים באַהאַלטן אונדזער שפאַן?...״ „דעם פערד און וואָגן...״

„ביי נאַכט וועט מען געווים ראַבעווען פון די שטאַלן...״

אומזיסט האָב איך אויף אים געמיינט, אַז ער איז אַ קלוגער. ער קלערט, אַז מיר וועלן האַלטן דאָס פערד אין שטאָל און וועלן וואַרטן ביז ער וועט ביי נאַכט קומען ראַבעווען. און דאָס פערד שטייט דאָך שוין פון נעכטן אָן, מן הסתם ווייסט איר ביי וועמען אין שטאָל.

— ניין, — זאָגט דער טאַטע, — דאָס פערד וועט קיינער נישט נעמען. איך דאַרף אים נישט באַהאַלטן, כאָטשבי אפילו ביי אַזאַ כאַזיאַין, ווי דו.

— און די בהמה?

— די בהמה וועט אויך קיינער נישט נעמען.

זעט איר שוין! ווי קלוג און געקראַכמאַלעט די וואָנסן זאָלן נישט זיין ביי יעווראָסיען, איז ער דאָך ווייט פון חכמה. וואָרום אַז ער מיינט אונדז איבערקליגן מיט שטילע און חניפהשע ריידעלעך פון אַ געטרייען און אַ בעל־טובה, — איז ער דאָך שוין אַ נאַר!

ער האָט נאָך געקאַניוטשעט און געקוועטשט זיך ביי אַ פערטל שעה און איז אַוועק מיט דעם, וואָס ער איז געקומען. כאָטש זייער און זייער נישט צופרידן:

— זע־זשע, פּאַני לייב, מיין פעל זאָל מיר זיין גאַנץ, וואָרום...

— צו דיין פעל וועט דערוויל קיינער נישט צושטיין, דו מעגסט זיין זיכער, גיי אַהיים און עס וועטשערע.

און ער איז אַוועק כמעט אַן אַ גוטער נאַכט.

און נעכטיקן גייען מיר נישט צו מאָטל ראַטנער און נישט צו אַוודייען. מירן איבערנעכטיקן אין וועלדל אויף די ניוווקעס. מ׳דאַרף נאָר גיין שטיל און איינציקווייז, אַז די שכנים זאָלן נישט באַמערקן... און אויב ס׳וועט זיין שטיל אין שטעטל, טאָ לאָמיר אָפּקומען מיט דעם, וואָס מיר וועלן איבערשלאָפן אַ נאַכט אויף די ניוווקעס (די ניוווקעס זענען אָפּגעצוימטע און בשכנישע מיט אונדז, אַ טויזנט טריט פון אונדזער שטוב). — — —

אין אַ שעה אַרום איז אונדזער גאַנצע משפחה געווען אויף די ניוווקעס. אין איין קליין קופּקעלע זענען מיר זיך געזעסן צווישן די ביימלעך. דער מומעס געזינד איז מיט אונדז נאָך געווען, און ביי דער מומעס טאָכטער, ברכה׳ן, זענען פּיצלעך קינדער. די מומע איז אין כעס. זי זאָגט, אַז די פּיצלעך טינופּתן קענען אונדז איטלעכן אומגליקלעך מאַכן.

— פאַרשטופּ זיי דאָרט דאָס מויל מיט טינוף און זאָלן זיי שטומען!...

ווי קומט עס צו דער מומען זי זאָל זיין אַזוי אין כעס, און נאָך אויף אירע אייגענע איניקלעך?

— — — — — — — — — — — — — — — —

און דאָס וועלדל אויף די ניוווקעס האָט זיך פלוצעם־דרינען געסט, פאַרדעכטיק־שטילע און אומגעריכטע.

ווייסטו וואָס, וועלדל, דו טשעפּע אונדז נישט און מיר וועלן דיך נישט טשעפּען. לאָז אונדז, מיר וועלן שטיל איבערזיצן די נאַכט.

...און אויב די נאַכט וועט אונדז איבערגיין ווי אַ רויִקער גענעץ, וועט דאָך זיין אַזוי גוט, אַזוי גוט... ביי מאָטל ראַטנער אין שטוב זאָל איבערגיין די נאַכט שטיל און ווי אַ רויִקער גענעץ.

פוגאַטשאָוו האָט זיך צו זונפאַרגאַנג געבראַכט צו שלעפן צו אונדז אין וועלדל (לעדערמאַן איז זיין פאַמיליע) מיט זיין ווייב, וואָס איז שענער פון אים, און מיט די קינדערלעך. די עלטערע יינגלעך פון 7 און 9 יאָר זענען געקומען אָנגעגורט אין די פאַלטעלעך, דרייסט און ווי אַן עלטערער וואָלט אַ מאָל בעטן ביים קלענערן הילף:

„אַנו העלף מיר פאַרגעבן אָט אַ יענץ אויף דער פּלייצע!״

און דאָס קליינוואַרג איז שטענדיק גרייט.

„לאָזט, ‚איך׳ וועל!״ „אַנו, לאָזט, אָט וועל ‚איך׳!״.

נו, טאַקע גוט, וואָס איר זענט געקומען, נאָר שטילער. אַלץ — אַבי שטילער.

און דער אָוונט האָט זיך גענומען רוקן אויף אונדז, אַן אָוונט אַ תמוזדיקער, אַ ליבער, און פייגעלעך, וואָס גרייטן זיך צום שלאָפן, מוזן זיי דאָך פריער אָפּזינגען זייערס. —

— טאָ פאַר וואָס דען נישט? זינגט זיך, פייגעלעך, געזונטערהייט. זינגט אויף היינטיקס מאָל לאַנג, לאַנג, און באַוועבט אונדז מיט אייער געזאַנג, ווי מיט די דינע הערעלעך פון ווייטע סטרונעס. באַוועבט אונדז און באַשיצט אונדז, איר, אויף אונדזער פרישן, נישט געוויינטן געלעגער!

געוויס וועט היינטיקע נאַכט דורכגיין גוט. נאָר מיר איז נישט שיין פאַר דער מאַמע מיט בוזין מיט הערשעלען, און פאַר די שוועסטער איז מיר נישט שיין. כ׳האָב זיי געדאַרפט באַזאָרגן מיט בעסערע געלעגערס און מיט אַ מער זיכערער דירה. נו, יאָ, אויף מיר איז דאָס אַלצדינג חל...

די קלענערע קינדער שלאָפן שוין, און דער עלטערער עולם שושקעט זיך נאָך. זיי פאַרזיכערן, אַז געוויס וועט דורכגיין די נאַכט בשלום. באַזונדערס זענען אין דערינען איבערצייגט דער טאַטע מיט פוגאַטשאָוון.

זיי זענען סוחרישער. זיי וויסן וויפל מ'האָט באַצאָלט, ווען מ'האָט באַצאָלט און פאַר וואָס מ'האָט באַצאָלט:

— ס'איז געוויס אַ נאַרישקייט, וואָס מ'איז נישט געגאַנגען צו מאָטל ראַטנערס נעכטיקן — נישט זיך וואַלגערן דאָ!

* * *

צוגיין אין שטאָט זען וואָס דאָרט הערט זיך לאָזט מען מיך נישט. זוען איך האָב אַ שפּאַקטיוו אַרום זיך, וואָלט איך געקוקט כאָטש פון דאַנען וואָס דאָרט טוט זיך. איך וואָלט זייער וועלן זען, וואָס ס'טוט זיך איצט ביי מאָטל ראַטנער אין שטוב.

ביי מאָטל ראַטנער איז אַ הילצערנע צווייגאָרנדיקע שטוב, האָבן זיך אַהין אויפגעקליבן יידן און ווייבער און קינדער. יידן אַלערליי, חוץ אפשר דאָבעון פרענק און מרדכי־לייזערס ווייב... וואָלט איך זען, ווי פירן זיי זיך דאָרטן, די יידן, אין אַזאַ ענגשאַפט — אַלע אָנגעשלאָגן אין איין שטוב און מ'איז אויף, אַזוי ווי אין נאַכט פון כפרות... און ווי פירט זיך דאָרט מאָטל ראַטנערס שנור די גרויס־שטאָטישע. צי זאָגט זי דאָרט נישט עמעצן „פאַרדאָן", „איזוויניטע", — האַ? און איך וואָלט געזען וויפל מענטשן זענען דאָ צום ערשטן מאָל אויף זייער לעבן ביי מאָטלען אין שטוב. און דער עיקר פון אויבן אין די געפּאַרבטע הייזער!... זיי זאָלן זיך כאָטש דאָרט נישט פילן אומהיימלעך... אַ גרויס נאַרישקייט האָבן נאָך, ווייזט אויס, אויך אָפּגעטון די אָורוטשעווער משפחות — די, וואָס וווינען אין צוויי שטעט: וואָס דען? ס'זענען פאַר זיי קאַרג געווען די אָורוטשעווער פּאָגראָמען?

און איך וואָלט געזען, ווי אַזוי גיבן דאָרט די ווייבער זייערע קינדער זויגן. ס'איז דאָך אַ פולע שטוב, אָן עין הרע, מיט מאַנסבילן. און אַ סך יונגע מאַמעס דאַרפן געבן זייערע קינדער זויגן. און ביי מאָטל ראַטנער קער שוין זיין אַזאַ היץ, אַז די לאָמפּן אונטער דער סטעליע לעשן זיך. אַ קלייניקייט — אָן עין הרע, אַזאַ ענגשאַפט!... און פון וואָס פאַרברענגט מען דאָרט צווישן זיך ביי מאָטל ראַטנערס אין שטוב... דאָרטן זענען דאָך פאַראַן אַ סך חדרים, אפשר איז אין יעדער חדר אַ באַזונדער פאַרזאַמלונג?

צי די בעלי־מלאכות האָבן זיך אויפגעקופּעט אין קיך און זיי שעמען זיך נאָך אַלץ פֿאַר די באַלעבאַטישע יונגעלייט?

ווייטער, ווען איך האָב אַ שפּאַקטיוו, וואָלט איך אַ קוק געטון, וואָס הערט זיך ביי די קלענערע מנינים און וואָס טוט לאהקע די פּישטשאַלקע אין באָקעיעווטשינע (אַ וויאָרסט פון סלאָוועשנע).

אַ גוטער פריינד אירער האָט זי אויסגעבאַהאַלטן ביי זיך אין סטעפּקע. זי איז אַן אלמנה און אַן אשת־חיל איז זי, מיט אַ סך שוואַרצינקע קינדערלעך. אויך רעדט זי זייער אויף אַ פּישטשענדיקן קול, דערפֿאַר רופט מען זי טאַקע לאהקע די פּישטשאַלקע...

ליגט זי איצט מיט אירע קינדער ביי מיכאַלן אין סטעפּקע און די איבעריקע גויים ווילן נישט ליידן:

— גיב אונדז אָפּ די יידן, — זאָגן זיי, — מיר הערן דאָ אַ יידישן ריח!... גיב אונדז אָפּ די יידן. דו וועסט בעסער מאַכן!...

מיכאַל איז אָבער דער פּישטשאַלקעס אַ גוטער פריינד. אַ קליינע איז זי, ווי אַ הון, און איז שטענדיק אַ פּאַרנומענע. זי איז אַן אשת־חיל, וויל זי מיכאַל נישט אַרויסגעבן.

— טשעפּעט זיך אָפּ, — זאָגט ער, — שכנים. איך זאָל אפילו האָבן, — זאָגט ער, — יידן, וואָלט איך זיי אייך אויך נישט געגעבן.

— ניין, — זאָגן זיי, — גיב אָפּ, דו וועסט בעסער מאַכן.

— וויל איך נישט! — ענטפערט מיכאַל, — איר דאַרפט טויטע יידן, און איך פֿאַר זיך וויל אָפּשטעלן איינעם אַ לעבעדיקן! מיין חלק וויל איך זיך אָפּשטעלן אַ לעבעדיקן. אַהאַ! און איר מיט אייערע טויט אייך וואָס איר ווילט!... און גייט אייך געזונטערהייט. גייט קיין סלאָוועשנע — אין סלאָוועשנע זענען נאָך פֿאַראַן אַ סך יידן!...

און לאהקע די פּישטשאַלקע — זי זאָל זיך גאָר אָנהייבן שרעקן! זי פּישטשעט נאָר אין דער שטיל און שעלט זיי, די חזירים:

— אַ טויט אויף זיי! ביסט אַ מבין אַ ביסל וואָס חזירים קענען? האַדעס! נישטאָ קיין טויט אויף זיי! אַ גוטע קרענק וועל איך שוין מיט זיי מאַכן מסחר! זיי וועלן זיך שוין ביי מיר בעטן! אַ כאָליערע אויף זיי, אַ טויט אויף זיי!...

די קינדער בעטן זי, זי זאָל אויפהערן, זיי האָבן זיך מורא.

— מאַמע, הער אויף, — שלעפּן זיי זי פאַרן אַרבל.

און זי:

— גייט אין דער ערד אַריין גייט! מיט זיי אין איינעם! איר לאָזט מיר נישט אָפּ מיין קאָפּ?

מיכאַל האָט אָנגעקלאַפּט אין טירל:

— זיי ספּאָקאָיִנע, לייאַ, איך האָב זיי דורכגעטריבן... דו זיצסט איבער צוויי טירן זיצסטו, און איבער צוויי שלעסער! איך וועל דיך וואַרטעווען, זיי רויִק.

— וואָרום אַ ברכה אויף דיין קאָפּ, מיכאַל! אַ גוטע קרענק וועל איך זיי אַריינלאָזן אין שטוב אַריין! זיי וועלן שוין צו מיר אין שטוב אַריין נישט דערלעבן קומען.

און מיכאַל בעט זי אויך:

— טילקאָ, לייאַ, ציט! זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן מיך אונטערצינדן, אויב וואָס... נישקשה. מ׳זאָל אפילו אויסהרגענען אַלע יידן, וועל איך דיך אויך נישט אָפּגעבן! מיין חלק, האָב איך פּראָווע מיט אים טון וואָס איך וויל!... — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב אַ שפּאַקטיוו, וואָלט איך אויך געזען ווי מ׳מאַכט קידוש ביי דעם נאַטשפּאַטשט... און דאָרט אונטן ביים נאַטשאַלניק אין קעלער זיצן יידן. זיי האָבן זיך אַהין אַריינגעבעטן. איצט הערן זיי, די יידן, ווי מ׳טרינקט, מ׳זינגט, מ׳טאַנצט און מ׳הוליעט. פּאַר וועמענס קאָפּ טרינקען זיי עס איצט לחיים?... דער נאַטשפּאַטשט, דער נאַטש־מיליציע, די שרייבערלעך און נאָך אַ פינף יונגע־לייט? מאַרקאָ טרינקט מיט די פּריצים לחיים און ער קושט זיך מיט זיי. ער מאַכט זיי איטלעכן רוסישע, און מ׳זינגט אין איינעם שיינע לידער... די יידן אין קעלער זענען נישט רויִק, זיי זענען זייער נישט רויִק.

און איך וויל גאָר באַגעגענען דעם קורצן פאַרשוין קלימקען, דעם פעטער זלמנס שכן, און זיך מיט אים אַ רייץ טון:

„כאָטש דו האָסט נחת פון דיין זון, כאָטש דו ביסט דער נאָענטסטער רכילותניק אין שטאָב און דו ווייסט דער ערשטער, וואָס דאָרט טוט זיך,

אָבער אַ גוטע קרענק טרינקסטו אין איינעם מיט זיי בראַנפן, אַטאַ ביים נאַטשפּאַטשט ! דו שטייסט נאַר, ווי אַ סאָווע און גלאָצסט מיט דיינע כיטרע אייגעלעך אויף דער אַנטאַנאַוויטשער גאַס אין דער פינצטער, און אין דיין כיטרען ליגנערישן קאָפּ שאַפן זיך שוין נייסן.

„שוין אָבער נישטאַ וועמען צו דערציילן ! דער אַלטער זלמן זיצט שוין נישט אין זיין שטוב. און פון די פענצטער ביים אַלטן אין שטוב קוקן נאַר פינצטערע פאַרדזשעגעכצטיקע לעכער.

„קוק, סאָווע, קוק, און ווייסטו וואָס, קלימקאַ, דיר לייגט זיך גאַרנישט אין דיין כיטרען מוח, אַז איך וויל זען דיין טויט ? דיינעם און דיין זונס ? כאָטש דו שטייסט איצט איינער אַליין אין מיטן האַלבער נאַכט אויף דער פינצטערער אַנטאַנאַוויטשער גאַס, מיט עלנט און מיט האָפענונג אין טריפהנעם האַרצן און דו וואַרטסט אויף עפּעס.

„קלימקאַ, אַ רוח אין דיין טריפהנער צורה אַריין — דו וואַרטסט אויף עפּעס" ! !... — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען איך קוק דורך דעם שפּאַקטיוו, וואָלט איך דאָך נאָך אַ סך זאַכן געזען, ווו ס'נעכטיקן איצט די מאַמע, די קינדער מיט נאָך עטלעכע דערפער יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט וואַגלען אַלץ, אַהין־און־וויטער פון שטאָט. נאַר זיי זענען גיכער פון אַלץ אויסער יעדער געפאַר. כאָטש דודן פרענק האָט מען אין יענע דערפער געקוילעט. דודן פרענק מיט זיין מאַמע און מיט זיין בראַטאַק. אויך אשר גערשטיינס טאַטע מיט די פרעמדע בראַקאַרן זענען אין יענע דערפער אומגעקומען... ניין, די מאַמע מיט די קינדער האָבן שוין געקערט וויט פאַרגיין !... און ביים גלח אויפן בוידעם נעכטיקן אויך יידן. אַז ס'וועט קומען צו עפּעס, וועט ער זאָגן :

„פאַרקערט, ער האָט נאָך יידן אַפילו אויסגעבאַהאַלטן !"

און נאָך אין גוישע שטאַלן נעכטיקן היינט יידן, כאָטש די באַלעבאַטים פון די שטאַלן אַליין, ווער ווייסט צי זיי וועלן היינט נעכטיקן אין דער היים !

וואָס איז די רייד ? אויף מאָטל ראַטנערס שטוב האָט איצט געדאַרפט הענגען אַ ראַדיאָ. ווייל מאָטל ראַטנערס שטוב איז איצט אויף וואָגשאַלן,

און מאַטל ראַטנערס שטוב איז איצט דער דופק פון אַ סך אויפגעגאַנגענע, דענערווירטע וועלטן.

און קיין שפּאַקטיוו האָב איך דווקא נישט לעם זיך, איך זאָל קענען עפּעס זען. איך זיץ אין דער פינצטער, פאַררוקט צווישן ביימלעך, לעם מיר איז דאָ אויסגעגאָסן אַ נאַכט, און גראָז וואַקסט דאָ נאָענט. יאָ, גראָז.

וואָס שאָרכעט עס דאָ לעם מיר? וואָס?

מן הסתם איז עס אַ זשוקעלע אין גראָז, אָדער אפשר אַ יונג פייגעלע אין נעסט ריעט זיך דורך אין מיטן שלאָף, און זעצט זיך איבער פון איין אָרט אויפן אַנדערן...

מיינע אַלע שלאָפן שוין כמעט.

„שלאָף אויך, איציק. דו וועסט איבערשלאָפן, און דאָס אַל דאָס בייזס וועט פון דאַנען אַוועק אויף פוסטע פעלדער און טרוקענע וועלדער. אויף שטיינער און אויף העלצער וועט אַל דאָס בייזס אַריבער!" — מיר גלוסט זיך עמעצער זאָל דאָס מיר שעפּטשען אויפן אויער שטילערהייט. און איך זאָל נאָך זיין גאָר אַ קליין קינד, אפילו קלענער פון הערשעלען מיט יאָסעלען, אַזוי ווי דאָס קינד, וואָס שלאָפט ביי דער מומעס שנור אין פאַלע... און דאָ נישט ווייט ליגט לעם מיר בוזי. מיט די הענט טאַפּ איך אָן איר שיכעלע און איך קלער: בוזילע, דיינע הענט און פיס זענען קיל פון דער אָוונטיקער פרישקייט. (דיין דין קליידעלע איז דיר נישט קיין גענוגע קאָלדרע), אָבער איך הער, אָט הער איך, ווי דיין יונג בלוט לויפט אום אָט־אָ, הין און צוריק און בריה׳ט זיך — עס וויל דיר אָנטראָגן וואַרעמקייט.

גוט, מיין קינד, וואָס איך הער דיין בלוט אין דיין לייב אַרומלויפן, ווייל מיט דוד פרענק איז שוין זייער שלעכט אין דעם זין, — און איך וואָלט וועלן בוזילען אויפוועקן. זיך נאָך מער דערוויסן, אַז זי איז דאָ, — זי איז מיינע...

מיט בוזיס שיכעלע ענדיקט זיך שוין די רעדנע. טאַפּ איך אָן שאָרסטקע גראָז, און נישט קיין געשמאַקע און טרוקענע, צעריבענע ערד.

גוט, וואָס ס׳שלעפערט מיך, און גוט, וואָס ס׳שטיל אין שטאָט, נאָך

אין צוויי שעה אַרום איז שוין טאָג, און ס׳וועט טאַקע זיין אמת וואָס... און יעוואַסיע וויל צונעמען דאָס פערד... און שיקסעלעך — אַ פולע שטאָט מיט קליינינקע שיקסעלעך... ביי מאָטל ראַטנערס אין שטוב... — — — — — — — — — — — — — — — —

און ס׳חלומט זיך מיר אַ ליכטיקער הויף מיט אַ סך שיינענדיקע מענטשן, עפּעס פאַרענדערטע און נישט קיין היגע... און די מענטשן זענען דאָך גאָר נישט קיין מענטשן... ס׳איז גרינע פּאַשע מיט טיפע, שווערע שאָף און רינדער, קוים וואָס די ערד האַלט זיי — אַזעלכע שווערע... און די רייכקייט ברייטערט דעם בליק, און די זון שפּאַצירט אַרום אַ גרינגע, אַ פאַרנאַכטיקע, אָנגעטון אין אַ שלייער פון גנאָד. פּלוצעם האָבן די רינדער גענומען קאָפּען מיט די פיס און ס׳האָט זיך פאַרצויגן אַ געדיכטע כמאַרע מיט דונערן און מיט בליצן... איך כאַפּ זיך אויף. קיין רעגן איז נישטאָ, ס׳איז טרוקן. אַ פרעמדער געפיל. נאָר הינט וואָיען. אָן אַ צאָל הינט. אַ ערב־רב פון הינט וואָיען אין אַלע עקן שטאָט. איך פרוּוו מיר אויפרייסן די אויגן און ווייס נישט, צי מיר חלומט זיך אַזעלכעס, צי איך הער עס אין דער וואָר — — — — — — — —

— רררריסט! — ס׳האָט אַ חלושע געטון ערגעץ אַ צעריסענע גראַ־נאַטע, און דער דונער קאַטשעט זיך נאָך אַלץ און רייסט זיך איבער דער ערד. דער ווידער־קול הערט זיך, אפשר, אויף אַ האַלבער שעה...

יאָ. ס׳איז אין שטאָט.

אונדזערע משפחות — האַלב האָבן זיך פאַנאַנדערגעוואַכט. זיי ברעכן די הענט, זיי זענען בלייך און בלאָס. און די, וואָס זיי שלאָפן, הלוואי וואָלטן זיי נאָר געשלאָפן.

רררריס!! — אַ צווייטער דונער!

די ערד רייסט זיך אַרום און אַרום. די היטל וואַקסט אויפן קאָפּ. און הינט, פון וואַנען האָבן זיך אַהער גענומען אַזויפיל הינט?

מיר ליגן אויף אַ בערגל. די שטאָט איז אונטער אונדז און מיר הערן פון דאָרטן קוויטשען און געשרייען.

ס׳איז נישט קיין שיכורע שרייען, דאָס זענען געשרייען, וואָס פאַרן טויט! און לאָמען קנאַקן, און בלעכן רייסן זיך. אפשר איז אַ שריפה,

אפשר ברענט די שטאָט? און ווייטער קולות און קוויטשערייען. ווער זאָל עס אַזוי קוויטשען — יידישע קינדער? איך האָב דאָך זיי קיין מאָל נישט געהערט אַזוי!

און עמעצער צו אונדז פון צווישן די ביימלעך...

שרעקט זיך נישט, שרעקט זיך נישט, ס׳שמואל־יאַנקל דער שוסטער מיט זיין געזינד. זיי האָבן דאָ געגעכטיקט לעם אונדז, און מיר האָבן נישט געוווּסט איינער פון דעם אַנדערן.

ווער נאָך קריכט עס פון צווישן די ביימלעך? אַ, ס׳איז מיכל דער בעקער מיט זיין ווייב. זיי האָבן נישט געוואָלט בלייבן ביים גוי אין שטאָל און זיי האָבן זיך אַוועקגעשלעפּט אַהער. ווייל, ווייל, נאָר שטילער. ווי ווייט מ׳קען שטילער! קינדער וואַכן זיך אויף? טאָ זאָלן די מאַמעס וויסן וואָס זיי האָבן צו טון... און ווייטער קוויטשערייען פון שטאָט! דאָס שלעפּט מען געוויס מיידלעך פאַר די צעפּ, מיידלעך און יונגע מאַמעס מיט די נאַקעטע הענט שלעפּט מען זיי פון די וואַרעמע בעטן אַרויס:

„דאָלאָי זשידאָוו אי קאָמוניסטאָוו! אוראַאַ!!”

און סלאָוועשנע קוויטשעט און פאַרכלינעט זיך מיט בלוט.

וואָס טוט זיך עס דאָרט אין שטאָט? ס׳לויפן שוין ריטשקעלעך בלוט? האַ? ס׳גיסט זיך, ס׳גיסט זיך שוין בלוט! און ביי מאָטל ראַטנערס אין שטוב לויפט אפשר דאָס בלוט פון אויבערשטן שטאָק פון די פענצטער? רויטע ריטשקעס? געוואַלד, וואָס קוויטשעט מען אַזוי אין שטאָט? און מיר שטייען אַ צוגעשטילטער מנין באַזייט־אויס, מיט ווייב, מיט קינד און מיט געסט.

— יאַנקל, — זאָג איך צו מיין אַמאָליקן באַלעבאָס. — מיר האָבן ניט גאָרנישט אין האַנט, לאָמיר צולויפן ברענגען כאָטש אַ פּאָר העק. ס׳איז נישט ווייט.

— זאָל זיין שטיל, — ענטפערט מיר יאַנקל, — זאָל זיין שטיל, מיר וועלן נישט גיין.

— אָבער טאָמער קומט קאָסענקאָ אַהער? קאָסענקאָ, צי מאַרקאָ? כאָטשבי האָבן אַ פלאָקן אין האַנט!

— זאָל זיין שטיל, — בעט זיך ביי מיר יאַנקל, — מיר וועלן נישט גיין.

און בוזי האָט זיך אונטערגעהויבן צו מיר אויף די קני, און מיט שטילע אויפגעהויבענע אויגן שעפטשעט זי צו מיר קוים וואָס מען הערט:

— אייזיק, דו וועסט אין ערגעץ נישט גיין. איך וועל נישט לאָזן.

איך ווייס נישט, פאַר וואָס האָט בוזי פּלוצים באַקומען אַזאַ פּנים פון אַ באַזשע־מאַטי — און פאַר וואָס ציטערט אין איר קול אַזאַ שטילער געבעט? צי זי איז אין מיר זייער פאַרליבט, צי זי איז שטאַרק דערשראָקן.

— ס'איזביידע זאַכן, אייזיק, ס'איז ביידע, — ענטפער איך זיך אַליין.

פאַר וואָס־זשע האָבן מיר נעכטן נישט מיטגענומען קיין האַק? קיין פאַר העק? אונטער דער פאָלע האָט מען דאָך געקענט דורכטראָגן (מיר האָבן געגלויבט מאַרקען מיט קאָסענקען? מיר האָבן זיך פאַרלאָזן אויף זייערע רייד?). און איך קוק אויף שמואל־יאַנקלס ווייב, אויף שרה שמואל־יאַנקלס. אָט דאָ שטייט זי לעם אונדז אין דער עדה, מיט טעכטער, מיט איידעמס און מיט אייניקלעך, זי רעדט צו קיינעם גאָרנישט, זי איז נאָר בלאַס. זי וואַרט. זי הערט זיך זייער שטאַרק צו. — — — — —

ניין, איך וועל זי נישט אָפּגעבן קאָסענקען, דעם ווערעמדיקן פראַנ־צעוואַטן קאָסענקען. איך וועל אים דאָ נישט אָפּגעבן קיינעם פון די שלאָפּערע. איך וועל אים צעקוועטשן אַזוי ווי אַ וואַנץ! נישקשה, ער מעג אפילו האָבן אַ נאַהאַן אין האַנט, ער איז אַ וואַנץ, איך וועל אים צעקוועטשן!!! צוריק מיט צוויי וואָכן האָט ער זיך אויסגערופן פאַר אַ זייגערמאַכער. אַ־האַ! ער האָט געוואָלט באַשווינדלען זיינע אייגענע ברידער? וואָס אַ גוי קען באַקלערן! ס'וועלן זיך צו אים צונויפגיסן די יידישע זייגערס פון דער גאַנצער שטאָט. צו אים, צו זיין טאַטן אין שטוב. אַזאַ זייגערמאַכער איז ער, הייסט עס.

נו, און די שותפים? וואָס־זשע וועלן שוין ראַבעווען די שותפים?

קאָסענקאָ, דו ביסט צו קלוג!

און שוין צוויי וואָכן, אַז ער פאָרט אַרום איבער די דערפער וועגן יידישע ענינים, און איצט לויפט ער אַרום איבערן שטאָט מיט אַ נאַהאַן

אין האַנט, אַ פּאַרסמטער. ניין, ער איז צו יונג, ער זאָל דערהויבן ווערן! די גלחים אַליין מיט די נאַטשאַלניקעס, און גאַנצע דערפער זאָלן מיט אים רעדן וועגן יידישע ניגונים! ער איז צו יונג, ער זאָל אַרומפּאָרן אויף אַ פערד איבער די דערפער און מיך באַרעדן! איך וויל אים נישט! איך וועל אים צעטרעטן!!! — — — —

אין דרויסן צי ס׳טאָגט ערשט, צי ס׳איז שוין טאָג. און פון שטאָט הערט מען נישט שיסן, מ׳הערט נישט שרייען, נאָר הינט בילן נאָך אַנאַנד. ווייזט אויס, אַ סך האָט זיך געטון בעת מיר זענען געשלאָפן... בעת מיר זענען געשלאָפן האָט מען פאַרפייניקט אונדזער שטאָט!

ישראל־דוד איז דאָ. ער האָט אַ גרוס פון שטאָט:

„ביי מאָטל ראַטנער אין שטוב איז געווען אַ גרויסע שחיטה! דער רב זשיפעט נאָך, נאָר ער איז געשטאָכן גלייך אין האַרצן! די שנור האָט מען געקוילעט. די שנור פון זשיטאָמיר, מאָטל ראַטנערס שנור... אַ סך מענטשן האָט מען געהרגעט ביי מאָטל ראַטנער אין שטוב, מ׳ווייסט נאָך נישט וועמען, דאָרט איז אַ גרויסער בלוטיקער קנויל״.

— אַהערצו וועט מען נישט קומען? — עפּעס אַ ווייבל פרעגט שטיל און צעמישט.

— זאָל ווערן ליכטיקער, וועלן מיר אַוועקגיין פון דאַנען. אַלע, אַלע וועלן מיר אַוועקגיין פון דאַנען! — עמעצער עצהט אַנטשלאָסן.

מיר האַלטן זיך אַן אַן דעם טאָג, אַזוי ווי אָן אַ קרעפּטיקן באַשיצער: ער וועט אונדז אויסגעבן, אָבער ער וועט אונדז ניט אָפּגעבן.

מיר הערן, ווי יידן לויפן איבער די פעלדער, איבער די ברויטן, און עמעצער יאָגט זיי, עמעצער שרייט.

— פאַרשטונקענע יידן, טרעט מיר נישט אויס דעם האָבער, איך וועל אייך צעהאַקן אַזוי ווי די הינט!

— ס׳איז שמאַילאָ, — זאָגט מיר מיין שוועסטער, — ס׳איז זיין שטים.

אויב שמאַילאָ איז שוין אין קאָן, זענען אַלע אין קאָן. יאָ, ס׳איז גוט.

יידן לויפן און האָבן קורצע פיס. שמאַילאָ יאָגט זיי. זיין פּנים־רעה איז פול מיט דער ראַיעלסטער, ריינסטער רציחה, ער וועט אָבער אפשר גאָרנישט טון — ס׳איז שוין טאָג אין דרויסן.

* * *

ישראליק דעם באַראַנס איז דאָ:

— לאָמיר גיין יידן, — זאָגט ער, — ניסל דער בוק ליגט אַ געקוי־לעטער לעם יחיאל דאַרפמאַנס שטוב.

— וואָס הייסט אַ געקוילעטער?

— דאָס הייסט! מיט אַ קאָסע! זיינער אַ שכן פון אונטערן טייך.

— הערשקען יאַנטלס אויך געקוילעט, דער זעלבער שייגעץ.

הערשקע יאַנטלס? מיין באַלעבאָס?... הערשקע איז נאָר וואָס געקומען פון דער מלחמה און קוים אויפגעקליבן זיין געזינד. הערשקען זענען די האָר אויפן קאָפּ אַזוי ווי ביי אַ באַראַנטשיק. געקרויזטע און שטאַרק שוואַרצע, אומגערן האָבן זיך ביי אים געטראָפן אַזעלכע האָר... געוויס האָבן זיך ביי אים אויסגעשמירט זיינע שוואַרצע באַראַנטשיקעס אין בלוט...

— ער איז פאַרלאָפן אין דאָלינע, הערשקע יאַנטלס, ער האָט נישט געוווסט וווהין צו לויפן און האָט דערזען אַ לייטער לעבן דער אלמנהס שטוב און געגומען קריכן, האָט יענער אים אַראָפּגעשלעפּט און אים איבער־געקוילט מיט אַ קאָסע דעם האַלדז! ניסלען דעם בוק אויך.

אַ הויכער, אַ שוואַרצער ייד, אָט דער ניסל, אין די מיטעלע יאָרן, אַ פעלצנמאַכער.

— דודן דעם באַקאַליאַר געקוילעט, מיכאלן געשטאָכן, נפתלי־יאָשקעס מיידל געהרגעט, זישע גורעצקעס ווייב, די אַלטע קונדיכאַ און...

— נפתלי־יאָשקעס מיידל פון אונטערן טייך? די שניידערקע?

— יאָ, שוין אַ כלה־מויד. זי ליגט נישט ווייט פון קלויסטער.

(אַזוי גיך האָט זיך עס אויפגעטון, און איך האָב נישט וועמען אַפילו אַ פרעג טון: איז ווען זשע וועט מען אומברענגען שיקסעס? אַזוי זיך, און גרויסע שיקסעס? אָט אַזעלכע פּראָסטע, ווי נפתלי־יאָשקעס מיידל פון אונטערן טייך, די שניידערקע און, בכלל, וועלכע ס׳וועלן נאָר קומען אונטער דער האַנט — וואָס קיינער קלייבט זיך נישט קוילען).

* * *

רחל דעם באַראַנס האָט לויפנדיק איינגעלאָזן אַ קינד פון צוויי יאָר.ביים קינד האָט זיך אויסגעגאָסן דער מאַרך אויף אַ שטיין, וואָס נישט ווייט פון איר שטוב. רחל איז אַנטלאָפן געוואָרן מיט די איבעריקע קינדער. אָט הערט מען ווי זי רופט:

— שלמה, מיין פריינד! — רופט זי, — ווו ביסטו? שלמה, מיין פריינד! מיין חבר אין לעבן! ווו ביסטו? —

אַ שטילע ווייבל אָט די רחל, און איצט איז זי פאַרפירט. זי רופט אויך אויף אַ קול. זי איז שוין אַרויס פון שטאָט און זי רופט צו די פעלדער.

טאָמער וועט זיך פון ערגעץ אָפּרופן אָט דער, ווער ס'איז איר מאַן. מיט איין זאַך איז זי נאָר איצטער פאַרנומען און זי רופט.

אַלע הערן מיר עס אין אונדזער באַהעלטעניש צווישן די ביימלעך, מיר דערקענען איר קול און ווייסן נישט, זאָלן מיר זיך צו איר אָפּרופן צי ניין?

— קומט יידן! — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די מאַמע זאָגט:

— קומט, קינדער, לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען.

און מיר פאָלגן זי. מיר גייען.

קוקט, מיר זענען אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין!

קאָסענקאָ, אָט זענען מיר!

מיר קאָטשען זיך איבערן ווייטסטן פלויט און מיר גייען. אַ סך יידן זענען שוין דאָ אַרום אונדז און מיר גייען.

און יידן — קוקט זיי אָן. צווישן לעבעדיקע און טויטע איז דער חילק נאָר אויף איין האָר.

אָט קום און זאָג, אַז זיסלען האָט מען שוין געהרגעט. אָט דעם זיסלען, וואָס שטייט אָטאָ און רעדט מיט דיר — אים האָט מען שוין געהרגעט. — וועל איך גלויבן. וואָרום איין פינטעלע טיילט דאָ אָפּ אונדזערע לעבעדיקע פון די אונדזערע, וואָס קענען שוין מער נישט לעבן.

..די פאַרפייניקטע גלויב איך נישט, אַז דאָס זענען זיי שוין טויט, און די ריידנדיקע גלויב איך נישט, אַז דאָס לעבן זיי שוין!

און אויף וועמען ליגט דאָ דער צייכן פון דער קאָסע? — קוק און

דערקען. ווייל איצט קען איין שעה פון ביי נאַכט אָדער איין גרעבס פון ביי טאָג אויפטון אַזעלכעס, וואָס הונדערט קיילעכדיקע יאָר וועלן דאָס נישט פאַרמעקן, נישט פאַרשווענקען. אָט קוקט אויף אונדזערע לעבעדיקע מיט די טויטע. —

* * *

אָבער אַז אונדזער מאַמע האָט קיין כוח נישט, זי איז אויסגעמאַטערט. אַלע פינף טריט זעצט זי זיך אָפּרוען. זאָגט זי:

— גייט קינדערלעך, מיט אַלע יידן, איך וועל דאָ בלייבן. ווי גאָט וועט פירן אַזוי וועט זיין.

זייער רויק זאָגט זי עס דווקא, די מאַמע. נאָר מיר גייען נישט איין. מיר וועלן נישט אַוועקגיין אָן דער מאַמע.

— איר ווייסט וואָס? — זאָג איך, — איך לויף אַראָפּ אויף אַ רגע צום גוי, איך וועל איינשפּאַנען דעם פערד, און די מאַמע וועט פאָרן! —

איך האָב אַ קוק געטון איטלעכן אין די אויגן. קיינער האָט נישט געוואָגט מיר זאָגן „יאָ". מ'האָט געשוויגן. און איך בין טאַקע אַוועקגעלאָפן אַראָפּ צו אַוודיען נאָכן פערד.

און עמעצער אַ געטרייער, הער איך, שושקעט מיר אין אויער:

„דאָס, וואָס דו לויפסט, אייזיק, איז גוט. אָבער גיך! מאַך דאָס גיך, וואָס גיכער קען נישט זיין! יעדע רגע האָט וואָס צו זאָגן. איין רגע אין דער זייט, זענען פאַרצוימט אַלע וועגן אי אַהין, אי צוריק!... גיכער אייזיק, גיכער, דווקא גוט, וואָס דו ביסט נישט דערשראָקן, וואָס דו ביסט ביי זיך נישט געפּאַלן, וואָס דו ביסט שטייף. זיין ביי זיך געפּאַלן איז שוין דווקא דאָ פּאָר וואָס, אָבער לייג עס טאַקע אָפּ אויף שפּעטער. אויף איינע צען מינוט... אויף איין האַלבער שעה... גיכער!..."

און איך פיל, אַז איך טאָפּטשע שוין אויף דער ערד, וואָס פון יענער זייט גרענעץ. בגנבה בין איך אויף אַ פרעמדער ערד, און יעדער רגע קען מיך אויסגעבן, יעדער רגע קען מיך כאַפּן. איך טאָר נישט פאַרגלויבן די איצטיקע רגעס פון גאַנץ פרי.

אַט דערקען איך רעכטס — מיין טאַטנס שטוב. אַנטקעגן — ישראל־דודס. יאָ, איך דערקען. איך בין דאָך שוין דאָ אַזוי לאַנג נישט געווען, אויף דער־אָ ערד, ווו איך בין אויסגעוואַקסן ?! און איך דערקען, כאָטש איך האָב קיין צייט נישט זיך צו פאַרהאַלטן.

איך בין דאָך שוין אַריין אַהער בגנבה און אָן אַ דערלויבעניש.

איך פאַרקערעווע לינקס אין אַ געסעלע צו אַוודיען נאָך אונדזער געשפּאַן.

אַוודיעכע, אַ הויכע, אַ קרעפּטיקע גויע, זי דערקענט מיך שוואַך, נאָר איך גיי גלייך צום שטאַל און שפּאַן „מיין״ פערד.

— וווהין קלייבט איר זיך עס פאָרן אין אַזאַ צייט ? — און איך קען אירע צוויי געזונטע טעכטער, וואָס קיינער קלייבט זיך זיי איצטערט נישט אומברענגען. און מיך פאַרדריסט עס שטאַרק.

— דו ווייסט שפּעטער געוויר ווערן, וווהין מיר קלייבן זיך פאָרן. — זאָג איך, — טראָג אַרויס אַ ברויט ! — און איך בינד די רימענס אויף מיין פערד.

— אַ וועלכן ברויט ? איך קלייב זיך דאָך ערשט באַקן !

— אַלטע ! טראָג אַרויס אַ ברויט, און נישט געזאַמט !

זי פאַרקערעוועט, נישט ווילנדיק, צו איר הויז־טיר — איך האָב איר עפּעס באַפוילן.

פּלוצעם — בראַך־באַך !!! — ניסלעך קנאַקן. מ׳שיסט ! אין שטאָט שיסט מען !

איך האָב דאָס לעצטע פאַסעקל אויפן שפּאַן שוין פאַרשפּילעט, פּונקט דאָס לעצטע, און אין שטאָט האָט מען שוין גענומען שיסן. אין שטאָט איז שוין צוריק הייס. צוריק אויף אַלע הונדערט גראַד.

אַ שכנה פון צווייטן הויף האָט מיר אַרויסגעטראָגן אַ לעבל ברויט. זי האָט, ווייזט אויס, געהערט ווי איך האָב זיך געדונגען מיט דער מרשעת.

— שכנה, עפן דעם טויער !

די איז אַ סך פּילבאַרער צו מיינע באַפוילן. זי שלעפּט דעם ברייטן, סאָסנאָווען טויער פון די טויער־שוועל. און מיט אַ פאַרוווען דערשרעק לייגט זי צונויף די הענט אויפן האַרצן און רופט אויס :

— אָ, גאָט ליבער, מ׳שיסט דאָך שוין ווייטער?

— יאָ, — זאָג איך, — מ׳שיסט דאָך שוין ווייטער. וויאָ!

— וואַרט נאָר, כלאָפּטשע, וואַרט אַ רגע, נאַ דיר אַ פּלעצל! —

אַוודעיעכע האָט זיך צעבראָכן דאָס האַרץ און זיך אויסגעקליבן אין אַ יאָר אַרום אַ תשובה.

— האָב איך דיך טאַקע אין דער ערד, אַוודעיעכע, אַ ווו דו גייסט און ווו דו שטייסט! — וויאָ!

אונטער מיינע פּלייצעס אין שטעטל קנאַקט מען ניסלעך, מ׳שיסט אַזוי ווי קינדער שפּילן, ווי פּליי שפּרינגען.

— וויאָ!

מיין פערד צעקאַטשעט זיך ערשט, איך האָב אים אויפגעוועקט אין מיטן דרימל, און אַ פערד בלייבט, ווייזט אויס, אַ פערד. אים איז קיין חילוק נישט, ווו מ׳שיט אים דעם האָבער.

מ׳שיסט אין שטאָט אַזוי ווי נישט צוגוויפגערעדטערהייט. מיין פערד שטעלט אָן די אויערן. ווייזט אויס, אים געפעלט נישט וואָס מ׳שפּילט זיך דאָרט מיט שרויט ווייט אונטער אונדזערע פּלייצעס. ער צעבלאָזט די נאָזלעכער און הויבט אויף דעם קאָפּ.

— וויאָ! נישטאָ זיך וואָס צוצוהערן! און ס׳איז נאָר שלעכט, וואָס ס׳איז אַ ביסל אונטערן באַרג, טאָ נאַ דיר אפשר אַ שמיצל און וויאָ! מאַך עס טאַקע אַ קאָפּ גיכער — וויאָ!

אַ גוי אַ שכן וועט מיך באַגעגענען און וועט מיך פרעגן וווהין איך פאָר... מיינע שכנים — אין איין שעה זענען זיי היינט צען מאָל גוט און צען מאָל שלעכט. און ווען זיי זענען שלעכט, זענען ביי זיי פאַרשטאָכן די אויגן און זיי האָבן נישט קיין אויסזען פון קיין מענטשן!... און ניסל דער קאָזשושניק ליגט אַ שוואַרצער, אַן אויסגעצויגענער, אַ געקוילעטער לעבן יחיאל דאַרפמאַנס שטוב — וויאָ!... און אפשר דאַרף מען נישט אַוועקגיין פון שטאָט און בלייבן אויף ניסל דעם בוקס לוויה? און הערשקע יאַנטלס, און נפתלי־יאַשקעס מיידל, און נאָך אַ סך, אַ סך יידן, יונגע־לייט, יידענעס און קינדער, וועלכע קאָסענקאָ האָט נישט געוואָלט זיי זאָלן לעבן?

ווי אַזוי איז עס געווען הערשקען יאַנטלס אונטער דער קאָסע, אונדזער

רב אונטערן שפיז? — איך וויס נישט. זינט איך לעב איז נאָך מיר קיין מאָל נישט געלעגן דער חלף אויפן האַלדז, אַ מענטש זאָל מיך וועלן קוילען, און איך זאָל זען דעם טויט פאַר די אויגן. איך וואָלט דאָס דווקא אַ מאָל וועלן אויספרווון. וויאָ! דו שלעפּסט זיך אַזוי ווי אויף מאָרגן! און די אַלטע קונדיכאַ — אירע קינדער זענען דאָך אַלע אין אַמעריקע. ליגט זי זיך איינינקע אַליין אין איר שטיבעלע אַ געקוילעטע. און איך קום איר אַ חוב, דער אַלטער קונדיכאַ, איך קום איר אַ חוב... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אייזיק, אייזיק, גיכער!

דו זעסט? אַ שעפּעלע אַ געשווירנס און אַ טראַגעדיקס בלאַנדזשעט איינע אַליין אויף אַ ליידיקער שיניצע און וויינט.

— וואָס איז בוזילע? קום, מיין קינד, גיך אויף וואָגן, גיכער קום!

און בוזי גיט מיר איבער אין טרערן:

— מיר זאָלן כאָטש אַרויספאָרן פון דאַנען... מ׳האָט נאָר אָנגעהויבן שיסן, זאָג איך צו זיי: וואָס האָט איר אָוועקגעשיקט אייזיקן אין שטאָט אַריין, וואָס האָט איר אים אָוועקגעשיקט... איר הערט דאָך, אַז מען שיסט! ווער גייט אַנטקעגן אייזיקן, ווער גייט? און זיי שווייגן אַלע.

מיין קינד... איך בין טאַקע ברוגז אויף מיין טאַטן, וואָס ער האָט געלאָזן אַזאַ קינד, אַזאַ פּיצינקע שעפּעלע, איינע אַליין בלאָנדזשען איבער אַן אויסגעליידיקטער, צעשאָסענער שיניצע זי זאָל זוכן איר אייזיקן. זי איז דאָך נאָך אַ קינד, און דאָרטן שיסט מען אָן אַן אָנהויב, אָן אַ מיטן און אָן אַ סוף. אַזוי ווי דעם ערשטן טאָג פּסח די גלעקער אין קלויסטער. אין דער פרי, ביי טאָג און פאַר נאַכט זויף אַלערליי גלעקער קלינגען דאָרט קינדער אָן אַן אָנהייב, אָן אַ מיטן און אָן אַ סוף.

בוזי וויל נישט ליידן, וואָס איך „שטיי” אויפן וואָגן. לאָמיר זיך זעצן, לאָמיר זיך פאַרבאָרגן פון דעם, וואָס דאָרטן אין שטאָט געפינען זיך גילגולים און שיסן.

— טאַ ווו־זשע איז די מאַמע?

— אוי־ווי, מיר זענען דורכגעפאָרן! מ׳דאַרף זיך פאַרקערעווען אויף

צוריק און פאָרן אין אַ זייט צום פעלד מיטן קלעווער. דאָרטן זיצט זי, די מאַמע.

זיך אויסקערעווען און אַריינפאָרן מיט די רעדער אין קאָרן — פאַר דעם איז אַ ייד געווים ווערט מ׳זאָל אים קוילען. ווען עמעצער כאַפּט מיך ביי אַזאַ אַרבעט, גיב איך אים אַליין אָפּ דעם געריכט:

— איצט, מיין שכן, ביסטו טאַקע גערעכט. איך האָב פאַרטשעפּעט מיט די רעדער עמעצנס קאָרן. דאָס האָב איך זיך אומגעקערט זוכן מיין שוואַכע מאַמע, וואָס זיצט און וואַרט אויף אונדז אונטערן קלעווער...

— ספררוטש סטאַי!

— האַ? ווער איז? וואַרט נאָר, איך וועל זיך פּאַמעלעכן באַקלערן. ס׳איז נישט יעווראַסי? מיט די פאַרדרייטע וואָנצעס, וואָס האָט נעכטן פאַר נאַכט אונדז איינגערעדט דעם פערד ביי אים באַהאַלטן? ביי אים איז דער פּנים אין גאַנצן צעדראַפּעט און צעביילט. איצט שטייט ער מיט פאַרשטאָכענע אויגן און מיט אַן איבערגעקרומטן געזיכט. ער האַלט מיר צו דעם פערד ביי דער צוים.

איך וועל אים פרעגן: — יעווראַסי, ווער האָט דיך צעדראַפּעט? יעווראַסי, דו ווייסט נישט ווער וועט זיין ביים רב אויף דער לוויה? ביי דעם רב, ביי ניסלען דעם בוק און ביי נפתלי־יאַשקעס מיידל? ווער וועט זיין ביי זיי אויף דער לוויה — מיר פאָרן דאָך אַוועק!

אָבער איך פרעג אים עס נישט, איך פרעג אים נאָר מיט אַ האַרטער שטים:

— יעווראַסי, וואָס איז?

— די פעל! ביי אייך איז פאַרפאַלן געוואָרן מיין פעל. איך מוז אויס־שפּאַנען דעם פערד!

און ער איז זייער גערעכט. ס׳קען זיין, ער נאַרט זיך נאָך אָפּ. פאַר זיינער אַ פעל וואָלט אים קומען דריי פערד, נישט איינער.

— הער אויס, יעווראַסי, אין שטוב, אויפן בוידעם, ליגן 16 פעל, זאָלסט נישט צונעמען אַלע 16, יעווראַסי. נעם צו דריי פאַר דיין איינער, און אַ גוטן טאָג, לאָז אָפּ די צוים.

— ניין, איך מוז אָפּנעמען דעם פערד. דער פערד איז מיינער. איר האָט ביי מיר צוגענומען אַ פעל.

זעט איר שוין, אַז ער איז ביים געדאַנק?

— יעווראָסי! אין שטוב אויפן בוידעם ליגן 16 פעל! זאָג מיר נאַר, יעווראָסי, דו ביסט? צי דו מאַכסט זיך? און ווער האָט דיך צעדראַפּעט? און אפשר ביסטו אויך אַ גזלן פון ברייטן שליאַך?

און איך האָב דערזען אויפן שליאַך צוויי שקצים, וואָס פירן פערד פון פּאַשע. די שקצים זענען פון דער האַנטשאַרסקע גאַס, איך קען זיי. ביי נאַכט האָבן זיי אויך געטון דאָס, וואָס יעווראָסי טוט איצט. נאָר איצט איז טאָג. איצט זענען זיי פּראָסטע מענטשן, און רוף זיי ביי די נעמען, איך לאָד זיך ביי זיי און מיט אַ זיכערן טאָן:

— ...זעט איר שוין, כלאָפּצעס, אַז ער דרייט אַ קאָפּ? איך זאָג אים, אַז ביי אונדז אויפן בוידעם ליגן 16 פעל. גיי שוין און נעם דיר אָפּ דריי פעל פאַר דיין איינער! אָבער געדענק, יעווראָסי, נישט מער! אויב נישט, וועט עס זיין אויף דיין קאָפּ!...

ווען ניסל דער בוק זעט מיך אין דער רגע, וואָלט ער זאָגן: „אייזיק, ווי קומט עס צו דיר, וואָס דו קליגסט זיך אַזוי? מיט אַ גוי טאָר מען קיין סך נישט ריידן, אייזיק. דו פרעג מיך, וואָס אַ גוי איז (שוין וויפל יאָר, אַז איך ניי זיי פעלצן, איך וואַלגער זיך איבער די דערפער און האָב קוים דאָס שטיקל ברויט). איצט האָב איך אַפילו קיין צענטן וואָרט נישט גערעדט, און קוק, וואָס זיי האָבן מיר געטון. אַ פעלצנמאַכער בין איך און האָב אַ ווייב מיט קינדער... אייזיק, דו זאָלסט כאָטש זען, אַז מ׳זאָל מיך באַגראָבן ווי ס׳געהער צו זיין, קיין חזירים זאָלן מיך כאָטש נישט אומשלעפּן איבער סלאָוועשנע...״

— איצט זעט איר שוין, אַז ער דרייט אַ קאָפּ? — זאָג איך צו זיי.

— יאָ, ריכטיק! — זאָגן די שקצים מיט די פערד. און מער נישט.

יעווראָסי, נעבעך, ער האָט זיך נישט געריכט אויף זיין וויסטן סוף, ער זאָל אַזוי אין איין רגע אָנווערן אַזאַ פערד. אַזוי ווי פון שטאָל אַרויס!

פון ווען אָן ער האָט געלייגט דעם קאָפּ אויף דעם, און איצט ערשט צום סוף — איינגעלאָזן.

און יעווראָסי ווייסט נאָך נעבעך נישט (ער איז נאָך צעדולט), אַז אויב נישט איצט, איז שוין אפשר קיין מאָל נישט.

— וויאַ! — איך האָב אין אים אַ נקמה. אַ גוטע קרענק וועט ער טרעפן יוכטן אויפן בוידעם. אונדזערע שכנים זענען געוויס קליגער פון אים — זיי ראַבעווען שוין. אַ שטיין אין די ציין וועלן זיי אים געבן, זאָל ער נאָר קומען!... „זיי" זענען בילכער! „זיי" זענען דאָך שכנים! און ער איז אַ פרעמדער הונט. — וויאַ!... און אָט זענען אונדזערע.

— נו, מאַמע, איצט קום אויפן וואָגן. אָט אַזוי. שוין? וויאַ! — די מאַמע און די שוועסטער און הערשעלע — דער טאַטע האָט זיך טאַקע נישט איינגעהאַלטן, ער איז אַוועק מיט די יידן.

בוזי דערציילט דער מאַמע און די שוועסטער נסים פון יעווראָסין, און זיי כאַפּן זיך פאַר די קעפּ.

— וויאַ, קאַסיאַ! איז וואָס אַז ס'איז אונטערן באַרג? דו מעגסט דאָך אַ מאָל זיין וויפל ס'נישט איז קליגער און מאַכן אַן אויסנאַם — וויאַ! מירן באַלד דעריאָגן די יידן, מיט יידן איז פריילעכער. וויאַ!

* * *

קיינער ווייסט נישט אַ וועלכער טאָג איז היינט?

דוכט זיך, ס'איז נישטאָ אין דער וואָך קיין טאָג מיט אַזאַ קאָליר, מיט אַזאַ נאָמען, ווי היינטיקער!

נאָר אַנדערע זאָגן, אַז היינט איז פרייטיק, פּשוט פרייטיק.

אַ געלעכטער אין דער וועלט!

איז וווהין גייען דאָס יידן אין מיטן פרייטיק אַזעלכע צופרידענע? צונויפגעשלאָגן אין אַ טשערעדע — יידן, מיידלעך, ווייבער און קינדער?

נאָר אפשר זענען זיי גאָרנישט אַזעלכע צופרידענע? דאָס איז איינס. און צווייטנס — וווהין זיי גייען? זיי גייען. זיי ווייסן נאָך אַליין נישט, וווהין זיי גייען. ס'איז דאָך נאָך אַ פראַגע, צי מ'וועט ערגעץ ווען אַריינלאָזן אַזעלכע שלימזלען, וועלכע מ'האָט דריי טאָג געשלאָגן און נישט דערשלאָגן ביזן סוף. און ווייטער קען זיין, אַז אויף דער גאַנצער וועלט, וווּ ס'נאָר דאָ

אַ ישוב און וווּ ייִדן וווינען — איז קאַסענקאַ, איז דער קובלינעץ? און מען זאָגט, אַז אונדזערע שכנים באַרימען זיך, אַז זיי גייען סיי ווי אויף דער גאַנצער וועלט. אונדזערע שכנים האָבן פאַרמשפּט אַלע ייִדן אויף פאַר־לענדעניש. און שכנים אַז זיי זאָגן, מן הסתם ווייסן זיי.

לייזער דעם שוסטערס טאָכטער איז אין דעם ניינטן חודש, זאָל זי אַרויף אויפן וואָגן. און חנה שמיליקס, זי איז אַן אלמנה, זאָל זי געבן די קינדער אויפן וואָגן. און ווו זענען נאָך קינדער?

— ביטע, קומט אויפן וואָגן.

מיינע שוועסטער האָב איך צעטריבן פון פור. זיי זענען געווען פאַר־מאַטערט. זיי האָבן נישט געדענקט, אַז פּיצלעך קינדער זענען בילכער, און אַז איך האָב אויף זיי אָנגעשריגן, האָבן זיי אויך נישט פאַרשטאַנען וואָס. זיי זענען נאָר אַראָפּ פון וואָגן, און פון מיין געשריי ווערן זיי נישט בטל. אין סלאָוועשנע, האָבן זיי געהערט שרייט מען „בעסער״.

— ווער ס'האָט קליינע קינדער, ביטע, אויפן וואָגן!

אפשר איז נישט שיין שרייען אַזוי אויפן שליאַך צווישן פעלדער.

און הערשל, מיין ברודער, אים איז 6 יאָר, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ מאַנספּאַרשוין. און איז אַראָפּ פון וואָגן. די הענט אין די קעשענעס, מיט אַן ערנסטן פּנים — אַלע גייען דאָך צו פוס!

— וויאָ! — איך גיי ביי זייט דראַבינעס, און מיין דערשלאָגנקייט האָב איך ערגעץ ווייט פאַרשטעקט, הלוואי זאָל זי זיך דאָרט האַלטן ביז מירן דערפאָרן ערגעץ צו אַ שטאָט.

* * *

איצט איז פאַר אַלעמען קלאָר, אַז ס'איז היינט פּרייטיק. אָבער איך פרעג אייך, ווען איר זענט אויף אונדזער אָרט און איר קומט צו אַ פּונקט, דאָרט ווו וועגן צעגייען זיך, און איר זענט זיכער, אַז נישט דורך דאַנען וועט מען איך אַריינלאָזן, נישט דורך דאָרטן וועט מען אייך אַריינלאָזן, וווהין וואָלט איר פאַרקערעוועט — רעכטס, צי לינקס?

ייִדן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און ייִדן האָבן געקלערט. ייִדן האָבן אַרויס־

געוויזן מבינות אין שליאַכן און האָבן פֿירגעזאָגט, וואָס־ווו ס׳קען געשען. לסוף האָט מען זיך ערשט נישט געגלייכט. איינע זענען אַוועק רעכטס, אויף יעוראָסיס ליסטווענער וועג, און מיר האָבן פאַרקערעוועט לינקס, דורכן ראָווניק קיין וועלעדניק, און דאָרטן וועלן מיר זען.

דער טאַטע האָט אויף מיר איבערגעלאָזן דעם פערד מיטן באַלעבאַ־טישקייט, און ער גייט זיך צווישן די יידן. קאָרן גיסט זיך אָן אויף די פעלדער פון ביידע זייטן שליאַך, געדרשטן צייטיקט שוין, און רעטשקע אין אַנדערע ערטער גייט ערשט אויף. די זון דעקט אָפּ די פעלדער פונעם טוי — טאַקע אַן אמתע, אַ בלייכע, אַ פרייטיקדיקע זון. און בינען דרייען זיך אַרום, אַרום איינציקע קאָרנדיקע זאַנגען... ביים פערד פאַר די פיס פּלאָנטערט זיך אַ שוואַלב. אָט איז זי גאָר נידעריק, און לעם די פיס שוין. און אָט שפּאַלט זי דורך ווי אַ פייל אַ ביסל לופט און וואַרט ווייטער אויף אונדז. איך ווייס נישט, צי דאָס רייצט זי זיך מיט אונדז, צי זי שפּילט זיך גאָר און וויל אונדז טרייסטן... און ביי מיר מעקען קינדערלעך אַ פולער וואָגן!...

קינדערלעך, קינדערלעך, אָט וועלן מיר פונקט מיידן דאָס שלעכטס, און איר וועט זיך אויסוואַקסן גרויסענקע און געזונטע, וועט איר טאַקע געדענקען, אַז איין מאָל פרייטיק זענט איר געשטאַנען געדיכטלעך אין אַ וואָגן, און איינער אַן אייזיק האָט אָנגעטריבן דאָס פערד און איז זיך נאָכגעגאַנגען נאָך אייער וואָגן. אוי, קינדערלעך, האָב איך דענסטמאָל נישט געקענט פאַרליידן אייער ענגשאַפט! און ווי אַזוי איר מעקעט! אָט פונקט ווי די לעמער! און אַז דער וואָגן וויגט זיך, וויגט זיך אויך אייער געוויין, און ס׳באַקומט זיך עפּעס אַ מאָדנער, נישט געהערטער געזאַנג.

* * *

און אַנדערע קינדערלעך זענען טאַקע אַזוי וויינענדיק און אויף די פיסעלעך שטייענדיק אַנטשלאָפן געוואָרן. — וויאָ, קאָסיאָ! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַן אָנגעפאָרן, אַ נאַריש יידעלע גייט אויך מיט אונדז. ער דערציילט, ווי אַזוי מ׳האָט געהרגעט יחיאלן דאָרפמאַן, דעם אַלטן יחיאלן דאָרפמאַן.

די גרעסטע טייל נאַכט, — דערציילט ער, — האָט ער זיך אויסבאַ־האַלטן אין קלויזגאָרטן צווישן די שטעקנס מיט פּאַסאַליעס, דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים און האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי זיין טיש אויבן אָן. דערנאָך, אַז ס'איז געוואָרן אין שטאָט פריילעך, זענען אַריין די גזלנים און האָבן אים געשטאָכן. און אַזוי איז ער געבליבן זיצן אויף זיין אָרט אויבן אָן. ס'קען זיין, אַז ער זיצט נאָך אַלץ. — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ווייבל דערציילט, אַז אַ סך פּלייש האָט מען היינטיקע נאַכט אַנגע־קוילעט ביי אונדז אין שטעטל. ביי מאָטלען אין שטוב איז גאָר געווען די שחיטה גרויס. און זי רעכנט צווישן אַנדערע אויך ניידיטשן, אַ פרעמדן סטודענט, און נתנען גראַנאַדיאָר, ביידע צו זעקס און צוואַנציק יאָר. און איך ווייס נישט, צי זיי קענען דאָרטן איינליגן שטיל, אַזעלכע יונגע און שיינע, צי ניין. און אַ וועלכע פּאָזע האָבן זיי איצט? פאָרט יונגע פלייצעס, און הענט און פיס און אַלץ מיט אַנאַנדער, ווי אַזוי ליגן זיי דאָרט אין דעם בלוטיקן קנויל?

דערנאָך, — דערציילט זי, דאָס ווייבל, — אַז אויך ביי אברהם־בערן אין שטוב אַ צוואַנציק מאַן. אַנדערע זענען געבליבן אונטער די מתים, זענען זיי געבליבן לעבן. מ'האָט זיי נישט דערקענט. נאָר ס'איז געווען אַ שלעכטער געלעגער אונטער קרעכצנדיקע, אונטער גוססדיקע און אונטער רינווועלעך וואַרעם בלוט, וועלכע זוכן זיך אָן אָרט גלייך צום באַהעלטעניש און מונטערן דאָרט: „חלש נישט, ריר זיך נישט, האַלט זיך! אפשר וועסטו פונקט בלייבן לעבן". ניין, אַזאַ לעבן קריכט שוין פון האַלדז! און ביי חייקלען איז אַ צעהאַקטער קאָפּ. קאָסענקאָ האָט געעפנט אַ פענצטער און געהייסן די יידן זאָלן לויפן און זיך ראַטעווען און ער איז דערוויל גע־שטאַנען און האָט געשאָטקעוועט יעדער קאָפּ, וואָס האָט זיך אַרויסגעשטעקט פון פענצטער.

אָבער אַנדערע זענען דורכגעלאָפן גליקלעך, כאָטש מיט צעהאַקטע שאַרבנס.

הערשל־גדליכעס ווייב האָט מען געהרגעט, אָבער הערשל מיטן איידעם

זענען אַנטלאָפן מיט צעהאַקטע קעפּ איבער דער גאַנצער גאַס, אַזוי ווי ניט דערקוילעטע הענער.

און קיילע־אסתר די אלמנה מיט אַן איבערגעבראָכענער האַנט, און יאָסל איצלס פון האַרבאַרניע מיט אַ דורכגעשאָסענער האַנט.

דאָס ווייבל, וואָס דערציילט, איז אַ גליקלעכער מענטש. זי האָט זיי איטלעכן געזען, זי האָט געזוכט אירס אַ קינד, כאָטש איצט גייט זי אַרום איינע אַליין... קאָסענקאָ, דערציילט זי, לויפט אַרום מיט אַ רעוואָלווער, די מיליציע מיט ביקסן און די איבעריקע — ווער מיט קאָסעס, ווער מיט בערדאַנקעס און ווער מיט פּראָסטע אייזנס. ביי איין אַלטן האָט פּאַשקאָווסקי אַרויסגעכאַפּט אַ ראָלקע פון אַ ביקס און איבערגעבראָכן מיט איר דעם זעלבן אַלטן אַ האַנט. דעם אַלטן קער דאָס שטאַרק פּאַרדריסן... און אַלטער קרייזמאַן, אַלטער דער רימאַר, האָט זיך אַנידערגעשטעלט מיט אַ האַק ביי דער טיר פון זיין שטוב:

— וויפל פּאַר פּיס — זאָגט ער — ס׳וועלן צוגיין אַהער, אַזוי פיל קעפּ וועלן זיך דאָ לייגן.

אַלטער איז אַ בראַווער מאַן, נאָר אַלטערס ווייב מיט די קינדער ווילן נישט בלייבן קיין אלמנות מיט יתומים, האָט זי געוויינט און האָט געשריגן, ביז זי האָט געפּועלט ביי אַלטערן ער זאָל זען און טון, וואָס אַלע יידן טוען, און מ׳איז שוין אין סאַמע מיטן ברען קוים פּאַרלאָפן צום דיאַקאָן אין שטאַל אַריין זיך באַהאַלטן.

נאָך האָט זי געזען, די יידענע, אַן אָוורוטשעווער ווייבל אַ געהרגעטע וואַלגערט זיך אין גאַס. זי האָט אָבער קיין צייט נישט געהאַט לעם איר זיך אָפּצושטעלן.

— וויאָ!

און מיינע ווייבער אין וואָגן הערן גאַרנישט און זעען גאַרנישט, זיי זענען זייער פּאַרדולט און דערשראָקן. און אויב זיי קלערן יאָ פון עפּעס אין דעם דערשראָקענעם הימל־פּלעט, קלערן זיי פון איינס: צי דאָס איז מען שוין יאָ געראַטעוועט, צי ס׳נאָך נישט אויף געוויס.

— וויאָ! —

און די יידן פּלאָנטערן זיך איינער ביי דעם אַנדערן פּאַר די פּיס. זיי

זענען באַרעדעווודיק, אַזוי ווי שבת גאַנץ פרי, ווען זיי גייען אין וואַסער. זיי זענען, דוכט זיך, אַזוי ווי צופרידן מיט עפּעס. באַזונדערס דאָס פרעמד און אָנגעפּאָרן נאַריש יידעלע. אײן וואָך האָט ער נאָר געדאַרפט אָפּזיין אין סלאָוועשנע. האָט ער זיך טאַקע אַרויסגעדרייט מיטן לעבן.

— פעטערל, איך בין מיט גאָרנישט לייטישער פון דיר, און איך האָב צו דיר גאָרנישט. איך בין נאָר נישט רויִק, וואָס ניסל דער בוק ליגט אַזוי אָפּגעדעקט און צעוואָרפן אַרום יחיאל בנימין־לייבס שטוב, וואָס יחיאל זיצט דאָרטן אַלץ מיט דער שפּיז אין האַרצן, ביי די פאַרמאַכטע לאָדן אין מיטן טאָג (ווען ס׳זענען אָפן די לאָדן, וואָלט ער אפשר עפּעס אַ ווונק געטון צו ניסלען דעם בוק, מיט אַן אָנווייז, צי מיט אַן עצה. ער איז דאָך אַ שטאַרק פאַרשטאַנדיקער ייד, אָט דער יחיאל). איך בין אויך נישט רויִק, צי ס׳זענען שוין פאַרקילט געוואָרן די רינוועלעך בלוט ביי מאָטלען ראַטנערס פון אויבן אויף די ווענט, פון יענער זייט פענצטער. אויף די טרעפּ, אויפן טיש, אויף די בעטן, אויפן מעבל און אומעטום.

ווי קלערט איר? מאָטל ראַטנערס שטוב וועט נאָך אַבי־ווען זיין אַ שטוב צי מ׳וועט זי פאַרברענען? איינציקע, ברעטערוויז, פאַרברענען און דעם אַש באַהאַלטן אין איינעם מיט די הרוגים?

און איר, גויים, שכנים מיינע געטרייע, איר האָט כאַטשבי אַרומגע־ווישט די קאָסעס מיט די מעסערס, צי איר האָט זיי פאַרטראָגן אין איינעם מיט מיין בלוט צו זיך אַהיים? גויים, שכנים מיינע געטרייע, זאָלן פון איך פאַלן שטיקער! פון איך, פון אייערע ווייבער און קינדער. ווו איר וועט זיך קערן און ווענדן... אַזוי!... דערפאַר!... איך קען נישט פאַרגעסן, וואָס אייערע שקצימלעך גייען אַרום איבער די גאַסן און טאַפּען מיט די נעזער פון די שטיוול מיינע מתים.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— נאָ! —

מיר זענען שוין אין אַ דאָרף אונטער וועלעדניק. יידן דערפרעגן זיך עפּעס ביי דאָרפישע גויים. די גויים באַדויערן, סמאַטשקען מיט די ליפּן, נאָר זיי וואָלטן שווערן, אַז אין וועלעדניק איז היינטיקע נאַכט אויך געווען

דאָס זעלבע. אַ גויע זאָגט, זי קען אַ רוף טון איר מאַן. און איר מאַן וועט דערציילן.

דערציילט ער טאַקע, דער מאַן, אַז שדים זענען געגאַנגען היינטיקע נאַכט קיין וועלעדניק. נאָר מ׳האָט זיי, דוכט זיך, דורכגעטריבן.

— וויאָ, — מ׳מוז פאָרן ווייטער, ווייל צוריק איז נישטאָ קיין וועג. און פאָרויס איז עפּעס אויך נישט גלאַט. אפשר האָבן געטון גלייכער די, וואָס האָבן פאַרקערעוועט אויף יעווראָסיס דאָרף? און די פויערים באַדויערן אונדז. אפילו די הינט בילן נישט. זיי באַטראַכטן אונדז נאָר מיט אונטער־געהויבענע עקן און מיט נייגעריקייט שטייען זיי ביי זייערע באַלעבאַטים אונטער די פּלייצעס און באַטראַכטן אונדז.

אַ גוטסקייט פון גויים, פון דעסט וועגן, וואָס זיי לאָזן אונדז דורכפאָרן.

— אַ גוטן טאָג, לייטן!

— גייט געזונט, אַ גוטן טאָג.

— וויאָ — און מיר ציען ווייטער אונדזער וועג.

ביז וועלעדניק האָבן מיר נאָך פיר וויאָרסט.

* * *

פון די גערטנער שמעקט מיט גרינעם היי, אַז דאָס האַרץ קוויקט זיך הערנדיק. וואָלט זיין כדאי אַריינצושפּרינגען אין אַ גאָרטן און אָנגנבענען אַ ביסל קלעווער פון דעם פּערדס וועגן (כאַפּן כאָטש פאַר אַ גראָשן אַן עברה). און אין וועלעדניק גופא שמעקן די גאַסן מיט פרישע קאַשניקעס. זיי פירן זיך נאָך אַזוי ווי פראָסטע יידן, די וועלעדניקער! מיר — שוין נישט. אָט זעט איר דאָך. מיר זענען דאָך שוין אַנדערע יידן, נישט קיין פּראָסטע.

נאָר וואָס? אַ ביסל זענען מיר נישט אָרנטלעך: מיר האָבן דערשראָקן די וועלעדניקער יידן, — די וועלעדניקער יידן, ווי זיי האָבן אונדז נאָר דערזען, האָבן זיי נישט געמאַכט קיין סך רייד, איינגעוויקלט די קאַשניקעס אין האָנטעכער, די קינדער — אין שאַלעכלעך, געכאַפּט פורן — און זיי לויפן קיין אָווורוטש.

— וואָס איז די מעשה?

— די מעשה איז אַ פּראָסטע. ביי נאַכט איז מען דאָ געווען, נאָר היי־מישע געדונגענע גויים האָבן זיי דורכגעטריבן. ס׳זענען נאָך אפילו גע־בליבן פון דער באַנדע איינער אַ געהרגעטער און איינער אַ פאַרווונדעטער, די איבעריקע האָבן זיך צעלאָפן, ווי די רודע מייז! ווער ס׳איז געווען און פון וואַנען מ׳איז געווען, ווייסט מען נישט. איצט אַז מען זעט, ווי אויף אונדז האָט זיך אויסגעגאָסן אַזאַ אומגליק, הייסט מען שפּאַנען פורן און מ׳לויפט קיין אָוורוטש.

דוכט זיך, אַז על פי שכל זענען די וועלעדניקער יידן גערעכט. מער נישט, וואָס איילן זיי זיך אַזוי? נעבאַי וואָלטן זיי אויסרעדן מיט אונדז אַ וואָרט! נו, מילא, אַז ס׳איז נישטאָ, אפשר, וואָס צו רעדן, איז פאַרפאַלן.

פאָרן מיר, הייסט עס, ווייטער.

מ׳האָט צענומען די פּעקלעך פון אונדזער וואָגן. מיר זענען געבליבן נאָר מיט איין מיידעלע, וואָס האָט פאַרלאָרן איר מאַמע.

— ווייַן נישט, מיידעלע, אָט־אָ פאָרן מיר דאָך קיין אָוורוטש, און דאָרטן איז דיין מאַמע.

און אַזוי ווי דער טאַטע ווייסט דעם וועג, און אַזוי ווי דער וואָגן איז פריי, זיצן מיר אַלע אויף דער פור. אונדזער פערדל קריכט פון דער הויט, און מיר פאָרן קיין אָוורוטש. מער נישט, פאַר וואָס איז סלאָוועשנע נישט געפאָרן קיין אָוורוטש נאָך דעם ערשטן טאָג?

„מ׳האָט נישט געוווּסט?...״

פראַנץ פינקעל פון וואָלאָסט האָט געזאָגט: „וווּהין וועט איר גיין, אַז אפילו אין אָוורוטש איז דאָך שוין קיינער נישטאָ?״

אַ־האַ!

און איצט ווייסן מיר שוין, צי אין אָוורוטש איז עמעצער דאָ? איצט ווייסן מיר גאָרנישט! ער איז אַן אָנגעפאָרענער, דער פראַנץ פינקעל. און ער איז געווען פון דער „וואָלאָסט״.

און מיר דוכט זיך, אַז מיר וועלן אָנקומען קיין אָוורוטש הלוואי אין 1925טן יאָר. מיין טאַטע זאָגט אָבער, אַז מיר האָבן נאָך 25 וויאָרסט

קיין אָוורוטש: צי ער מיינט עס מיט אַן אמת, צי ער וויל אונדז נאָר מאַכן גרינגער אויפן האַרצן?

פון וועלעדניק יאָגן אונדז אָן פורן מיט גאַנצע משפחות: אפשר שעלטן זיי אונדז, די וועלעדניקער משפחות, וואָס מיר האָבן זיי אויפגעטריבן אין מיטן דרינען?...

ווו ס'איז אַ גרויסער זאַמד גייען מיר אַראָפּ פון פור. און אין די דערפער שטייט אַ שטינקענדיקע בלאָטע, קוים וואָס דאָס פערד שלעפּט אונדז אַרויס.

— טאַטע, דאָ איז שטענדיק אַזאַ בלאָטע אין די דערפער? — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און יונגע־לייט דעקן אָט דאָ נישט ווייט אַ שטאַל. שטייען זיי מיט האַק און מיט ברעט. געזונטע נישקשהדיקע יונגע־לייט, נאָר זיי לאַכן פון אונדז.

— שדים הינטישע, וואָס איר זענט! איר האַלט דאָך העק און ברעטער טאָ וואַרפט אין די קעפּ אַריין. וואַרפט די העק און לאַכט נישט!

נאָר זיי רעדן דאָך נישט צו אונדז. זיי רעדן צו די וועלעדניקער פורמאַנעס.

— וווהין פירט איר זיך אום מיט זיי? — קערט זיי איבער אָט־אָ אין אַ כוואַסע און ווערט פּטור! —

די פורמאַנעס אָבער ווייסן דאָס פון פריער, האָבן זיי נישט וואָס צו ענטפערן און פאָרן ווייטער, — וויאָ! —

און די פערד קריכן פון דער הויט, די בלאָטע שטינקט. אַזעלכע דערפער האָבן מיר נאָך ביז אָוורוטש דריי.

ס'פרעגט זיך נאָר, צי מ'וועט אונדז אַריינלאָזן קיין אָוורוטש, צי מ'דאַרף אונדז האָבן אין אָוורוטש און ווען וועלן מיר אַהין פאַרפאָרן. מיר דוכט זיך, אַז אייביק נישט. וואָרום דערמאָנט זיך נאָר אָקאָרשט פון ווען אָן מיר פאָרן שוין.

* * *

דער טאָג נעענטערט זיך צו נאַכט. בלומעלע, וואָס האָט פאַרלאָרן איר מאַמע, איז אַ גאַנץ וועג נישט רויק.

— אַט פאָרן מיר אַרויס פון דעם דאָרף, — זאָגט דער טאַטע, — איז שוין אָוורוטש.

— הלוואי, קרעפּלעך עסן, — זאָגט בוזי.

און מיר זענען טאַקע אַרויפגעפאָרן אויפן ברוק. דער וואָגן האָט אָנגעהויבן טראַסקען. פאַר בוזין איז עס נישט קיין שפּיל, לאָמיך מיט בוזין אפשר גאָר אַראָפּגיין.

און אָוורוטשעווער בהמות גייען שוין פון דער טשערעדע צו ליכט־בענטשן אַהיים. דו ביסט אַ מבין? אין אָוורוטש זענען דאָך נאָך מענטשן אַזוי ווי געווען!

אַן אויסגעוואַשענער, אַן אָנגעטוענער, אַ פּראָסטער ייד איז אונדז אַרויס אַנטקעגן. ער האָט שוין אפשר געוווּסט פון אַלצדינג?

— סלאָוועשנער? — פרעגט ער דעם טאַטן.

— סלאָוועשנער! — ענטפערן עטלעכע שטימען פון וואָגן.

— פאַרפאָרט צו מיר! — און ער האָט פּראָסט, ווי איינער וואָס האָט געפונען, וואָס ער דאַרף, אַ ווייז געטון מיט דער האַנט, וווהין מיר זאָלן פאָרן.

אונדז האָט אַלעמען פּלוצעם אַ נאָג געטון ביים האַרצן. — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין צוואַנציק טריט אַרום איז געווען דעם יידנס שטוב, דאָרטן זענען שוין געשטאַנען לייכטער אויפן טיש און איינע אַ שנור צי אַ טאָכטער האָט נאָך געהאַלטן אין דערוואַשן דעם קיך־פּאָל.

דער עולם קריכט פון וואָגן מיט פאַרקילאָקנעטע אברים, און מיט זיכערקייט, ווי פונקט דאָ איז טאַקע די אכסניה, וווהין מיר האָבן שוין פון לאַנג געקלערט פאָרפאָרן.

— קומט אין שטוב אַריין — רופן אונדז שטיל און שעמעוודיק פרעמדע, יונגע, פרויישע שטימען.

זייער גוט, וואָס איך האָב דאָ נאָך וואָס צו טון, איך קען נאָך נישט גיין אין שטוב אַריין:

**איך דאַרף אַנידערשטעלן דעם פערד אויף אַן אָרט.**
**דעם באַלעבאָס יינגלעך ווייזן מיר ווו.**

„האָט שכל, יינגלעך, און גייט אויך אַוועק פון דאַנען. מיר איז בעסער זיין אַליין". — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס פערד איז נאַס, מיד און הונגעריק, צונויפגעצויגן אַ זייט צו אַ זייט. ער האָט צו מיר אַ הירזשע געטון בעתן אויסשפּאַנען. און וואָס וועט מען מיר טון, אַז איך וועל אַרומנעמען אין שטאַל ביים פערד דעם נאַסן האַלדז און איך וועל זיך לעם אים צעוויינען, ווי ס'איז מיר צוגעקומען ?... פאַר דער גרויסער וויסטער חרפה און פאַר אַלץ, וואָס ביי מיר אויפן האַרצן ס'קאָכט זיך, און איך קען דאָס נאָך אויפן צונג נישט אַרויסברענגען ?... אַזוי געשמאַק וויינען, וויינען, וויינען און אפשר זיך נאָכגעבן און צעגיין אַזוי אין די טרערן, — פאַר זיי !... פאַר דאָרטן !... פאַר אַלעמען און פאַר דער גרויסער וויסטער חרפה. — — — — — — — — —



דעם זעלבן פרייטיק צו נאַכטס האָבן נאָך „יידן" געלעבט אין סלאָוועשנע. אין דער פרי נאָך, האָט מען זיי פאַרצוימט די וועגן, אין דער פרי נאָך, האָט מען זיי געטריבן מיט פלעקער פון אַלע שליאַכן צוריק. היימישע גויים, נאָר זיי זענען מבולבל געוואָרן, און מיט צעיושעטע גזלנישע אויגן האָבן זיי געטריבן די יידן פון די שליאַכן אויף צוריק.

אין מיטן שטאָט האָט מען זיי צונויפגעטריבן צום קלויסטער און זיי געהייסן, זיי זאָלן קושן דעם צלם. איינער האָט אפילו אין אַ געלעכטער אַ וואָרף געטון אַ באָמבע, נאָר זי איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין בלאָטע.

דערנאָך האָט קאָסענקאָ געזאָגט :

— כדי ס'זאָל נישט אָנקומען קיין כאָליערע אויפן שטאָט, דאַרף מען באַהאַלטן די טויטע. זאָלן די יידן גיין באַהאַלטן זייערע טויטע, און דערנאָך וועט מען זיי אויפן הייליקן אָרט אפשר צום איבעריקן דערקאָנטשען.

יאַנקל דער וואָלאָך האָט איינגעשפּאַנט זיין פערדל, און מ'האָט איידל און נישט איידל געשלעפּט קופּעס הרוגים אויפן הייליקן אָרט : ווייבער און מאַנסבילן, בחורים און מיידלעך, און טאָמער אַ קינד, האָט מען עס פאַר אַ פּיסל, ווי אַ קלומעקל אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און געפירט אויפן הייליקן אָרט.

האַלב־טויטע האָט מען געלאָזן ליגן אין די ווייטיקן, מ׳האָט זיי צו קבורה נישט געפירט, — מ׳דאַרף וואַרטן ביז זיי וועלן אויסגיין.

און די יידן, וואָס אונטער די טויטע, אַז זיי האָבן דערהערט יידישע, רו׳קע, האָרעפּאַשנע שטימען און זיי האָבן זיך סוף־כל־סוף דערלויבט עפענען מיט אַן אויג און אַ קוק טון, וואָס אַרום קומט פאָר, האָבן זיי דאָך אָבער אַלץ מורא געהאַט, טאָמער וועט פאָרט קאָסענקאָ דערקענען, ווי אַזוי זיי האָבן זיך פאַלש געהאַלטן!...

האָבן זיי די יידן, די באַגרעבער, באַרו׳קט:

— פאַרקאַטשעט אויך די אַרבל, — זאָגן זיי, — און מאַכט זיך, אַז איר העלפט באַגראָבן די טויטע, זענט איר טאַקע נישט אומזיסט איינ־געטונקען אין בלוט.

און די „טויטע" האָבן זיך געהאַלטן אין פאַרשיידענע פּאָזעס און אין פאַרשיידענע הלבשה. און „טויטע" זענען געווען אומעטום.

האָט מען געגראָבן ברייטע קברים צו פירן אין אַ גרוב — מאַנסבילן; צו פירן אין אַ גרוב — פרויען; יונגע מיט יונגע, אַלטע מיט אַלטע, און ס׳האָט זיך געפּאָרט.

ביז נאַכט האָט מען געאַרבעט מיטן שווערן שוויס יונג און אַלט. 15־יאָריקע ייִנגעלעך האָבן זיך גערדאַפט אויסצייכענען פאַר גוטע באַגרע־בער און פאַר מענטשן געניטע, וואָס מעגן אומעטום זיין און אַלצדינג זען. און מ׳מעג זיי רו׳ק פאַרטרויען די גרענעצן פון לעבן און טויט.

ביז נאַכט האָט מען געאַרבעט (פון ביי טאָג אָן האָט שוין קיינער אפילו נישט אַכטונג געגעבן), און אין אָוונט האָבן אַלע געזונגען „לכו נרננה" אויפן הייליקן אָרט. דערנאָך האָט זיך יעדערער באַזונדער צוגעזוכט אַ וואָס מער זיכערן באַוואָקסענעם קבר צווישן די שטיבעלעך און זיך אַריינגעלייגט אַהין און זיך פאַרטאַיעט און געלעגן ביז האַלבער נאַכט, ביז טאָג, ביז ביי טאָג, ביז ס׳איז שבת פאַר נאַכט אָנגעקומען פון אָוורוטש די „ישועה": אַן אָטריאַד באָלשעוויקעס! (יצחק־בער העלפאַנד איז מיט פאַרמוליעטע פיס און מיט אויסגעקרימטע שטיוול פאַרלאָפן פרייטיק קיין אָוורוטש, מיט אַלעמען איז ער געלאָפן פון די דערפער, וואָס לעם סלאָוועשנע, און מיט די זעלבע פאַרמוליעטע פיס און אויסגעקרימטע שטיוול איז ער שבת אין

דער פרי אַוועק מיטן אַטריאַד קיין סלאָוועשנע. ער האָט זיך עפּעס פאַר גאָרנישט קיין מורא נישט געהאַט. אַט דער יצחק־בער העלפאַנד! אפשר, ווייל ער איז נישט קיין סלאָוועשנער. ער איז אַ פרעמדער, אַ לערער און איז אַליין פון אָוורוטש).

דער אַטריאַד האָט פאַרכאַפּט אַ גויטשיקל אין מיטן מאַרק, מיט אַנגע־קליבענע זאַכן. האָבן זיי אים אַוועקגעלייגט אויפן אָרט. נעבעך, אַ נאַרישער גויטשיקל. ער איז אַ שלימזל און האָט פון גאָרנישט געקלערט. ער איז נעבעך אַרויס שפּעטער פון אַלעמען, שפּעט וואָס שפּעטער קאָן שוין נישט זיין, און האָט אָנגעקליבן אין אַ טישטעך אַריין אַ ביסל זאַכן, האָט מען אים אַוועקגעלייגט.

דערנאָך האָט די גאַנצע שטאָט גויים געכאַפּט די בעבעכעס אויף די פורן, פאַרנומען די פי און מ׳איז אַנטלאָפן אין די וועלדער אַריין.

דערנאָך האָט מען פיר שיינע, געזונטע, נאָר אַ ביסל צעכעסטע, פויערשע בחורים אַוועקגעשטעלט לעם טורמעלע מיט פאַרבונדענע אויגן און מ׳האָט זיי דערשאָסן. צווישן זיי איז געווען זיידל דעם האָרבאָרס שכן — אַדאַמקאָ. אַ געזונטער, אַ גלאַטער און אַ ריך־רויטער (אַז מ׳זאָל זיך צו אים דער־קלייבן!), און זיין שוועסטער מיט דער מאַמע מיטן טאַטן האָבן געוויינט.

דערנאָך האָט מען אַלע צעבראָכענע, צעשטאָכענע און פאַרוווּנדעטע (אַבי זיי האָבן נאָך געזשיפּעט) צונויפגעפירט אין שפּיטאָל אַריין. און דעם דאָקטער, וואָס איז אָנגעקומען אַ שעה פאַר די באָלשעוויקעס, האָט מען געוווען אויסגעטון אין וואָלאַסט. מ׳האָט אים נישט געגלויבט, אַז ער איז נישט קיין ייד.

ער איז טאַקע נישט געווען קיין ייד.

דערנאָך האָט מען געהייסן:

— טראָגט צונויף די אָנגעראַבעוועטע זאַכן, אויב נישט, וועט מען אייך אונטערצינדן און איר וועט ברענען.

דערנאָך... האָט מען געבראַכט צופירן פון אַ דאָרף די מאַמע חיהטשיקן אַ געשטאָכענע, יאַסעלען מיט מלכן דערשטאָכענע, די מומע פריידלען מיט איר 12־יאָריקן יאַנקעלען געקוילעטע, דעם אַלטן אברהם אַ געשטאָכענעם, די מומע ראָסלען אַ פאַרוווּנדעטע, און אירע צוויי דאָרפישע דערשראָקענע

מיידלעך, מלכהלען און אסתרן,ביידע ווי יונגע צעשראָקענע פויגלען — דערשטאָכענע.

וואָס פרעגט איר:

„וואָס וועט יואליק אויף דערויף זאָגן אין אַמעריקע. ס'איז דאָך פון אים ערשט אָנגעקומען אַ פּאַק מיט בריוו?״

און נאָך פרעגט איר:

„אויב אַזוי, טאָ צוליב וואָס האָט יאָסעלע באַהאַלטן זיינע צאַצקעס אין איינעם מיט הערשעלען אין סעקרעט?״

און...

„ווי אַזוי וועט הערשעלע זיך דערפרעגן אויף זיין חברל?״

איך ווייס נישט. גאָרנישט ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז מיר טוט ווי די נשמה, דאָס האַרץ און אַלע אברים. און איך וואָלט זיך גערן געלייגט פאַר דער מאַמע חיהטשיקן אין דער ברייטער פּירעקעכיקער גרוב אַריין און... איך וואָלט זיך זייער מורא געהאַט אָפּווישן ביי מלכן און ביי יאָסעלען די פּינע פון די ליפּן. רחלע דערציילט, אַז זי געדענקט זייער ווינציק, נאָר דאָס געדענקט זי, אַז ביי יאָסעלען האָט געשלאָגן אַ ווייסע קאַשע אויף די ליפּן, ביי מלכן אויך, און זיי האָבן זיך געוואָרפן און האָבן זייער געקרעכצט.

שבת, שבת בייטאָג, ווען אין סלאָוועשנע איז שוין געווען אין אַ שעה אַרום די ישועה, האָבן די מאַמע מיט דער משפחה געהאַט אַזאַ מיאוסע, אַזאַ פּריקרע באַגעגעניש. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פון דער גרויסער קאָמפּאַניע און געמיינט — זיי וועלן אָפּנאַרן גאָט, זיי וועלן זיך אויס־באַהאַלטן אַרום דעם מילכען.

רחלע געדענקט זייער ווינציק.

פון יאָסעלען געדענקט זי נאָר מיט מלכן, און ווי אַזוי די מאַמע האָט נאָך אַ ביסל געלעבט און האָט צוגעפּויזעט צו אַ גאָרטן, האָבן „גויעס״ אויסגעזאָגט, האָט מען זי אַרויסגעפירט און אַ צווייטן מאָל געשטאָכן.

זייער גוט, וואָס זי געדענקט ווינציק, רחלע.

— רחלע, געדענק וואָס ווינציקער, וואָרום ס'זייער שווער!

— — — — — — — — — — — — — —

פון זיך געדענקט זי רחלע, אויך ווינציק. זי געדענקט, אַז ס'איר געווען הייס. זי איז ערגעץ געגאַנגען, איז דורכגעגאַנגען אַ „גוי", פרעגט ער זי, — מיידעלע, וווהין גייסטו אַזוי איינע אַליין? — האָט זי אים גאָרנישט געענטפערט. זי איז געווען אין כעס אויפן גוי און האָט נישט געוואָלט ענטפערן...

דער גוי האָט זי גענומען פאַר אַ האַנט און זי אַוועקגעפירט אין דאָרף צו זיך אַהיים. דו ווילסט עסן? — האָט זי דער גוי געפרעגט, — דו ווילסט טרינקען? — האָט זי אים גאָרנישט געענטפערט.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט זי דער גוי אָפּגעפירט ביז אונטער סלאָוועשנע און זאָגט: דאָ וועסטו שוין אפשר אַליין טרעפן, — און ער איז אַוועק.

זי איז פאַרלאָפן צו זיך אַהיים, איז דאָרט קיינער נישט געווען, און זי האָט זייער געוואָלט אַ טרונק, האָט זי געפונען אַ שערבעלע און איז אַראָפּ אין קעלער. אין קעלער קומט־צו וואַסער, האָט זי זיך אָנגעטרונקען. — מער געדענקט זי גאָרנישט.

ווייטער איז געווען אַזוי, ווי ס'פירט זיך אומעטום:

עמעצער איז דורכגעגאַנגען פאַרביי ברוך־אייזיקס שטוב. עמעצער האָט געהערט, אַז מ'קרעכצט דאָרט, איז מען אַריין און דערזען, אַז אין אַ ווינ־קעלע ליגט אויף אַ שמאַטע רחלע חיהטשיקס. נאָכן חשבון איז זי אַזוי געלעגן דעם דריטן טאָג, און מ'האָט זי אָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין.

אין שפּיטאָל האָב איך געטראָפן רחלען אויף דער ערד. אין קאָרידאָר אין אַ ווינקל איז זי געלעגן, אַן איינגעטונקענע אין לייז, און לעם איר איז געשטאַנען אַ האַלב רוי איי מיט שימל און מיט האָר, און אַ האַרט אויס־געשמירט שטיק ברויט.

די גויעס, — דערציילט מען, — טראָגן מילך, אייער און ברויט. גוטע גויעס געוואָרן.

— ווו איז בוזי? — האָט מיך רחלע געפרעגט מיט אַ קול נידעריקער פון דער ערד.

— אָט איז זי דאָך, רחלע, — און רחלע האָט אַ קערעווע געטון די

אויגן, ווהין איך האָב איר געוויזן, נאָר איר פּנים האָט זיך נישט געענדערט און זי האָט מער גאָרנישט געפּרעגט.

ביי רחלען זענען געווען צוויי טומפּע שטעך אין פּלייצקע. אפשר זענען זיי נישט קיין שווערע. — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַ מענטש האָט מיר געזאָגט:

— אייזיק, דיינע בעטן שטייען לעם וואָלאָסט. גיי נעם זיי אָפּ. טימאָ־פייקאָ האָט זיי צוריק געבראַכט צו שלעפּן. ער האָט דיך געוואָלט ירשענען, טימאָפייקאָ.

און אַ צווייטער מענטש האָט מיר געזאָגט:

— אייזיק, דיין שוואַרצע בהמה איז אין ליסטווען, ביי אַ ליסטוועגער חזיר. יעווראָסי הייסט ער. ערשט פון סאָלדאַטן געקומען, האָט ער זיך געוואָלט "ראַזשיוועגן" מיט דיין בהמה. —

און ביי דער מאַמע חיהטשיקן אין שטוב האָב איך געטראָפן רחלעס אָנטון אין אַ קאָרזש פון בלוט. איך האָב באַהאַלטן אויף אַן אָרט, איך זאָל עס קענען נאָך אַ מאָל געפינען. און אויפן הייליקן אָרט האָב איך אָפּגעזוכט די צוויי פרישערע (אויף אַ טאָג) בערגלעך, לעם איינעם שטייט אויף אַ שטאָכעט אָנגעשריבן:

„דאָ ליגן דריי קדושים: אברהם, אלימלך און יוסף".

און אויפן צווייטן קעגנאיבערדיקן שטאָכעט:

„דאָ ליגן פיר קדושים: פריידל, חיה, אסתר און מלכה".

זעט איר שוין, ווי ס'פאָרן זיך נישט, נישט די פרויען, נישט די מאַנסבילן.

דערנאָך האָבן די אַטריאַדטשיקעס אַרויפגעזעצט אויף אַ גרויסן וואָגן פון היי צוועלף גוים, זיי געבונדן די הענט צו די דראַבינעס. און אַלע צוועלף זענען געזונטע, גרויסע און בייזע. 9 היגע און דער פּאָסעלעניק, דער שוואַרצער פעלשערל, מיט פראַנץ פינקעלן (וועלכער האָט געזאָגט: וווהין־זשע וועט איר פאָרן, אַז אפילו אין אוורוטש איז שוין נישטאָ קיינעם?). איז ווייטער דריי.

9 + 3 האָבן מיר שטענדיק צוועלף.

ערשט נעכטן האָבן זיי זיך דווקא אַליין געבאָדן אין בלוט. איז דאָך עס געווען יידיש בלוט? אָבער זיי? וואָס האָט מען צו זיי? און זיי האָבן איצט ווייטער אַ מאָל מאָדנע פּנימער. סטאַהדאָט ווייסט, וואָס מ׳האָט נעכטן געטון די פיר שקצים. ער ווייסט, אַז זיי האָבן געלעקט די ערד. סטאַהדאָט פאַרשטייט, אַז ער וועט אויך, ער און דער שוואַרצער פּעלשערל און טימוך לוכטאַנס (דער הויכער, דער שיינער, דער מיליציאַנער), און זיין ברודער דער וויס־באַוואַקסענער מאַקסים! נישטאָ נאָר די גלאָוונע, נישטאָ קאָסענ־קען, נישטאָ מאַרקען און נישטאָ דער נאַטשאַלניק, נאָך עטלעכע פעלן. אָבער ווו נעמט מען די סאַמע גלאָוונע?

אויף מאָרגן האָט מען די צוועלפן אין אָוורוטש געטון דעם רעכט, חוץ טימוכן. ער האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן און אַזוי אַרום באַקומען אַ פּראָלאָנ־גאַציע אויף צוויי חדשים.

די מאַמעס, די ווייבער, די טאַטעס, וועלכע זענען נאָכגעפאָרן קיין אָוורוטש, דערציילן, וואָס און ווי אַזוי אַלץ קומט דאָרט פאָר, אין אָוורוטש.

„דער שכל איז אַ פּשוטער: קיטאַיצעס האָט מען אָנגעדונגען. אַ סך קיטאַיצעס. טרינקט מען זיי אָן מיט בראָנפן און מ׳פירט זיי צו די אַרעס־טירטע אויפן בית־עולם און מ׳זאָגט זיי: צעשיסט, זייט מוחל, אָט די עטלעכע רוסישע מענטשן! און ביי די קיטאַיצעס האָט דאָס קיין ווערט נישט. אַ שפּיי און געגנוג! אַזוי ווי אַ ביסן ברויט אויפעסן!״ נו, ליגן זיי שוין איצטער, אונדזערע אדונים, אויף אָוורוטשער פעלד באַהאַלטן.

---

דערנאָך האָט זיך מרדכי־לייזערס עלטערער יינגל (אשר גערשטיין, אַזוי הייסט ער), איינגעגעבן פאַר אַ פריוווליקן אין דער רויטער אַרמיי. ער האָט נישט געקענט איינרוען און פאַרשטיין נישט געקענט: וואָס הייסט — מ׳האָט געקוילעט זיין טאַטן. ער האָט זיך אַריינגעלאָזן אין דער אַרמיי און ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט ראַבאָטעווען — אשר גערשטיין.

דערנאָך האָט מען פאַמעלעך אָפּגענומען אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, און פויערשע שנורן מיט יונגע ווייבלעך האָבן געוויינט (אָן ערך 60 אַנטקעגן 60). דערנאָך איז דעם אַלטן זלמנס שכן, קלימקאָ אַליין, געקומען פון טורמע און די זעלבע נאַכט איינגענומען. צום טאָג איז ער שוין געלעגן אַן אָפּגע־

וואַשענער אונטער די אַבראַזן. די זעלבע וואָך האָבן איינגענומען קלימס גויע מיט דער שיקסע.

דערנאָך האָבן אַ סך אויפגעהערט וווינען אין צוויי שטעט.

צעבראָכענע, צעשטאָכענע האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק און געהיילט אונדזער צעביילטע סלאָוועשנע.

און רחלען האָבן מיר געהיילט ביי אַ דאָקטער. מער נישט, וואָס וועלן מיר ענטפערן אשרן מיט שאולן, ווען זיי וועלן קומען און זיי וועלן זיך ביי אונדז פרעגן אויף זייער מאַמע? —

דערנאָך האָבן אונדז די גויים פון אונדזער שטעטל געחנפעט:

„זיי האָבן נישט געקלערט, ס'זאָל זיך אַזוי ענדיקן, מ'האָט זיי געזאָגט, אַז קיין יידן זענען שוין אין ערגעץ נישטאָ, האָט מען זיי געזאָגט, און מ'שטעלט זיך פאַר זיי קיינער נישט איין... נו, מילא פאַרפאַלן, מ'האָט אָפּגעצאָלט אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, נאָר מער נישט, אַן עבירה אַזעלכע געזונטע גויים. די מערסטע טייל יונגע, איבערגעוואַשענע, איינס אין איינס. און די יידן, וואָס מ'האָט געהרגעט, זענען דאָך נישט געווען אַלע קיין בריות. ס'זענען דאָך געווען אַלטע, געווען ווייבער, געווען קינדער. נאָר וווּ־נישט־ווו האָבן זיך דורכגעוואָרפן געזונטע בחורים".

נו, זענען זיי דאָך גערעכט. זיי זענען דען שולדיק, וואָס מ'האָט זיי איינגערעדט? זיי האָבן געוואָלט ווי צום בעסטן. זיי האָבן געגלויבט אַז מ'וועט זיך קענען באַגיין אָן יידן. און פון קיין צוקומעניש, ווי מ'זאָגט, דאַרט נישט דער עלנבויגן: מהיכא תיתי, מ'וועט זיך צעטיילן מיט דעם יידישן ביסל זליבאָדע, די הייזער, די בהמות (מ'האָט זיך שוין אַפילו אין אַנדערע פאַלן געקריגט צווישן זיך). איצט נאַ דיר, אין מיטן דרינען, די באָלשעוויקעס!... און ווייטער האָט סלאָוועשנע באַקומען אַ מיאוסן נאָמען אויף דער וועלט: „באַנדיטסקי קראַי". גענוג נאָר, מ'זאָל זיך דערוויסן ווו ס'נישט איז, אַז דו ביסט אַ סלאָוועשנער, שרייט מען דיר „באַנדיט".

און איך דאַרף זיך מיט דעם אַלץ טרייסטן. און מיר דאַרף זיין גענוג אַזעלכעס אויף נעמען נקמה און זאָגן:

— אַ מצוה אויף אייך — האָט זיך אייך נישט געזאָלט געווען גלוסטן קיין יידישע זליבאָדע...

* * *

דערנאָך האָט מיר בוזי געהאַט אַ שײנינקע מײדעלע. מיר האָבן געװײנט, מיר האָבן געלאַכט, און מיר האָבן זי אַ נאָמען געגעבן — חיהלע.

דערנאָך... האָבן די באָלשעװיקעס צונױפגערופֿן אַן אסיפה און זײ האָבן געזאָגט:

— חברים, פױערים און בירגער פֿון סלאָװעשנע. װאַשט אָפּ אײער פּלעק פֿון זיך און שיקט אײערע זין אין דער רױטער אַרמײ! װער װעט זיך שלאָגן פֿאַר דער מאַכט פֿון די אַרבעטער און פּױערים, אױב נישט די אַרבעטער און פּױערים אַלײן?

און צו די ייִדן האָבן זײ געזאָגט:

— חברים, בעלי־מלאכות און בירגער פֿון סלאָװעשנע! זעט, צי האָט איר אָפּט מאָל נישט אָפּגעלײגט אױף צו לאַנג אײער חוב צו דער רױטער אַרמײ? „נאָך” ייִדישע שטעטלעך לײדן פֿון באַנדעס און פֿון קאָנטער־רעװאָלוציע! טוט זיך אָן און גײט אין דער רױטער אַרמײ!

און די ייִנגלעך האָבן געענטפֿערט:

— רעכט! מיר גײען אין דער רױטער אַרמײ!

און װי שװער ס'זאָל מיר נישט זײן איבערלאָזן מײנע צװײ מײדעלעך, אײנע פֿון 21 יאָר און אײנע פֿון צװײ װאָכן, דאָך האָב איך זיך לאַנג געסודעט מיט בוזין. און בוזילע האָט שטיל געװײנט, און איך האָב צוגעזאָגט בוזין, אַז ס'װעט לאַנג נישט געדױערן.

און אַזױ װי ס'האָבן זיך אָנגעהױבן צו קלײבן דער װינטער, דער טיפֿוס פֿון די פּױלישע באַנדעס קײן סלאָװעשנע, האָבן מיר, ייִנגלעך און יונגע־לײט, זיך אונטערגעגאַרטלט און אַרײַן אין דער רױטער אַרמײ. אין דער הונגעריקער און מוטיקער, אין דער לײזיקער און זוניקער, אין דער רױטער ... אַרמײ!...



שױן זעקס יאָר דרײַנען. זעקס קײלעכדיקע יאָר, געקניפּטע און געבונדענע מיט אַ סך בלוטיקע לײדן און מוטיקע פּאַראײבּיקטע פֿרײדן.

א י צ י ק   ק י פ נ י ס



**איצט וווין איך אין אַ גרויסער שטאָט, ווייט פון סלאָװועשנע. און איך ווייס נישט, צי איך בין אַ קלוגער, צי אַ נאַר מיט דעם, וואָס איך פאַרשרייב איצט אָט די שורות פאַר אַן אָנדענק, איצט דעם 20־טן אָקטאָבער 1925־סטן יאָר.**

**אייזיק, לייב דעם האַרבאַרס**
**פון סלאָװועשנע**

## אַ קליינע באַמערקונג:

און מאַרקען לוכטאַנס דעם קבצניוק, דעם ציגיינער, און וואָס האָט ליב יידן, האָט מען אים אויך געהרגעט.

איין מאָל אין מיטן בייטאָג האָט מען געהערט דריי מאָל אויס־שיסן אונטערן שטאָט, און צוריק אויף אַ פור האָט מען געבראַכט ליגנדיקע און נאָך ערגער ווי געבונדענע — מאַרקען, זיין שיינעם ברודער טימוכן און מאַרקעס שוואָגער, וועלכן מ׳האָט גערופן אין שטאָט יאַקאָוו־קאַקאָוו.

דריי שניר לוכטאַנס זענען געבליבן אלמנות. און אַז מ׳האָט איינ־געפירט אין סלאָוועשנע אַ קינדערהויז פאַר יתומים, און קינדער זענען אַהין געלאָפן מיט אייגענע נירדענע שיסעלעך און פאַרשמירטע נעזעלעך נאָך עסן — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָרט זענען געווען יידישע קינדער יתומות און מאַרקעס קינדער יתומים. מאַרקאָ האָט געהרגעט יידן, און די יידן האָבן געהרגעט מאַרקען. און קינדער יתומים קומען צו לויפן מיט שיסעלעך אין קיך. און קינדער קלערן איצט פון גאָרנישט. זיי הייבן נאָר די אייגעלעך און פיסקעלעך צום עסן. קומט דאָס אויס די עלטערע אַ ביסל מאָדנע אָנצוקוקן אַזעלכס. שוין אַפילו גאָר מאָדנע.

## .1

חיהלע און פיניעלע האָבן געלעבט אַ טיר איבער אַ טיר. אין איין שטוב. און אונטער איין דאַך. דאָך האָבן זיי נישט געקענט איינס דעם צווייטן. זיי האָבן זיך אַפילו נישט געשטויסן, אַז דאָרט איבערן וואַנט, פון יענער זייט פאַרשמירטער טיר, געפינט זיך אַ גלייכן, אַ חבר, אַ פריינד.

פאַר וואָס האָבן זיי נישט געוווסט? פרעגט איר.

פאַר דערפאַר, וואָס זיי זענען נאָך געווען קלייניקע.

צו פינף, צו זעקס חדשים יעדערער.

(און וויפל יעדערנס מאַמע זאָל נישט שווערן ביי אַלץ, וואָס הייליק איז, אַז איר קינד איז קלוג, ווי אַלע קלוגע, איז כאָטש קיין מאַמעס שווערן קיין מאָל נישט פאַלש, אָבער אמונה מעג מען אין דעם האָבן ווינציק. ווייל נאָכן עלטער נאָך אַליין קען מען שוין שאַצן דעם פאַרשטאַנד).

אַ סך מיט אַ ים קענען זיי שוין פאַרשטיין אַזעלכע צוויי לייט, וואָס איינער איז אַלט זעקס חדשים און איינע — פינף.

נאָר ווי איר ווילט זיך, איך האָב, דוכט זיך, שלעכט אָנגעהויבן. וואָס וואָלט זיי, ווען איך הייב בעסער אָן פון צוריק מיט צוויי חדשים, פון ווען איך און מיין ווייב זענען געלעגן אויף טיפוס. —

יאָ. מיר האָבן זיך דעמאָלט געווען אַנידערגעלייגט אויף צו כלומרשט, און די קרענק האָט זיך פאַרנומען אויף דער אמת. איך און זי, און איבער אונדזערע בײדע בעטן הענגט דאָס וויגעלע, ווו אונדזער חיהלע שלאָפט. און דאָס קלייניקע ווייס דאָך נאָך בכלל נישט פון וואָס צו זאָגן. איין חכמה האָט זי זיך יאָ אויסגעלערנט — זי פאַרבייסט מיטן אויבערשטן יאַסלעלע די אונטערשטע ליפּ ביזן סאַמע קינכען און זי שמוכט, מיר וואָלט זיך גלוסטן שווערן, זי ווייסט, מיר האָבן הנאה פון דעם חן, וואָרום אויב נישט, וואָלט זי דאָך נישט געשמוכט.

דאָס גאַנצע פּנימל, מיטן נעזעלע, מיט די „גויגן" און ביזן שפּיץ נאָפּעלע לאַכן ביי איר אַלע מאָל, ווען זי מאַכט אונדז דעם חן.

און מיין ווייב איז ביי מיר די ערשטע אויף מיין לעבן, און דאָס קינד איז ביי אונדז דאָס ערשטע אויף אונדזער לעבן, און אונדזערביידנס לעבן אין איינעם גענומען באַטרעפט, הלוואי, צוויי צי דריי און פערציק יאָר, און מיט חיהלען אין איינעם איז נאָך דריי חדשים. און מיט אונדזער שוועסטערל אין איינעם איז נאָך צען יאָר. —

היינט באַרעכנט אַ געזינד פון פיר מענטשן, וואָס אין איינעם זענען זיי אַלט 52 יאָר מיט דריי חדשים. נעמט זיך אָן צו דרייצן יאָר אויף אַ מענטשן. און מיין ווייב קען מען סיי ווי מער נישט געבן. אַזאַ יונגעטשקע איז זי. אַ שפּילעוודיקע און אַ באַחנטע.

לעבן מיר און מיר פרייען זיך אַלע פיר. כאָטש מיר מיט דער גאַנצער שטאָט האַלטן ערשט נאָך אַזאַ פּאָגראָם, און כאָטש די שטאָט איז פול מיט טיפוס, און ס'נישטאָ דער טאָג, אַז ס'זאָלן נישט זיין קיין דריי, פיר לוויות (ביי אַזאַ קליינעם קהל), איז כאָטש אַזוי און כאָטש ווייטער, אָבער ווער וואָלט געוועזן בעסער אויף מיין אָרט, אויב ער זאָל האָבן אַ ווייב, וואָס ס'איר נאָך נישטאָ קיין 17 יאָר אויפן פּנים (אַזוי איז איר היינטיקן ווינטער געוואָרן 20), און אויב ער זאָל האָבן אין וויגעלע אַזאַ פּיצינקע מיידעלע, וועלכע מאַכט אַלע רגע איינעם און דעם זעלבן ציכטיקן און גאָלדענעם חנדעלע: זי פּאַרבייסט דאָס אונטערשטע ליפּעלע ביזן קינבעלנדל און שמוכט. און געראָטן איז זי דאָך אין גאַנצן אין דער מוטער, אַפילו ביי די אויבערשטע ליפּן דער פּופּטשיקל איז ביי זיי ביידן אַלץ איינס אויסגעשניצט. דאָס „קעלבעלע" און די „פּערוויסקעלע", ביידע אַז זיי ליגן איינס לעבן אַנדערן, איז דאָך טאָקע נאָר אַ חן צו קוקן. דערצו איז נאָך דאָס שוועסטערל אונד־זערס אַ שטיפערקע איינע אין דער וועלט! טאָ ווער קען קלערן פון מאָרגן. און ווער קען געדענקען פּאָגראָמען, אַז קוים פּאַרעסטו זיך איין מיט דיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט און קומסט צו לויפן אַהיים, שפּאַרט דיר די פרייד פון אַלע ווינקעלעך אַנטקעגן.



אָבער אַז מיין קליינע איז אַריין אין בעט און אין צוויי טאָג אַרום —

איך נאָך איר, און דער דאָקטער זאָגט דאָס זעלבע, וואָס נאָך אין פּופּציק הייזער ביי אונדז אין שטעטל.

פריער זאָגט ער:

— ליגט איבער די פּאָר טעג, מ׳קען נאָך גאָרנישט וויסן. טיפּוס אין די ערשטע טעג האָט אויך נישט קיין בעסערן פּנים (און פון קיין טיפּוס ווילן מיר אַפילו נישט הערן, וואָרום, וואָס הייסט? אין שטאָט גייט טאַקע אַרום אַזאַ קרענק, אָבער מיר? פריטשאַם זענען מיר דאָ?).

מער נישט, מיין ווייב האָט זיך דערשראָקן פאַר אַן אַנדער זאַך:

— דאָקטער, אָבער זאָגט מיר, איך בעט איך, דאָס קינד?

דאָס קינד קען זיך אפשר אָננעמען?... און ווי אַזוי טראָגן עס קינדער איבער?... און ווי אַזוי דאַרף מען זי היטן... און אַז. וו. א. אז. וו.

— וויפל איז אַלט אייער קינד? — פרעגט דער דאָקטער.

— דער דריטער חודש.

— נו, איז גאָרנישט, האָט ער זיך נאָך נישט קיין מורא פאַר קיין טיפּוס, אַזאַ פּיצל. ביז, ביז, — ביז דאָרטן אַזוי פיל און אַזוי פיל חדשים קענט איר זיין רויק.

איז שוין אונדז גוט.

און ער חשבונט אונדז אַלע טאָג די היץ, אונדזער דאָקטער... גייט דורך נאָך אַ טאָג, זוכט ער אויפן לייב... ער זוכט מיט ליכט און געפינט פון דעסט וועגן, וואָס אים טויג, און ער זאָגט אונדז אָפּ דעם פּסוק!

הייבט זיך אָן ביי אונדז אַ סדרה פון זויערע טראָפּנס אַזעלכע נישט קיין געשמאַקע, פון פּאָכירעס אייז און פון נישט טאָרן עסן גאָרנישט א. א. וו. און נעבעכיקן קומט צו אונדז קיינער נישט, ווייל אַ ים פריינד אונדזערע ליגן אויך יעדערער אין זיין שטוב מיט זיינע פּאָכירעס אייז, מיט זיינע זויערע טראָפּנס און מיט קיסעל פון זשוראַכווינעס.

און אַנדערע האַלטן שוין אַפילו ביי די קליזמעס.

נאָר אַזוי ווי אָט־די כלי איז ביי אונדז אין שטאָט נישט שטאַרק בנמצא, טוט מען מיט איר גמילות־חסדים און מען פאַרשרייבט זיך אויף איר אין אַ ריי (און אויב אויפן גאַנצן שטאָט געפינען זיך נאָר צוויי כלים אַזעלכע, איז שוין קלאָר, אַז זיי רוען נישט, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאַכט). און

יעדער שטוב, בעת זי נעמט זי, לייגט פריער איין אַ משכון (אַ זיידן טיכל דאָרט, אָדער אַ גאָלדענע מטבע). און בעת מ׳טראָגט זי אָפּ, נעמט מען דעם משכון אויף צוריק.

און די תקנות, ווי אַזוי זיך באַגיין מיט דער כלי, דערקלערן די באַלע־באַטים יעדן איינעם אומזיסט. ס׳איז מער נישט, וואָס דאָרטן ביי די באַלע־באַטים אין שטוב קענען שוין אַפילו די קינדער פון די וויגן אַלע תקנות אויף אויסנווייניק, און זיי פאַרשפּאָרן דערוויל זייערע טאַטעס מיט די מאַמעס די אַרבעט, וואָרום ריוועלע דערציילט, אָדער עלקעלע דערציילט, אַז מ׳דאַרף געזאָדענע וואַסער און נישט קיין שטאַרק הייסע, ווייל די גלאָז קען פּלאַצן און די גומע קען געשוואָלן ווערן און, צווייטנס, קען עס שאַטן דעם חולה אויך, אַז מ׳וועט אים גיסן אין די קישקעס אַריין זודיקע וואַסער... און היינט, ווי אַזוי דער חולה דאַרף ליגן „פאַר דעם״, און ווי אַזוי „נאָך דעם״, און ווי אַזוי מ׳זאָל זיך נוצן מיטן קרענטל טאָמער אַרבעט עס שלעכט, און ווי אַזוי מ׳זאָל האַלטן ריין די כלי, ווייל טיפוס איז דאָך אַן „אָנשטעקנדיקע קרענק!״

איז צו אונדז קומט מען אַריין ווינציק־וואָס, ווייל אַנדערע פון אונדזערע קרובים האָלטן שוין אַפילו ביי דעם „קריזיס״. און די, וואָס קומען איבער דעם קריזיס, איז געוועגדט ווי אַזוי.

אויב מיטן לעבן, טאָר מען אַ לאַנגע צייט נישט אַרויס פון שטוב. מ׳דאַרף שליאָפּען אין שטעק־שיכלעך און מ׳דאַרף זיך היטן מיט אַ ביסן. אַהאַ, וויפל מענטשן ס׳זענען ביי אונדז געגאַנגען פון דער וועלט טאַקע נאָר איבער איין ביסן. און דו מעגסט אַפילו זיין אַ קבצן פון אַלע יאָרן, אָדער אַ סטאָליער, צי אַ טעפּער אַפילו, מוזטו איצט עסן נאָר ווייצנס און צו קליינע שטיקעלעך, און אויב מ׳קען אויספּירן אַ יאַיכעלע פון עוף, דאַרף מען אָנטריקענען פּענעצלעך און אַריינבראָקן אַ האַלב פּענעצל אין האַלב פון אַ קליין טעלערל יויך...

יאָ, אַזוי איז מען זיך נוהג אַלץ ביי די, ביי וועמען דער קריזיס פּירט מיטן לעבן, און ביי וועמען, חלילה, פאַרקערט, איז דאָך גאָר נישטאָ וואָס צו ריידן. צינדט מען ליכט און מ׳רייסט אַלטע וועש אויף תכריכים (קיין נייס איז נישטאָ פאַר וואָס צו קויפן, און אויב ס׳זאָל אַפילו זיין, איז היינט נישטאָ,

ווער ס׳זאָל פּאַרקויפן). און קינדער אָדער פריינד הייבן אָן זאָגן קדיש. און אויב דאָרט אין שטוב זענען דאָ נאָך אַ פינף חולים, דאַרף מען וויינען שטיל, און ווען יענע פרעגן אויף „איצלען" אָדער אויף „ביילען", דאַרף מען זיי ענטפערן, אַז זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, אָדער מ׳האָט זיי איבער־געפירט אין שפּיטאָל.

אַזוי, אַז ס׳איז שוין קלאָר, פאַר וואָס פון אונדזערע פריינד קומט צו אונדז קיינער נישט אַריין, חוץ נחומען, מיין וויבלס פעטער, מיט זיין ווייב — לאהן. און נחום איז אַ יונגערמאַן, אַ גוטער חברהמאַן — אַ סטאָליער איז ער (פון דעם נחומען איז פאַראַן אַ זאַך צו דערציילן, וועט עס אפשר זיין אין אַ באַזונדער מעשה). און נחום איז שטאַרק אָנגעבונדן אין זיינע פּלימעניקעס, און נחומס ווייבל איז אויך אַ פּשוטע, און זי איז צו אונדז צוגעבונדן, איז זיי קומען צו אונדז צו צוויי מאָל יעדן טאָג. און אין שטוב, ביי דער באַלעבאַטישקייט, באַגייען מיר זיך שוין מיט איין רחלען.

דערווייל האָבן די נעכט פאַמעלעך גענומען ווערן לענגער, און מיר חלומען זיך איבער די נעכט משונה מאָדנע חלומות. און אפשר זענען עס גאָרנישט געווען קיין חלומות? אָט נעמט, צום ביישפּיל, אַזאַ בילד (צודעקן האָבן מיר זיך שוין נישט געהאַט מיט וואָס, ווייל דער פאָגראָם האָט אונדז געווען איבערגעלאָזן הויל־נאַקעט. ליג איך צוגעדעקט מיט מיינעם אַן אַלטן מאַנטל און זי — אָנטקעגן — מיט אירן אַן אַלטן מאַנטל). טשעפּעט זיך צו מיר צו אין איינער אַ נאַכט אַזאַ משוגענער געדאַנק, אַז איך בין אַ לעווקאָוויטשער (לעווקאָוויטשער ווייבלעך, מאָלט איך, זענען נישט פון די איבעריקע שיינהייטן. זיי זענען נאַר ווילדע אשת־חילטעס, פּולקומע מאַנסבילן). און לעווקאָוויטש גופא — דאָס איז אַ דאָרף, 9 וויאָרסט פון אונדז. בין איך, הייסט עס, אַ לעווקאָוויטשער ווייבל, און איך, די לאַנגע לעווקאָוויטשער ווייבל, ליג מיר אין בעט און שלאָף צווישן מיינע פינף, זעקס קינדערלעך. ווער ס׳ליגט מיר לעבן די הענט, ווער לעבן די פיס און ווער לעבן די אַקסלען: טאַקע אַזוי אַרום מיינע אַלע עקסטע אברים ליגן זיי, און ס׳איז זיי קאַלט, מיינע קינדערלעך, אָבער טאַקע שטאַרק קאַלט. און איך, די לאַנגע לעווקאָוויטשער ווייבל, בין אַ מאַמע און ס׳דערגייט מיר שטאַרק צום האַרצן, וואָס מיינע קינדער איז קאַלט.

טאָ וואָס־זשע טו איך? — האַלט איך אין איין אַרומקוקן דאָס פּעלצל.
איז ווייטער שלעכט:

דעק איך צו די, וואָס לעבן די הענט, הייבן אָן פרירן יענע קינדערלעך, וואָס אַרום די אַקסלען. און איך פיל עס בפועל ממש, ווי זיי פרירן! רוק איך אַרויף דאָס פּעלצל אַהין, נעענטער צו די אַקסלען, ווערט צוריק יענע קאַלט, וואָס לעבן די פיס. רוק איך דאָס פּעלצל אַראָפּ, איז קאַלט מיינע קינדער פון רעכטס. שלעפּ איך דאָס פּעלצל אויף אַ זייט, איז ווייטער קאַלט די, וואָס לינקס. און אַזוי קען איך — די לאַנגע לעווקאָוויטשער ווייבל — זיך נישט געבן קיין עצה. און דאָס פּעלצל האַלט אין איין אַרומפּאַרן אַ נאַכט אַ נאַכטיקע.

אין דער פרי דערצייל איך עס מיינע — לאַכט זי. דאָס קליינע שוועס־טערל קייכט זיך נאָר פאַר געלעכטער. און אויך דאָס פּיצינקע אין וויגעלע פאַרבייסט דאָס אונטערשטע ליפּעלע און אַרום די אייגעלעך ביי דעם ווערן קלוגע צווייַ פריילעכע ווינקעלעך און ס׳שמוכט אויך.

נאָר וואָס איז דאָ די רייד, און וואָס איז דאָ אַזוי שלעכט חוץ די זויערע טראָפּנס און חוץ דעם, וואָס מ׳קען נישט זען די גאַס שוין דעם אַכטן טאָג, און וואָס פּוילישע ראַזוועדקעס מיט פּאָוויסטאַנצעס געמישט כאַפּן זיך אַריין אַלע ווײַלע און זיי טרייסלען דאָס שטעטל.

זיי לויפן אַרום איבער די הייזער, זיי זידלען זיך, זיי זוכן באָלשעוויקעס אין די שופלאָדן און כאַפּן דערוויַיל צו זייגערלעך, שטיוול און אַנדערע זאַכן.

פאַר אונדז האָבן זיי זיך מורא. זיי גיבן אָן עפּן די טיר און דערזעען דעם עולם אויף די בעטן, איז אַנדערע טרעטן אַפילו נישט איבער די שוועל, און מיר, פאַרקערט, האָבן שוין פאַר זיי גאָרנישט קיין מורא. אַ מצוה אויף זיי! וועלן זיי שוין ווייטער וויסן! און איר גלויבט טאַקע, אַז מיר האָבן זיך פאַר זיי קיין מורא נישט געהאַט? גלויבט בעסער נישט! ס׳איז אַ ליגן. וואָרום ערשט דעמאָלט, ווען זיי פאַרמאַכן די טיר „פון יענער זייט", אָטעמען מיר אָפּ גרינגער און יעדערער הייבט אָן דערציילן די נסים, ווי אַזוי ער האָט זיי אָפּגענאַרט, די פּאַליאַקן.

בראַשקע מיינע קוועלט. זי זאָגט, אַז זי האָט זיך געמאַכט בלייך, ווי די

וואַנט... איך זאָג, אַז איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך הער אַפּילו נישט, וואָס זיי ריידן צו אונדז, און דאָס שוועסטערל (קוקט זי נאָר אָן!) — זי האָט אַרומגעבונדן דעם שטערן מיט אַ ווייסער פאַטשיילע און האָט זיך אויך „געמאַכט בלייך" (אַ קוק טון נאָר אויף איר, אויף רחלען, איז עס שוין אַ גרייטער טעאַטער). היינט צום סוף האָבן מיר דאָך זיי טאַקע ערשט אָפּגע־נאַרט. וואָרום נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אונדזער ביידנס קרענק איז נישט קיין אויסגעטראַכטע, אָבער דאָס זייגערל, וועלכן מיר האָבן געליען ביים ציגלמאַכער (מיר זאָלן וויסן ווען צו איינגעמען די רפואות), דאָס זייגערל האָט בראָשקע באַהאַלטן ביי זיך הינטערן קישן! און איך מיינע שטיוול האָב אויך פאַרשטופּט וויט אונטערן בעט! נאָך צוויי טישטעכער פאַרמאָגן מיר, וואָס ליגן אין שטאַל אונטערן היי מיט בראָשקעס אַ פּאָר לייבעלעך. און דאָס איבעריקע מעגן זיי שוין זוכן, וואָרום מ׳האָט אַלץ צוגענומען ביז זיי!

און דערווייל איז אונדז שוין ווייטער גוט אויפן האַרצן, און לאָמיר נאָר ווערן עלטער מיט איינע 6 אָדער 7 טעג, וועלן מיר שוין געוויס האַלטן נאָכן קריזיס און נאָר די קליזמעס, און מיר וועלן שוין עסן גוטע זאַכן, יאַיכעלעך וועלן מיר עסן מיט געטריקנטע פּענעצן, און נאָך, און דער עיקר, מיר זאָלן זיך טאַקע קענען איינהיטן פון אַן איבעריקן ביסן...

אָבער דער דאָקטאָר, אויב איר ווילט וויסן, איז אויך אַ גוטע קרעקוטניע. ער האָלט דיר אין איין באַקלערן נייסן. אַנומלטן איז ער געקומען און גיט אונדז אויף, אַז מ׳דאַרף חיהלען צונעמען פון שטוב.

— חיהלע קען נאָך הרגענען די מוטער און די מוטער וועט אומברענגען חיהלען...

— וואָס הייסט?

דאַרף מען דאָ לאַנג נישט געבן צו פאַרשטיין, וואָרום דער דאָקטער, אַז ער זאָגט, מן הסתם ווייסט ער. און טאָמער ווייסט ער נישט אַלץ ביזן סוף, אָבער ער זאָגט, אַז די מוטער, יעדעס מאָל, וואָס זי זויגט אָן דאָס קינד, גיט זי אַוועק אויף דעם איבעריקע כוחות, אָט־די כוחות, מיט וועלכע זי דאַרף איצט פאַרהיטן איר אייגן לעבן. האָט איר זיך איינס. און צווייטנס, דאָס קינד, אויב ס׳וועט זויגן איבערגעברענטע מילך (ביי אַזאַ היץ), וועט

עס אויך קיין נוץ נישט האָבן, נאָר פאַרקערט. און נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע:

— היט אָפּ דאָס קינד פון דער מוטערס וועגן און די מוטער — פון דעם קינדס וועגן!

און נחום איז אונדז נישט קיין פעטער, נאָר נאָענטער פון אַ ברודער. אים איז פון אונדזערט וועגן גאָר נישט צו שווער. און אין אַ ווייסן, אַ טבתדיקן פרימאָרגן נעמט מען ביי אונדז פּאַמעלעך אַראָפּ דאָס וויגעלע פון צווישן די בעטן, מ'נעמט און מ'פּאַרקוטעט חיהלען אין שמאַטעס, און חיהלע קלייבט זיך מיט איר וויג און מיט די פאַרגעלבטע פּעלישקעס אין שכנות אַריין.

שטעלט זיך פאָר, ס'אַ פּנים ס'באַקומען פּלוצעם אונדזערע מאָגערע צוויי בעטן אַן דעם וויגעלע אין מיטן, און ס'אַ פּנים איך מיט בראָשקען האָבן אַן דעם קינד. און רחלע אַפילו גייט אויך אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט אַן אַראָפּגעלאָזענער נאָז, אַזוי ווי אַ ברוגזע.

איך דאַרף אייך זאָגן, אַז די שטוב האָט אָנגעוווירן איר גאַנצן חן. בראָשקע וויינט, און נחום זוכט איבערן שטעטל, טאָמער האָט זיך ערגעץ פאַרוואַלגערט אַ מאַשינקע אויף מילך אָפּצאַפּן (זאָל זיין אויף פאַר אַ משכון). אין שטעטל איז עס נישט געווען צו קריגן, האָט נחום אָנגעשפּאַרט פאַר פינף וויאָרסט אין אַ דאָרף צו אַן אַלטער פּריצישער לערערקע, און פון דאָרטן איז ער געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער טאַקע מיט אַ מאַשינקע.

אָבער בראָשקע ווערט וואָס אַ מאָל אַלץ אומרויִקער און איבער די נעכט טענהט זי זיך אויס עפּעס מיט אַזעלכע בחורים: „אַז זי דאַרף זיי נישט האָבן!", „זיי טשעפּען זיך צו איר, נאָר ס'איז אומזיסט...". „זיי זענען איר פריינד?... נאָענטע, אייגענע?... ניין! זי האָט נישט געהערט פון אַזעלכע פריינד. גייט זיך געזונטערהייט! גייט, פון וואַנען איר זענט געקומען!" — זי טענהט הויך און זי איז אויפגערעגט.

אַן אַנדערש מאָל טיילט זי זיך ביי נאַכט מיט די שמאַטעס, וואָס פאַ־גראָמשטשיקעס האָבן אומגעקערט:

„דאָס, — זאָגט זי, — איז עמעצנס; און יענץ איז טאַקע אירס אַ לייבעלע... נאָר איר זענט אַ מבין, ווי מ'האָט עס צעריסן, צעקנייטשט, אַזוי ווי פון אַ חזירשן מויל אַרויס!". ווייטער, זאָגט זי, אַז זי האָט געהערט,

ווי מ׳טיילט ביי דער רביצין אַ קויש מיט זאַכן... מ׳האָט אַהינצו צונויפ־געטראָגן, און אַלע גייען אַהין דערקענען.

„אויכעט שמאַטעס, — זאָגט זי, — גאָלע שמאַטעס, און אַט אירער אַ טישטעך!״.

אַן אַנדער ווייבל האָט בדעה צו זאָגן, אַז דער טישטעך איז גאָר אירער, ווייזט איר בראָשקע אַ בפרושע מעטקע, „האָט זי שוין געוויס נישט וואָס צו זאָגן, דאָס ווייבל״.



און די טעג ווערן ביי אונדז וואָס אַ מאָל הייסער און נודנער און... איין מאָל אין מיטן מיטוואָך אויף דער נאַכט נעמט זי, בראָשקע מיינע, און וויל אין גאַנצן מאַכן אַ שטאַרב.

מ׳זעט שוין.

אַלע זעען שוין...

ווער ס׳ווייזט אויפן גראַדוסניק (טערמאָמעטער), ווער ס׳פּאַרשטייט אינעם דופק, און אַן אַנדערן, אַ דריטן דאַרף מען גאָרנישט דערציילן קיין מעשיות. ער דערקענט, אין דער נאָז דערקענט ער!

ווי געפעלן אייך עפּעס אַזעלכע רייד? — הער איך זיי נישט. איך זע דווקא אַליין, אַז בראָשקע איז טאַקע שטאַרק שלאַף: זי אָטעמט קורץ און אָפּגעהאַקט, זי עפנט נישט די אויגן. איר איז שווער אַ הוסט צו טון (און דער דאָקטער האָט צוגעשיקט עפּעס אַזעלכס צום הוסט, און ער גיט איר קאַמפער, אַזעלכע פּראָשקעס פון קאַמפער גיט ער איר צום האַרצן). נו, איז אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך, אויף דערויף איז מען דאָך שלאַף און ס׳איז אַן סכנות.

מיין טאַטע איז נאָר־וואָס אויפגעשטאַנען (ביי זיי אין שטוב איז איצט אויך אַ גאַנצער לאַזאַרעט. אַלע ליגן צעלייגט אויף די בעטלעך און אויף די קאַנאַפּעס און מ׳קאָכט זיך אין טיפוס), און דער טאַטע איז שוין אויפ־געשטאַנען, כמעט דער ערשטער דאָרט אין שטוב. האָט ער זיך געבראַכט צו שלעפּן צו מיר. — ער וועט שוין ביי מיר נעכטיקן, — זאָגט ער און

מיר וועלןביידע אַכטונג געבן אויף ברכהלען. דער עיקר דאַרף מען נאָר זען, זי זאָל איבערלעבן די נאַכט. די איינע נאַכט. אַז זי וועט איבערלעבן, וועט אַלץ אַוועק צום גוטן. אַזוי זאָגן אַלע.

נו, איז אַ מציאה איבערציען אַ נאַכט?

איך מיטן טאַטן!

און צווייען זענען מיר!

און ...מיר האָבן דערצויגן ביז טאָג. און מיר האָבן טאַקע, אַ דאַנק גאָט, איבערגעקומען. אפשר נישט אַזוי גרינג טוט זיך עס, ווי ס'רעדט זיך, אָבער ווער איז געבליבן גערעכט?

טאַקע איך!

ווי דען? אַ גאַנצע קונץ רעדן, זיך וואַרפן מיט ווערטער. שטאַרבן, לעבן, שטאַרבן?

דאַנערשטיק אין דער פרי, אַז נחום איז געקומען, האָב איך אים געזאָגט: „פריי זיך, נחום!", און אַזוי ווי אַן עלטערער מענטש האָב איך צוגעגעבן: „ברכהלע איז אונדזערע!"



און לאה ברענגט אונדז צווי מאָל אַ טאָג גרוסן פון חיהלען. אַזאַ פּיצינקע! דאַרף זי נעבעך אָפּריכטן גלות אין דער פרעמד. צי זי פּאַרבייסט דאָרט כאָטש דאָס אונטערשטע ליפּעלע? און צי זי קוועלט אַזוי, ווי צו דער מאַמען, מן הסתם ניין?

לאה זאָגט אַז חיהלע לעבט און קוועלט. זי וואַרט נאָר, די מאַמע זאָל גיכער ווערן געזונט.

איך ווייס? לאה איז זייער אַ צוגעלאָזטער מענטש. קיינער אין שטאָט וואָלט אונדז טון אַזאַ טובה, ווי זי. ס'דאַך נישט קיין גרינגע אַרבעט — צונעמען צו זיך אַ קינד פון דריטהאַלבן חדשים, ווינטערצייט. און אַליין וווינט מען אין אַ צימער — אַ קיך מיט אייגענע צוויי פּיצלעך קינדער.

און דאָ איז היינט אַ זון אין דרויסן. די פענצטער גייען אָפּ מיט פריי־לעכער שיין. און מיר איז טאַקע פריילעך אויפן האַרצן — אַלע זאָגן, אַלע

זאָגן, אַז אַבי בראַשקע איז איבערגעקומען, אַט־אַ די־אַ נאַכט, איז זי ביי אונדז אַ געפונענע.

און דער דאָקטער האָט געבראַכט אַ שער־מאַשינקע און איר אָפּגעשוירן, בראַשקען, די לאָקן ביז צום קאָפּ.

זי וועט זיך מיט אים אָפּרעכענען, בראַשקע, אַז זי וועט ווערן געזונט ? מיטן דאָקטער ? פאַר אַזאַ זאַך ?

— איך מיין, אַז נאָך ווי אַזוי !

דערוויל איז מיין בראַשקע געוואָרן אַ ייִנגעלע.

אַ קורפּאַטער ייִנגעלע, מיט קלייענדיקע פאַררויטלטע בעקעלעך.

אַ דאגה. אַז מען וועט דאַרפן, וועט זי ווערן צוריק אַ מיידל. ס׳נאַר, וואָס פרייטיק ! — פרייטיק דאַרף מען אויך נישט זיין קיין נאַר און אַכטונג געבן אויף בראַשקען, ווי מ׳באַדאַרף צו זיין. כאָטש ס׳מאַכט נישט אויס. בראַשקע איז קלוגער פון מיר, און ס׳נישטאָ אויף איר וואָס אַכטונג צו געבן.

אָט איז געקומען צו לויפן נחום. אַ פּראַסטיקער, אַ פרישער, האָט ער זיך נאָר אָנגעוואַרעמט אַ קאָפּ אין קיך, ער זאָל נישט אָנטראָגן קיין קעלט און ער לויפט שוין צו אונדז אין צימער.

— וואָס מאַכט איר, קינדער.

און מיר מאַכן שוין אַרום און אַרום גוט.

איך גופא האָט דעם קריזיס ערגעץ איינגעלאָזן אַזוי, ווי אַ גרינגע געווינערן לאָזט אַ מאָל איין דאָס קינד, אומגעריכט לאָזט זי עס איין, אַזוי אפילו ביי דער אַרבעט שטייענדיק, אָדער דעם פאַל וואַשנדיק. איך האָב אים שוין, ווייזט אויס, ערגעץ געהאַט דעם קריזיס, אַזוי צווישן טאָג און נאַכט. אָבער דאָס איז מיר בכלל פון די קלייניקייטן. דער עיקר איז, — אַ דאַנק גאָט, וואָס זי עפנט שוין די אויגן.

— זי בעט דאָך שוין עסן ! — באַרים איך מיך פאַר אים — אַ נאַשערין איז זי, זי וויל איך זאָל איר געבן לעקעך !

און נחום קען זיך דווקא פרייען פון אַזעלכע זאַכן, ער לאַכט אַזש, ווי אַ קליין קינד. און איצט האָט ער שוין אַן אַנדער אַרבעט — פאַרהערן בראַשקען. ער פאַרהערט זי, ווי אַ באַהעלפער פאַרהערט אַ קליין מיידעלע.

און זי ענטפערט אים, כאָטש אַן אַ שמייכל, אָבער זי ענטפערט אַלץ, אויף אַלע קלייניקייטן.

„און די מאַשינקע זאָל מען נאָך ביי איר נישט צונעמען. זי וועט מיט איר אַרויסרופן די מילך, אַז זי וועט ווערן געזונט". איר הערט? ס'שוין נישט מיטוואָך אויף דער נאַכט! ס'שוין גאָר אַנדערע רייד!...

און מיר, אַז איך וויל זאָגן, דרייט זיך שוין אַפילו נישט דער קאָפּ. איך שליאָמפּע שוין אַרום איבערן שטוב אין אַ פּאָר אַלטע פּאַפּוטשעס. דאָס הייסט, נישט איבערן גאַנצן שטוב חלילה. ניין, איבער אַ גאַנץ קלענערן שטח: איך שליאָמפּע שוין אַרום פריי — צווישן אונדזערע ביידע בעטן!... און בראָשקע איז ביי מיר אַ יאַט. זי האָט מיר נאָר דערלאַנגט אַ פּליאַסק איבערן פּנים. פרייטיק אויף דער נאַכט איז עס געווען. זי האָט נישט געוואָלט, איך זאָל איר שטופּן דעם רעצעפּט. האָב איך געכאַפּט אַ פּאַטש און דאָס גלעזל פון לאָמפּ איז אַראָפּגעפאַלן. נאָך גוט, וואָס ס'האָט זיך נישט צעבראָכן. אָבער אַ טעם האָב איך געפילט אין דעם פּאַטש, זאָל איך אַזוי לעבן, אַ געשמאַקערן ווי אין גוטע געפּרעגלטע פיש.

און דער דאָקטער האָט אונדז געגעבן עפּעס אַזאַ קרייטעכץ, מיר זאָלן עס אויסקאָכן און מאַכן פון דעם בראָשקען אַ ברייטן, אַ גרויסן קאָמפּרעס צו די פּלייצעס. דער דאָקטער איז עפּעס די לעצטע צייט זייער ערנסט. אפשר נעמט זיך עס דערפון, וואָס ער איז איין מענטש אויף אַזאַ שטאָט מיט חולים? און דאָס גראָז שמעקט עפּעס מאָדנע. און ברכהלע? בשעת איך האָב איר איבערגעטון פאַר נאַכט אַ ווייסע העמד (אַ לייוונטענע, אַ גראָבע — מיין מאַמעס מתנה פון נאָכן פּאָגראָם) — בשעת איך האָב איר איבער־געטון די העמד, האָט זי זיך נישט נאָר געלאָזן, נאָר זי האָט נאָך מיר אַפילו אָנגעדאַנקט אַ פולן קאָפּ (זי האָט דאָך מיר אָנגערעדט אַזאַ סך גוטע ווערטער. צוויי, אפשר, ווערטער האָט זי מיר געזאָגט). יאָ, וואָלט איך זיך ריכטן אויף אַזאַ קליינער, זי זאָל באַין־אופן נישט לאָזן צולייגן דעם קאָמ־פּרעס. און אויב איר האַלט חשבון, טאָ געדענקט — זי האָט מיר איצט אַראָפּגעלאָזן דעם צווייטן פּאַטש. און אַ סך אַ קלינגענדיקערן און געשמאַקערן פון דעם ערשטן!... דערנאָך איז זי געווען אַ גאַנצע נאַכט שטאַרק שלאָף.

איך בין אַרומגעגאַנגען אַרום איר בעט און איך האָב זיך גערעדט.

איך האָב זיך צעטענהט מיט גאָט...

און גאָט איז ביי מיר געווען אַלצדינג: דער לאָמפּ, די שאַפע, די ווענט, די דעמבענע גאַלקעס אויף די בעטן. און איך האָב זיך זייער שטאַרק איינגעשפּאַרט, אַז וועמען, וועמען, בראָשקען נעמט ביי מיר קיינער נישט. וואָרום צוליב וואָס, פרעג איך אייך, בין איך דער מחויב זיין אַזאַ אָפּגעריסענער נאַר? משוגע בין איך?! אויב ער דאַרף עפּעס אַנדערש, דער גאָט, קען איך מיט אים רעדן, און פאַר וואָס דען נישט? מיטן שענסטן כבוד! אָבער ווו מ׳דאַרף נישט זיין קיין חזיר, אַהין זאָל ער נישט קריכן, וואָרום איך וועל אים, וואָס וועל איך אים?...

רחלע איז שוין דעמאָלט געשלאָפן, און געטענהט מיט די געטער האָב איך, ווייזט אויס, איינער אַליין, און נישט שטאַרק הויך. אָבער די באַלעבאָסטע פון יענער זייט טיר האָט עפּעס דערהערט. און זי איז אַריין אַ קוק טון, וועגן וואָס דאָ רעדט זיך. און דאָ ערשט, לעבן בראָשקעס בעט שוין, האָט זי אַ מיאוסן שאָקל געטון מיטן קאָפּ, און מיט עפּעס אַ זיכערקייט פון אַ געניטן פאַרשוין, און זי האָט געזאָגט, אַז מ׳דאַרף בעסער אַריינרופן עטלעכע מענטשן...

איך האָב איר גאָרנישט געטון... איך האָב נאָר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און פאַמעלעכקע אויפגעהויבן אויף איר אַ קולאַק. האָט זי זיך פאַר עפּעס דערשראָקן און האָט זיך גלייך אַרויסגערוקט פון צימער. זאָגן האָב איך איר גאָרנישט געזאָגט. איך האָב זיך, ווייזט אויס, געהיט, איך זאָל נישט מפסיק זיין.

דערנאָך האָט דער באַלעבאָס אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַז די שטאָל איז אָן אָפּענע... די בהמה איז נישטאָ... און מ׳זאָגט, אַז פון שטאָט זענען נאָך נישט אַוועק די פאָווסטאַנצעס... זיי וועלן זי אַוועקטרייבן מיט זיך, די בהמה, אָדער זיי וועלן זי דערשטעכן.

נישט אומזיסט איז ער אַ מלמד, מיין באַלעבאָס. נו, איז זי אָן אָפּענע, די שטאַל. טאָ וואָס־זשע וויל ער? און איך ענטפער אים נישט גאָרנישט. אויך, ווייזט אויס, דערפאַר, וואָס איך קען נישט מפסיק זיין. און אַזוי ווי אַ פליג אונטערן שפּינס קלאַמערן אין שפּינוועבס אַ פאַרפלאָכטענע מאַכט זיך, אַז זי הערט אויף אַף אַ ווײַלע און אין אַ רגע אַרום הייבט זי אָן צוריק

הודען איינע אַליין אין בײַנאַכטיקער שטילקייט, אַזוי האָב איך ווייטער פֿאַרגעזעצט מיין עבודה. און דעם שפּין — נישט מ׳זעט אים, נישט מ׳הערט אים, ווי ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין מיר און זויגט מיך אויף צום דערקאַנטשען, אָבער איך? מיר קומען צו פרישע כוחות, און איך הוידע זיך אַזוי נאָך אַ שעה און נאָך צוויי שעה אויף נישט אויפהערן אַזוי גיך, און אַ ווינטערדיקער אָוונט קען דאָס אויף זיך טראָגן. ער איז געווען לאַנג, ער איז גערוים. ברכהלע סאָפּעט עפּעס דורך אַ פאַרמאַכטן מויל. און אַזוי ווי נישט ביי זיך אין די הענט. איך האָב קיין מאָל נישט געזען, מענטשן זאָלן אַזוי סאָפּען. און זי הערט נישט אויף אַזוי מאַכן שוין די ווייפלטע שעה. און... פּלוצעם האָט בראָשקע אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אַנידערגעזעצט ביז האַלב און איך דערשרעק זיך שטאַרק אָט פּונקט פאַר דעם, וואָס איך דאַרף זיך גאָר שטאַרק דערפרייען. אפשר ווייל ביי די שאָטנס פון לאָמפּ? — און אין אַזאַ הייליקן אויפדערנאַכט, וואָס איז באַהויכט מיט לעצטן שוויס פון טויט און פון גוראַנגל? —

און געזיגט האָבן גאָר מיר? די לעבעדיקע?

אָט־אַזוי האָט זי זיך אונטערגעהויבן אין דעם־אָ סודותדיקן און שאָטנס־פולן אויפדערנאַכט און זי פרעגט מיך עפּעס.

כמעט אויף שטום־לשון האָט זי מיך געפרעגט.

און איך ענטפער איר, און צו מיר האָט זיך טאַקע שוין אָט אין דעם־אָ אויגנבליק אומגעקערט די פרייד.

— פון וואַנען קומסטו איצט אָן, מיין שיינע כלה, — וויל איך זי פרעגן, מיין נייע, מיין דערפרישטע, — פון וועלכע וועלטן ביסטו איצט אַהער אַראָפּגעקומען?

און איך שאַר אַרום דעם טומאַן פון מיין פּנים און פון מיינע אויגן און איך גיב איין בראָשקען דעם רעצעפּט. זי שלינגט אַראָפּ שווער, אָבער גערן.

און ווער איז גערעכט? — וויל איך ווערן אויף עמעצן גוט־ ברודעריש אין כעס. — ווייטער איך!

— ביי מיר, — וויל איך זיך באַרימען, — גייען נישט אָן אַזעלכע מעשיות! און מיט מיר מאַכט מען נישט קיין געשעפטן! איצט דערלאַנגט אַהער אַלץ פון דער וועלט פאַר מיר און פאַר מיין בראָשקען. אָ, אָ?! איצט

זאָגט דאָך שוין דער באַלעבאָס אויך, אַז קוים האָט זי אַ מידע נאָך אונטער־געהויבן דעם קאָפּ און זיך פּלוצעם אויפגעזעצט, איז זי שוין אַ „היגע״. נו, ווי דען?! דער באַלעבאָס! ער האָט זיך אַריינגעגנאַרט אַהער זען, ווי אַזוי איך פריי זיך. און צוריק מיט איין שעה איז שוין ביי אים געווען אַ געוויסע זאַך, אַז בראַשקע איז שוין נישט קיין היגע. זיי האָבן געמיינט, אַז איך מאַך זיך אומזיסט נאַריש... טאָ זאָלן זיי טאַקע נישט מיינען! קיינער שלאָגט זיך צו זיי נישט אָן. —

הע־אָך! זאָל לעבן די פרייהייט!! — און אַן עק!

ס׳גלאַט, ווען זאָל איך דערציילן פון מיין אָט־ערשטיקער נסיעה, חוץ איר אַליין, מיין איינציקער אויף דער גאַנצער וועלט?

אָבער איך זשאַלעווע זי טשעפּען. זי איז נעבעך זייער מיד. אַהאַ, זי איז שוין היינט געווען ערגעץ ווייט איינגעפאָרן, זייער ווייט. נו, אָבער איצטער איז שוין — דאַיאַש! דאַיאַש אַלדאָס גוטס פאַר דעם גאַנצן „געזינדל״. ס׳שוין דאָ מיט וועמען עס פאַרדייען.

און מיר גלוסט זיך קוויטשען, און לאַכן, און זיך קאַטשען איבערן גלאַטן פּאָל: מיין וויגרישנער בילעט האָט אויסגענומען דעם איבער גרעסטן געווינס! דאַיאַש אַהער מיין טאַטן מיט דער מאַמען! דאַיאַש די גאַנצע וועלט! איך האָב זיי וואָס צו דערציילן!

און איך האָב זיך אַנידערגעזעצט ביי זיך אויפן בעט אַנטקעגן בראַשקען.

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען 6 אין דער פרי. אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער, אָבער ס׳שוין געווען אין דער פרי.

נישטאָ, ווער ס׳זאָל מיך אויסשמייסן.

איך בין אַלע מיינע יאָרן אַ גענאַרניק. און אַלע יאָרן, ווען איך לאָז עפּעס דורך אַ נייטיקן ענין (איבער דעם, וואָס איך האָב זיך פאַרשפּילט, אָדער איך האָב זיך פאַרזעסן ביי מיינע מיידלעך), האָב איך דערנאָך דעם אַן אַרבעט זיך פאַרענטפערן. אַזוי פאַר דעם טאַטן, אַזוי פאַר מיינע באַלע־באַטים, און אַזוי אַפילו אַ מאָל פאַר אַ חבר.

אָבער פאַר וועמען וועל איך זיך איצט פאַרענטפערן?

ווער האָט עס מיר דערלויבט איצט אָפּשלאָפן אַזוי פיל שעהן דורך אַנאַנד?

נעכיי וואָלט איך זיך בעסער נישט אונטערגענומען, וואָלט מען זיך אפשר אויף מיר נישט פאַרלאָזן?

וואָס וועט גענאַרניק איצטער זאָגן?

נאָר פאַר מיר איז נאָך אָפן איין טירעלע פון טרייסט:

איך האָב דאָך נאָר דורכגעלאָזן איין מאָל דעם רעצעפּט געבן (דעם, וואָס אַלע צוויי שעה), איז בעת ס׳וועט אַלץ דורכגיין בשלום, האָב איך אַ ברירה פאַר קיינעם אין דער וועלט נישט אויסזאָגן, אַז דאָס האָב איך זיך אין אַזאַ ענגער שעה אַזוי געשמאַק אויסגעשלאָפן.

„טאָ וואָס מאַכט בראָשקע“, — ווילט איר וויסן?

וואָס זאָל זי מאַכן? זי איז אַן עין הרע אַ יאַט!

„וויפל האָלט דער זייגער?“ — פרעגט זי מיך.

דו ביסט אַ מבין אויף אַזאַ חברהמאַן!

— „שוין, מיין קינד. שוין זאָג איך דיר, וויפל ס׳האָלט דער זייגער. האַלב, האַלב, האַלב זיבן! אויף מרדכע־בער דעם ציגלמאַכערס זייגערל“ — און אַ רח״ש קומט איר, מיין אַלטיטשקער, וועלכע איז אָפּגעשוירן אַזוי ווי אַ יינגעלע, פאַר אַזאַ ניכטערער שאלה. „וויפל האָלט דער זייגער?“ — איר זענט אַ מבין?

און איך טו זי אַ קוש.

וואָלט איך זיך אָבער ריכטן אויף אַזאַ מאַלפּע, אַז זי נעמט און פוילט זיך נישט און צאָלט אָפּ צוריק מיט דאָס אייגענע. מיט אַ קליין, פּיצעלע קושעלע.

— אָ דו! דו ביסט דאָך גאָר אַ יינגעלע, ביסטו דאָך! אַן אָפּגעשוירענער יינגעלע! — און זי פרעגט זיך ביי מיר אויף רחלען. וועק איך זי אויף, די קליינע, און אויף מיר איז אַ פרייד, אַ גדולה. און מיט רחלען בייט זי זיך אויך אָפּ מיט קליינע קושלעך, און...

— ס׳נישטאָ ביי אונדז קיין יויך? נישטאָ גאָרנישט?

קוים וואָס מ׳הערט. קיינער וואָלט עס נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט. אָבער זי מאַכט עס נישט ווי אַ שלאָפע און נישט ווי מ׳פאַרקרימט זיך, נאָר

עפּעס זייער שיין, אַזוי ווי מ׳שפּילט זיך. און איך פאַרשטיי יעדעס וואָרט, וואָס זי רעדט אויס — וואָלט זי שוין נאָר רעדן!

נו, יאָ, וועט דאָך רחלע „שוין" לויפן צו מיין מאַמע אַהיים און זי וועט ברענגען פון דאָרטן אַלע גוטע און פרישע זאַכן.

און רחלע דאַרף זיך קיין סך נישט קלייבן. געוועדט און געטון. זי איז שוין אַן אָנגעטוענע און זי איז שוין אַפילו ערגעץ אין וועג.

און ברכהלע וויל מיר נאָך עפּעס זאָגן, האָט זי מיט אַ האַלבן וואָרט אָנגערופן מיין נאָמען. און זי קוקט אויף מיר אַזוי ליב, און אַזוי קלוג, און איר פּנים שיינט.

— אָבער אַ לעפּעלע רעצעפּט וועסטו ביי מיר אויסטרינקען, מיין קינד?

און איך גיב איין מיין ברכהלען אַ לעפּעלע רעצעפּט (דעם, וואָס איין מאָל אין זעקס שעה). קען זי אים איבער עפּעס נישט אַראָפּשלינגען (צי זי וויל נישט), און ס׳גיסט זיך ביי איר אויס אויף די באַקן און אַרום האַלדז.

און איך, אַזוי ווי איך האַלט איר האַנט, ברכהלעס, אַזוי זיך, אַן שום דאָקטאָריעס, האַלט איך זי ביים האַנט, דערפילט איך אָבער פּלוצעם, אַז עפּעס אַ זייגערל דאָרט האַלט זיך ביים אָפּשטעלן. אַ שיינינק און ציכטיק זייגערל טוט אַ קלאַפּ, און די איבעריקע דריי קלעפּ פאַרשווייגט עס... טוט נאָך אַ קלאַפּ, און ס׳שווייגט שוין אין גאַנצן.

פאַר מיר אין די אויגן, הייסט עס.

— גיכערט! — הוקע איך צו דער באַלעבאָסטע עמעצער זאָל פון דאָרט אַריין.

און די באַלעבאָסטע איז אַריין.

טוט זי אַ קוק אויף בראָשקען, טוט אַ קוק צוריק צו זיך אויף די נעגל, און זי זאָגט שוין גאָרנישט. זי רוקט זיך נאָך אָפּ אויף צוויי טריט. און עפּעס אַזוי ווי זי מאַכט אויף עפּעס אַ ברכה.

— גיכערט דעם דאָקטער גיט אַהער, גזלנים!

איך ווייס, אַז דאָס קינד איז נאָך אַ וואַרעמס. דאָס בעטגעוואַנט און דער מאַנטל מיט וועלכן זי איז איינגעדעקט, זענען נאָך וואַרעמע, און דאָס קינד איז נאָך אַזוי פריש, אַז די באַקן בליען איר, איז דאָך דאָ נאָך פאַראַן אַלץ, וואָס מ׳דאַרף, אַז אַלץ זאָל ווערן צוריק יאָ.

— גיכערט אַ דאָקטער! — וואָס קריכט איר דאָרט אַזוי?

דער דאָקטער נעמט ביי מיר צו ברכהלעס האַנט, און די מינע בייט זיך ביי אים.

— טשעפּעט זי נישט, — לאָזט זי צורו... — און ער כאַפּט זיך אַרויס פון צימער, ווי אַ גנב (ער איז שוין אפילו נישט אַריין צו דער באַלעבאָסטע אַ קוק טון אויף איר זון). ווי געפעלט אייך דער בחור? און די שטוב וועל איך דאָ נישט צעטראָגן אויף שטיקלעך?

— רחלע! קום נאָר גיכער אַהער, מיין קינד, און קוק ווו מיר האַלטן! און רחלע ווייסט נאָך נישט, פון וואָס איך רעד צו איר, און זי ווייסט נישט, וואָס צו טון מיט די וואַרעמע צוויי טעלער, וואָס זי האָט געבראַכט פון ערגעץ צו טראָגן.

— שטעל אַנידער, רחלע! שטעל אַנידער גיכער און לאָמיר עפּעס טון. איצט איז דאָ זייער אַ סך וואָס צו טון! — — —

און רחלע, אויב זי קען אפילו יאָ וויינען, וויינט זי אַזוי, ווי „זי" קען. אַזוי ווי אַ קינד. און נחום איז געקומען צו לויפן. אין זיין געוויינלעכער צייט איז ער געקומען צו לויפן. האָט ער זיך אויך געכאַפּט גלייך וויינען. און ער וויינט עפּעס אויך ווי אַ קינד, מיט ביטערע טרערן וויינט ער: הו־הו! הו־הו־הו! קוק אים נאָר אָן!...

און פון אַנטקעגן איבער מיין קיך־פענצטער איז אונדזער שכן דער מולער (אינעם שבתדיקן סורדוט) אַ בעלן געווען אַריין צו מיר אין שטוב אַריין, טאָמער דאַרף איך אים אויף עפּעס. אויב ס'שוין יאָ אַזוי, מעג איך אויף אים אויפהייבן די קולאַקעס אויך: גיע פּריסטופּי! אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין און אין דיין מאַמעס מאַמע אַריין! — — —

איר זאָלט אומיסטן אַ קוק טון, ס'אַראַ טריפהנער ייד דער שכן אונדזערער איז. ער האָט דאָך זיך גאָרנישט דערשראָקן. ער האָט זיך אפילו נישט אָנגעבייזערט. ער האָט זיך נאָר אויסגעקערעוועט אויף צוריק און איז אַוועק. ער האָט מיר אפילו קיין קרום וואָרט נישט געענטפערט! און איך האָב דווקא געוואָלט, ער זאָל זיך מיט מיר קריגן און זיך אפשר שלאָגן אויך.

ביי אים איז אַ געלע, ליים־קאָלירענע באָרד, און ביי אים וועלן באַלד

זיין אַזעלכע אייניקלעך ווי איך, וואָלט איך אַ בעלן זיין מיט אים איצטער זיך שלאָגן! און ער האָט זיך גאָר אויסגעקערעוועט און איז אַוועק...

דערפאַר איז דאָס מיידל, וואָס איז אומגעגאַנגען אַרום די שלאָפּע ביי מיין מאַמע אין שטוב, איז זי געקומען צו לויפן פון ערגעץ צו מיין מאַמע אין מיטן שבת אין דער פרי:

— אַ קלאָג צו איר! אַ בראָך צו איר! ביי מיין מאַמעס זון אין שטוב איז עפּעס זייער אַ שטאַרקער געוויין.

נו, איז זי נישט קיין אָפּגעריסענער נאַר, אַט די מויד?

און די ערשטע פּאַטשט, וואָס איז צו מיר אַוועקגעלאָפן, זענען געווען מיינע יינגסטע אַ שוועסטערל מיט אַ ברודערל. און אויף אַט דער־אַ ערשטער פּאַטשט האָב איך זיך ווייטער געגעבן אַ וואָרף מיט די קולאַקעס, נאָך איידער זיי זענען אפילו צוגעגאַנגען צום גאַנעק. און איך האָב אויף זיי געגעבן אַ משוגענעם בריל:

— קיינעם דאַרף איך אַהער נישט!! וואַן פון דאַנען!!

און מיט דער אייזערנער קליאַמקע האָב איך הויך און כעסדיק פאַרקייטלט די טיר פון אינעווייניק.

זיי האָבן זיך, נעבעך, דערשראָקן, קינדער מיינע טייערע! אין גרויסער פאַרערונג האָבן זיי זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט פאַר דער טיר און דער־נאָך האָבן זיי זיך אויסגעקערעוועט און זענען אַוועק גאַרנישט מיט קיין גרינגע הערצער, באַליידיקט, דערשראָקענע און מיט אַ ידיעה פון „גאָר־נישט וויסן מיר נישט" אַהיים.

דערנאָך האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר ברכהלען, וואָס איך שריי אַזוי, אַן אָפּגעשוירעניקע איז זי דאָך געלעגן, אַזוי ווי אַ יינגעלע, ביי זיך אויפן בעט. און האָט, ווייזט אויס, געדרימלט. איך האָב זיך פאַרשעמט און בין אַנטשוויגן געוואָרן.

דערנאָך איז געקומען דער טאַטע און זיך, ווי אַ מחותן, אַוועקגעזעצט אויבן אַן ביים טיש, און איך האָב זיך שוין אויף קיינעם נישט געוואָרפן מיט קיין קולאַקעס. איך בין נאָר געשטאַנען, די הענט פאַרלייגט פון הינטן און זיך געוואַרעמט ביי דער הרובע.

אויב אונדזער צימער איז אַ ליכטיקער און ער האָט אפילו 4 פענצטער

— צוויי און צוויי — אַ וואָנט לעם אַ וואַנט, זיצט זיך דער טאַטע רעכט ביים אויבן אָן, וואָס איז אין ווינקל פון אַלע פיר פענצטער, און ס'שטייען די בעטן לינקס, ביידע מיט די צופוסנס צו מיר, צו דער הרובע־צו, צו דער הרובע, וואָס איז אַ סך נעענטער צו דער לינקער וואַנט, ווי צו דער רעכטער, און וואָס אָהער צו טאָקע גלייך צו דער הרובע אַנטקעגן, שטייט דאָס צופוסן־ווענטל פון דער בעט, ווו זי שלאָפט אַן איינגעדעקטינקע, זי, מיין ברכהלע.

מיר איז געווען מאָדנע, וואָס זי האָט אַ גאַנצן טאָג אפשר אין מויל נישט געהאַט. און מיר איז געווען גוט, וואָס מ'דאַרף שוין זי נישט מוטשען מיט קיין רעצעפּטן.

און אַלע מאָל, ווען דער טאַטע פלעגט אויף אַ ווילע אַרויס, פלעג זיך מיר נישט גלוסטן, און דאָך פלעג איך צוגיין און זי אַ קאָלטן, נישט קיין געשמאַקן קוש טון.

איך האָב עמעצן אָפּגענאַרט, ביי עמעצן געגנבעט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און אין אָוונט, אַז מ'האָט אָנגעצונדן פייער, איז מיר געווען אַ ביסל אַנדערש, נאָר איך בין אויך נישט אָוועק פון הרובע.

איך האָב איטלעכן געענטפערט, ווו ס'ליגן די העמדער.

עפּעס העמדער דאַרף מען האָבן און ליילעכער, אויב ס'איז דאָ.

— קיין ליילעכער זענען נישטאָ. אַ טישטעך איז דאָ.

— נו, זאָל זיין אַ טישטעך, — זאָגן זיי.

איטלעכן ענטפער איך שטיל און פונקט אַזוי ווי צו דער זאַך.

און נחום עסקט זיך אַלץ מיט יאָסלען דעם נידעריקיטשקן שניידערל, וואָס קען עפּעס נייען אי פאַר מאַנסבילן, אי פאַר ווייבער, אי פאַר יונגע, אי פאַר אַלטע, און אַן אַ מאָס. ווייטער האָט ער צו טון, נחום, מיט ברעטער דאָרט אין הויף אין מיטן שבת צו נאַכטס. מיט ווייסע, נייע, נישט קיין געהובלטע ברעטער.

וואָס האָרעוועט ער עס אַזוי, נחום, אויף אַ פולער וואָך? מ'וועט אים עמעצער דען באַצאָלן? צי מ'וועט אים עמעצער כאָטש זאָגן אַ גוט וואָרט דערפאַר? קיינער וועט דאָך אים אפילו אויפן האַנט נישט אָנשפּייען. און

ער שלעפּט זיך אַרום אין דער אָוונטיקער קעלט און מ'אַנטלייט אים פון פרעמדע שטאָלן ברעטער.

ווייטער רעדט ער, נחום, מיטן טאַטן פון דעם, וואָס מ'דאַרף דינגען מענטשן און צוגעמען דעם „בר־מינן" פון שטוב... טאָמער זענען נאָך אין שטאָט דאָ פּאָוסטאַנצעס — נישט יעדערער וויל גיין... ס'איז פינצטער, ס'איז גליטשיק, דאַרף מען דינגען.

— וואָס איז עפּעס מענטשן? — גיב איך צו אַזוי ווי פון דער זייט. — איין מאָל איז... — און איך וויל פאַר זיי נישט זאָגן, וואָס איין מאָל ס'איז, טאָמער וועלן זיי נאָך מיך נישט דערקענען ווער ס'רעדט צו זיי. — און צווייטנס, זאָל זיין אויף אין דער פרי! דאָ טראָגט מען נישט קיין געגנבעטע זאַכן. אין דער פרי וועלן אַלע זען —

אין שטוב זענען דווקא געווען אַ סך עלטערע פון מיר. מענטשן שוין מיט בערד, און זיי האָבן מיר קיינער נישט דערוווידערט. מן הסתם בין איך געווען גערעכט, וואָס אין דער פרי וועט זיין אַ סך פריילעכער און היימלעכער.

האָט מען נאָר געבראַכט ליכט פון דער רביצין (די רביצין וועט כאָטש פאַרשטיין, אויף וואָס מיר קויפן מיט אַ מאָל און אין מיטן שבת צו בענטשן צוויי פונט גרויסע, חלבענע ליכט?), און מ'האָט מיר אַנידערגעזעצט פסחן דעם בלינדן און אברהם־לייבן דעם בעדער פאַר שומרים.

פסח, ווי איר זעט אים, אַ בלאָנדער און וווקסיקער יונגערמאַן מיט אָפּענע אויגן, וואָס זעען גאָרנישט, קען ער דערציילן אַ סך מעשיות. ער האָט זיך דווקא אָנגעשלאָגן צו מיר נאָך רייד. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז איך ענטפער אים נישט אפילו אויף קיין צענטן וואָרט, האָט ער שוין נאָר גערעדט צו אברהם־לייבן.

אברהם־לייב איז אַ קורצער און אַן אָנגעפּוישטער, אברהם־לייב, זומער און ווינטער, ער איז אַ בלוטיקער קבצן. זומער און ווינטער גייט ער נאָר אין איין קאַפּאָטע פאַר אַן איבערשטן (פאַר דערפאַר טראָגט ער ווינטער אונטער דער קאַפּאָטע אַ וואַטאָווען לייבל). ענטפערט ער אויך פסחן נאָר אויף אַ צענטן וואָרט און מיט אַ שטילן בורטשע.

אפשר האָט בראָשקען הנאה געטון פון זייער פאַרברענגען — זי איז

דאָך אַ שטיפּערקע, מײַן ברכהלע. אפשר האָט זי זיך צוגעהערט די גאַנצע צײַט אונטער איר צודעק און האָט געשמייכלט. איך אויף איר אָרט, ווען איך בין שוין אַזוי אָן דאגות, וואָלט איך זיך געוויס צוגעהערט צו אַזעלכע ייִדן. און זי ליגט דאָך אויף דער ערד. נישט ווײַט פון זיי ליגט זי, אויפן גערוימען „אויף־דער־ערד" און אַן אײַנגעדעקטע, כאָטש אין דעם קאָמפּרעס פון די שמעקנדיקע גראָז, אָבער שוין נאָכן קריזיס.

צוקאָפּנס בײַ איר האָבן געברענט ליכט אין קופּערנע געלײ־ענע לײַכטער. און אַז ס'האָט זיך פאַרלאָשן אײנע, האָט מען אָנגעצונדן אַן אַנדערע. דאָס האָט געטון אברהם־לײב, פּסח האָט צו דעם קיין שייכות נישט געהאַט. ער איז געווען אַ בלינדער. מיט אָפענע, ריינע אויגן, מיט אַ בלאָנדער און שיינער באָרד, נאָר אין גאַנצן אַ בלינדער.

---

אין דער פרי האָט זיך געוואָלט, אַז מ'זאָל מיר דערלאַנגען אַ קיכל מיט ציקאָריע אַזוי ווי אין אַ יום־טוב, אַזוי ווי שבועות. און די מענטשן, וואָס דאַרפן זיך נאָך עפּעס קלייבן צו אונדז, זאָלן זיך אָנהייבן קלייבן שפּעטער מיט אַ מינוט צען, ווען איך וועל אָפּעסן דאָס קיכל מיט דער ציקאָריע. דאָס קיכל וואָלט געווען אַ פרישׁ, און מיט צימרינג, און די ציקאָריע וואָלט געווען מיט פעטער מילך און מיט צו דער מאָס צוקער. און אויף אַ ריינעם טישטעך וואָלט איך עס אַלץ געגעסן, און אָנגעטון בין איך דאָך אויך אינדערפריענדיק און אַזוי ווי אַ מענטש...

אָבער מ'האָט עס מיר גאָרנישט דערלאַנגט. צי ווייל איך האָב נישט געבעטן, צי ווייל ס'קיין צײַט נישט געווען. מ'האָט אונדז נאָר אַרויס־געשיקט אַלע מאַנסבילן אויפן קיך. און מענטשן זענען דווקא געקומען צו אונדז אַ סך. אַזוי ווי דעמאָלט אויף דער חתונה. און מיט גענוג אָפּשיי פאַר מיר, וואָרום ס'מיר, מן הסתם, געקומען.

בין איך געשטאַנען בײַ דעם בלעכן טירל פון דער פאַרמיגע און איך האָב געזען, אַז אויף דער ערד שטייען עמעצנס אַ פּאָר שטיוול אויס־געפּוצטע און זיי קוקן נאָר אויף מיר. אָט דער באַלעבאָס פון די צווײ

שטיוול, זיינע אויגן זענען אַריינגעשטעקט נאָר אין מיר. אָבער איך האָב זיך פאַר אים קיין מורא נישט געהאַט. אים אויף צו להכעיס האָב איך נאָר געוויינט. שטיל האָב איך געוויינט, און ס'מיר געווען זייער גוט אויפן האַרצן.

ביי לייטן וואָלט מען עס אָנגערופן „ער האָט זיך באַוואַשן מיט טרערן". אָבער איך האָב זיך נישט געוואַשן. איך האָב זיך געבאָדן, און קיין קול האָט מען פון מיר נישט געהערט, און אין מיין שטערן איז געווען איינגעגראָבן דער פאַרזוימטער ראָג פון דעם גלאַנציקן, אייזערנעם פאַרמיגע־טירל, און מיינע אויגן האָבן זיך נישט געקענט אָפּטון פון יענע צוויי אויסגעפּוצטע שטיוול, פאַר וועלכע איך האָב זיך אויף צו להכעיס נישט קיין מורא. און מיינע אויערן הערן, ווי הערשל יוסף־לייבס זאָגט פּסוקים און אַלע זאָגן אים נאָך. איר קענט קיינער נישט אונדזער הערשלען יוסף־לייבס מיט די קראַנקע, ווייסע פלעקן אויף דער געלער באָרד? ער איז אַ פּראָסטער, ערלעכער ייד, אָט דער הערשל, אַ באַפאַלענער מיט קינדער, און האָט זיך זיינס אייגנס אַ 7—8 פּרנסות: ער איז אַ בעדער, אַ שערער, אַ שמש אין שטאָט, אַ כלי־זמר; היינט איז ער נאָך אַ בדחן, אַ גראַם־זאָגער, אַ באַגרעבער, און בכלל אַ קהלשער מענטש.

אַן אָרעמער און אַ פּראָסטער ייד, פּירט ער היינט אָן מיט דער שמחה ביי מיר אין שטוב. דאָס זאָגט ער עס טאַקע די פּסוקים. ביי אים באַקומט זיך „נוח" נישט מיט 7 גרייזן, נאָר מיט 17, אָבער די יידן זאָגן אים נאָך דרוזשנע, און מיר טוט שטאַרק באַנג, פאַר וואָס איך קען נישט אויך נאָכזאָגן, פאַר וואָס ביי מיר איז איצטער אַ פאַרשלאָסן מויל, אַ נאַסער פּנים און שטאַרק צונויפגעקוועטשטע ציין.

און הערשל זאָגט, — זאָל ער זאָגן, ער איז אַ טייערער ייד, אָט דער הערשל. ער איז טאַקע פּסח דעם בלינדנס אַ שוואָגער אויך.

און דאָרטן אין שטוב וואַשן מיר די ווייבער מיין בראַשקען.

זיי זאָגן, אַז זי איז אַ צדקת, וואָס איר לייב ווערט נישט קאַליע. שוין דער צווייטער מעת־לעת, און זי איז נאָך פריש, אַזוי ווי אַ מיידעלע.

און הערשל זאָגט די פּסוקים, און אַלע יידן זענען אַזעלכע טייערע, וואָס זיי זאָגן אים נאָך. ס'איז אַ סימן, אַז זיי זענען מיר אַלע געטריי.

איינס נאָר: איך האָב זיך צו פיל פאַרטראַכט אין וועלט־זאַכן און איך האָב זיך נישט אַרומגעקוקט, אַז אַלץ, וואָס מ׳טוט, טוט מען דאָ אָן מיין ווייסן. און אַז מ׳קלייבט דאָך זי ערגעץ אויס, ברכהלען, און די, וואָס נעמען זי, זענען מיר נישט קיין ערב, אַז זיי וועלן מיר זי אָפּהיטן און זיי וועלן מיר זי צוריק צושטעלן אַ גאַנצע און ס׳זאָל איר גאָרנישט פעלן. און אויב איך בין איצט דער חתן און ס׳נישט מיין עסק זיך מישן, דאַרף דאָך עמעצער מיך דאָ אין זינען האָבן ביזן סוף. זאָל זיין מיין טאַטע, אָדער מיינע אונטערפירער. און אַזוי אויך פאַר איר, פאַר בראַשקען, דאַרף זיין אַזאַ, וואָס וועט זיך איינשטעלן, ביז מ׳וועט זי איבערגעבן צוריק אין גאַנצן אין מיין רשות.

און אַזוי ווי מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט. איך האָב זיך טאַקע צו שפּעט אַרומגעקוקט. איך האָב נישט באַוויזן דאָס מויל עפענען, איך האָב נישט באַוויזן אויף עמעצן די אויגן אויפהייבן, ווי מ׳האָט מיר פאַר איין מינוט, אַזוי ווי מ׳זעט נישט, אויסגעליידיקט מיין שטוב. אַלע, אַלע האָט מען זיך אויסגעשאָטן אויפן גאַס דורך אונדזער ברייטן ווייס־האָלצערנעם קיך־טירל, און מיט איר, מיט מיין טייערער. מ׳האָט זי ערגעץ צוגענומען, אפשר ערגעץ אויף אַ פּאַראַדע, אָדער אויף אַ חתונה, האַ?...

נו, פאַרפאַלן, גייט שוין געזונט, גייט געזונט...

און אין שטוב בין „איך" נאָר געבליבן, איך בין דאָך נאָך אַ ביסל אַ שלאָפער. איך מיט מיינס אַ שוועסטערל. נישט מיט רחלען, רחלען האָט מען דאָך אָפּגעפירט צו מיין טאַטן אַהיים. בין איך געבליבן מיט „מיינער" אַ שוועסטערל, אויך מיט אַ בראַשקען. און אין שטוב איז געווען אין מיטן דרינען אָנגעגאָסן אַ נעץ. און מיין בראַשקעס בעט איז עפּעס געווען נישט קיין חרובע, נישט קיין גאַנצע. און „מיר", ווען איך וואָלט זיך נישט שעמען אויסזאָגן, איז אַלץ געווען פון עפּעס גרינג אויפן האַרצן. ווען איך זוין נאָר איצט אויף אַן אינדזל, נישט צווישן מענטשן, אָדער אין אַ וואַלד, וואָלט איך אַרויסגענומען פון שאַפע מיין פידל און איך וואָלט לאַנג געשפּילט! (איר ווייסט גאָרנישט, אַז איך קען שפּילן אויפן פידל? איך שפּיל דאָך אויס אַלע ניגונים, וועלכע איך קען נאָר אין געדאַנק!). און איצט וואָלט איך זיי אַלע כסדר איבערגעשפּילט צו עטלעכע מאָל...

אויך זע איך, אַז מיין שוועסטערל האָט זיך עפּעס מורא פאַר דער נעץ, וואָס אין שטוב. און פאַר די טאַמע־געליענע לייכטער, מיט די שטיקלעך חלבנע נישט־דערברענטע ליכט. ס׳איז איר אומהיימלעך עפּעס דאָ ביי מיר אין שטוב. הע־הע, קינד איינער, וואָס איז די מורא, ס׳דאַך גאָרנישט. נעם וויש אויס. גיס־צו נאָך וואַסער און וויש אויס. אָדער, איך ווייס? עפן אפשר אַ פאַרטקעלע פון פענצטער, ס׳איז דאָך גאָרנישט, גאַרעלע. נאָ זע, אַליין. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

.2

...און דאָ וואָלט זיך ערשט דאַרפן אָנהייבן די מעשה פון חיהלען מיט פיניעלען: — ווי איך מיט רחלען, מיט דער בהמה און מיט די זאַכן, האָבן זיך איבערגעקליבן צום טאַטן. און דער טאַטע האָט דאָך מיר פון דער ערשטער שעה געזאָגט, אַז „מיר” איז „ווי — מיר”, אַ „ווייב” וועל איך האָבן, נאָר אויפן קינד איז אַ ביטערער רחמנות.

איך האָב דעם טאַטן נישט געוואָלט ענטפערן שוין די ערשטע שעה, ווייל איך האָב גוט געוווּסט אויף „וועמען” ס׳איז דער רחמנות... אַי, דאָס קינד? דעם קינד וועט נישט זיין שלעכט. דאָס קינד וועט זיין אָפּגעהיט, אַז קיין שטויב וועט אויף דעם נישט פאַלן. נאָר וואָס איז בכלל דאָ וואָס צו רעדן מיטן „עלטערן דור” מענטשן?...

אָבער, אַז איך בין דאָס ערשטע מאָל אַוועק צו לאָהן געוואָויער ווערן דאָס קינד און ס׳האָט מיר אַ שמעק געטון פון דעם זויער, אַז מ׳קען נישט צוגיין צו דעם נאָענט און די הויט אויף די הענטלעך און פיסלעך הענגט — האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, וואָס הייסט „יתומהשאַפט”. אָט דאָס וואָרט, וואָס גרוילט מיך אַזוי אַלע יאָרן, ווען איך דערהער עס נאָר...

„גוט מאָרגן, יתומהלע” טויטשעט זיך אין אַלע מיינע אברים — אַ ווענדונג צו דער־אַ מאָדנער מיידעלע, וועלכע איך דערקען נישט; צו דעם־אַ מאָדנעם גופהלע מיט דער לויז־אַראָפּגעהאַנגענער הויט, וועלכע

לאה העצקעט אויף איין האַנט. זי וויל מיר אָנטון אַ נחת, לאה. זי וויל מיר ווייזן, ווי אַזוי דאָס קינד לאַכט.

ס׳לאַכט זיך אים אָבער נישט.

נישט אים, נישט מיר.

און אפשר האָט שוין לאה אַליין אויך פאַרשטאַנען, אַז וואָס־וואָס, נאָר ווינציקער פון אַלץ איז שוין דאָ פאַראַן אַרט פאַר פרייד און גוט־מוטיקייט.

און אין אַ וואָך אַרום איז איבערגעפאָרן די וויג מיט די שטריקלעך, מיט דעם אייזערנעם שרויף און מיט דער קליינער חיהלע. אַלע זענען זיי איבערגעפאָרן צו איינער אַ ווייבל אײדיע. און אײדיע האָט געזאָגט, אַז ביי דער מאַמען אין בויך איז חיהלען נישט געווען אַזוי גוט, ווי ביי איר וועט איר זיין...

כאָטש מילך וועט שוין חיהלע זויגן פון אַ פלעשעלע, און כאָטש עמעצער וועט שוין מיר טון די טובה און וועט מיר שוין ברענגען גוטע „סאַסקעס״ פון אַ גרויסער שטאָט.

און מילך נעמען מיר איצט ביי אונדזער קלוגער בהמה, ביי דער ירושה־בהמה, וועלכע איז ביי מיר איצט נישט קיין קליינער שטאָלץ (איבער וואָס — ווייס איך נאָך דערווייל אַליין נישט).

מיר דוכט זיך, אַז ווען איך דערצייל איר עפּעס, דער קלוגער, וואָלט זי געוווּסט, וואָס איך רעד צו איר (די „קלוגע״ — אַזוי האָט איר מיין מאַמע איבער עפּעס אַ נאָמען געגעבן). און מיר דוכט זיך, אַז זי ווייסט בכלל פון אונדז אַ סך זאַכן, און קוקט זי אומיסטן אָן, ווי זי איז אויך פאַרענדערט געוואָרן. כאָטש ברכהלע איז צו איר קיין מאָל נאָענט נישט צוגעגאַנגען און כאָטש עסן גיבן מיר איר איצט נישט ערגער, ווי שטענדיק.

טאָ לאָמיר דערווייל האַלטן דעם חשבון אַזוי, אַז אַלע אין דער פרי — צי אין שטאָט זענען דאָ די פּאָליאַקן, צי ס׳זענען שוין נישטאָ קיין פּאָ־ליאַקן — אַלע אין דער פרי איז ביי אונדז אַ פראָסט און איבער דעם־אַ קנאַקנדיקן פראָסט לויף איך אַלע אין דער פרי אין מיין אַלטן פּאַלטקעלע אַ פאַרמאַטערטער און איך טראָג עפּעס פון אַ מיידעלעס וועגן, פון אַ יותמהלעס וועגן מילך, וואָס פון אונדזער קלוגער בהמה. אַלע גאַנץ פרי —

אַ קריגעלע נאָך וואַרעמע מילך. און דאָס ווייבל דערציילט מיר עפּעס יעדער אינדערפרי פון דעם מיידעלע, אַזוי ווי פּונקט „איך" וואָלט עס דאַרפן וויסן.

נאָר... דאָס ווייבל איז דאָך טאַקע גאָרנישט שולדיק. ס'„איך" שפּיל דאָך דעם טעאַטער! (און פיר אים אויס דערווייל דאַרף מען זאָגן, זייער שלעכט).

דער טעאַטער באַשטייט אין דרינען, וואָס איך פאַרשטעל זיך, למשל, פאַר דעם מיידעלעס אַ טאַטן, ביי וועלכן די ווייב, ד. ה. דער מיידעלעס מאַמע, איז געשטאָרבן און איך האָב באַשטעלט דאָס מיידעלע צו אַן אַם, און איך זאָג צו דער אַם אַזוי:

— ווייבל, אייער לוין וועט זיין שטענדיק אויפן אָרט. איר היט מיר נאָר אָפּ דאָס קינד, ווייל מער האָב איך שוין אויף דער וועלט גאָרנישט חוץ דעם קינד! טאָ זאָל עס ביי אייך זיין אָפּגעגעסן, אויסגעשלאָפן און אויסגעבאָדן צו דער צייט. און אָט האָט איר מילך; און אָט האָט איר צוקער, (צוקער, פאַרשטייט זיך, זייער ווינציק, וואָרום איר געדענקט דאָך מן הסתם אין אַ וועלכער צייט די שפּיל קומט פאָר), און אָט האָט איר געלט (אויך זייער ווינציק) א.א.וו. נאָר מיין ראָל שפּיל איך, ווייזט אויס, זייער שלעכט, וואָרום קיין מאָל הער איך נישט, וואָס דאָס ווייבל דערציילט מיר. אַ מאָל דערציילט זי מיר, ווי דאָס קינד שפּילט זיך אָן עין הרע שיין, און אַ מאָל שווערט זי זיך, אַז זי האָט שוין פאַרטון אַ סך מער צוקער אייגענעם, ווי דעם, וואָס איך האָב געבראַכט. אין „פּערווע־פּאָ־טרעביטעלסקע" (ערשטער געברויך־קאָאָפּעראַטיוו) האָט זי באַקומען די „נעשטשאַסנע" אַנדערהאַלבן פונטעלעך צוקער, — טאָ זאָל זי אַזוי וויסן פון סם אין איר מויל, ווי זי ווייסט, וואָס פאַר אַ טעם אפילו דער צוקער האָט. און פאַר אַן אויבער־הסברה נעמט זי נאָך אַראָפּ ביי אירע קינדער, זי רייסט אַרויס ביי זיי פון מויל און גיט אָפּ אָט־דעם קינד.

טאָ וואָס גייט עס מיך אָן, וואָלט איך וועלן וויסן? איך ענטפער איר אפילו נישט, וואָרום וואָס איז מיט מיר דאָס מיידעלע געווען און וואָס האָב איך דאָ בכלל פאַר אַ שייכות צו דעם אַלעמען?

אָז נישט — דערציילט זי מיר, איידיע, אַז דאָס מיידעלע איז אַ שרייערין

און אַ וויינערין (אַ גראָבקייט פון אַ פרוי אַ ביסל! אַנשטאָט לויבן אַזאַ קינד, וואָס קומט מן הסתם אַרויס פון אַזעלכע עלטערן, איז שטענדיק פאָרט זי אַרויס מיט אַזעלכע זאַכן, אַזוי ווי ס'וואָלט נאָך „איר" עפּעס אַרויסגעקומען), „איז זי אַ שרייערין און אַ וויינערין... און דער מאַן אירער איז אַ בעל־מלאכה, לאָזט זי נישט דעם מאַן אירן שלאָפן, אָפּרוען די נאַכט לאָזט זי נישט. אַזוי האַלט זי אין איין פאַרגעבן... זי וויל נישט טרינקען קיין קאַלטע מילך, וויל זי נישט טרינקען. און ווו ווער זי זיך איר שטעלן אין מיטן ביי נאַכט צעלייגן די קיך ?..." „און מ'וואָלט דאַרפן כאָטש קויפן נאָך אַ ביסל גאַזע צום לאָמפּ אויף ביי נאַכט, ווען מען שטייט צו איר אויף, זי וויל נישט ליגן אין דער פינצטער, וויל זי נישט".

גאָרנישט האָט זי נישט קיין שכל דאָס ווייבל. זי רעדט אַזוי, ווי איך בין איר אַ מחויב. און אויב איר מאַן קען יאָ שלאָפן, אָדער ער קען „נישט" שלאָפן — גייט עס מיר שטאַרק אָן.

אַזוי פאַרגעס איך אַלע מאָל מיין ראָל. און אַ סימן האָט איר, אַז איך שפּיל זי לעפּיש, וואָרום בשעת איך קום אַלע מאָל אַהין אין שטוב מיטן קריגעלע, פאַרקוק איך זיך צום שוסטער ביים ווערקשטאַט, ווי ער אַרבעט דאָרט און איך פרעג איבער אַלע טאָג איינע און די זעלבע איינגעחזרטע ווערטער: „צי דאָס קינד איז געשלאָפן, צי ס'האָט נאָך צוקער און ווי אַזוי איז ביי דעם דאָס מעגעלע?" און איך פאַרגעס מיך גאָר צוגיין עס אַרומנעמען, אָדער כאָטש אַ קוק טון אויף דעם מיט אַ ליבן בליק. ערשט אין גאַס שוין, צוריקגייענדיק, דערמאָן איך זיך, אַז דאָס ווייבל האָט עפּעס געהאַלטן אַ מיידעלע אויף די הענט, אַ פּיצינקס פון עטלעכע חדשים, אַן אומעטיקס און גאָר אָן אַ פּנים.

און איך האָב זיך אפילו פאַרגעסן צוגיין? און עס בעטן אויף די הענט?... וואַרט נאָר אויס, דאָס ווייבל וועט מיך כאָטש נישט באַריידן פאַר אירע שכנות, וואָס קומען אַריין צו איר אַ ביסל זיצן? — אַפּריער פאַר אירע שכנות און דערנאָך וועלן די אייגענע רייד אַוועקגיין פון טיר צו טיר און איבער דער גאַנצער שטאָט?!...

...ביז מיין מאַמע איז געוואָרן געזונט און ביז מיין מאַמע האָט זיך

אַרויסגעשלעפּט אין גאַס, איז זי פאַרגאַנגען צו אײדיען געוויער ווערן דאָס קינד.

און אַ ווייבל מיט אַ ווייבל קענען זיך צונויפרעדן.

ווייזט איר אײדיע, ווי דאָס קינד איז אַ שלימזלדיקס נישט דאָ געדאַכט: „אָט איז עס גאָר אין גאַנצן צעפּריעט!" — גייט די מאַמע צו און וויל אַ קוק טון צום וויגעלע.

— וואָס איז דאָרטן דאָס קוקן צום וויגעלע, — שפּאַרט זי אָפּ אײדיע מיט אַ רוגז, — אַ וויגעלע, ווי אַלע! —

גייט שוין די מאַמע אַליין אַריין פאַר דער שאַליוועקע־וועגטל, (וווּ דאָס וויגעלע איז געהאַנגען) און — „זאָל שוין גאָר אַזאַ צאָרן נישט זיין, ווי ס'אָווערט!"

זי טוט אַ הייב דאָס קישעלע — ס'איז נאַס. דאָס שטרוי־זעקעלע, ס'איז נאַס און צעפוילט, און ס'אָווערט פאַר אַ מייל. דאָס ברעטל, וואָס פון אונטן, איז נאַס און ס'וואַקסן שוין אויף דעם שוואָמען.

— נו, — זאָגט די מאַמע, — ס'איז גאָרנישט, וואָס ס'איז צעפּריעט. ביי אַ קינד מאַכט זיך אַלץ. און זי קומט צו גיין אַהיים און יישובט זיך עפּעס אויס מיט אונדז, מיט איטלעכן, און זי שיקט אונדז אַוועק, מיך מיט צוויי קלענערע קינדער, פון שטוב, צו אײדיען.

ווערט אויף אַ ווײַלע אַ שטיקל אומאָרדנונג ביי אײדיען, אַזוי ווי אין ערב־פּסח, אָדער אַזוי ווי אַ סטראַזשניק קומט נאָך משכּנות. און זײַן איין רגע אַרום זענען מיר שוין צוריק אויפן פראָסט. איך טראָג דאָס וויגעלע מיט די שטריקעלעך און מיט דעם אײזערנעם שרויף, בראָשקע (מיין שוועסטער) טראָגט דאָס קינד אַן איינגעוויקלטס אין אַן אַלטן מאַנטל און הינדע טראָגט שוין דאָס איבעריקע ביסל געפּעס.

דאָס ווייבל זאָל כאָטש נישט נאָכשעלטן אונדז פוס־טריט.

און וואָס עפּעס נאָר דאָס איינע ווייבל? פאַראַן אין שטאָט, אין מיטן ביי טאָג אַ סך אויגן, וועלן זיי מיך אפשר אַלע זען, און אַלע זיי, וועלן מיך האַלטן פאַרן גרעסטן אויסוווּרף, פאַר אַ פאַרשאָלטענער זאַך, פון וועלכער מ'דאַרף זיך מיט עקל אָפּקערן, וואָרום אויב אַ מענטש טראָגט זיך שוין יאָ אַרום מיט „גאָטס־שטראָף", איז עס מן הסתם נישט אומזיסט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַלע האָבן געזען באַשיימפּערלעך, ווי דאָס קינד האָט אויפגעלעבט און ס'איז געוואָרן צוריק אַ קינד.

דאָס קינד איז אין דער היים און ס'איז טאַקע „אונדזער" קינד. און אין גיכן האָט עס שוין אָנגעהויבן צוריק פאַרבייסן דאָס ליפּעלע און ס'האָט זיך שוין אויסגעלערנט נאָך אַ חנדעלע: ס'מאַכט קולעקלעך.

לאה מיט נחומען קומען אַלע שבת געוויינער ווערן דאָס קינד, און נאָך מומעס קומען. ביי יעדערן, חוץ נחומען, איז דאָ פון מיינעט וועגן אַ שטיקל זיפץ, און פאַרן אַוועקגאַנג, נאָך אַ ביסעלע טרייסט־ווערטער, אַזעלכע ווערטער, נאָך וועלכע איך שלאָג זיך נישט אָן און וועלכע פילייען מיך כסדר ביים האַרצן. און ווען וועלן זיי שוין זיין כאָטשבי וויפל ס'נישט איז קלוגער, מיינע מומעס?

און... ווו, זעט איר, איז שוין מיר יאָ בעסער, ווען איך דערזע ערגעץ מענטשן, אפילו ווילד־פרעמדע, נאָר אויך געשטראָפטע און אויך שטומע־צינגער... אַזעלכע, ווען איך דערזע אַ מאָל אפילו דורכן פענצטער דורכגיין און מיך, ווייס איך, זעען זיי נישט, — שטרעקן זיך אויס מיינע הענט פון זיך זעלבסט צו זיי און מיינע ליפּן עפענען זיך פון זיך זעלבסט און זיי לייגן אויס שטילערהייט און קוים וואָס מ'הערט אין שטומען געבעט: „חברים"... „טייערע חברים"... — און איך וויל צו זיי. איך האָב צו זיי אַ שטילע גלוסטונג.

און אין שטוב האָבן אַלע ליב חיהלען, אפילו דער טאַטע. און „איך" האָב זי נאָך באַזונדער ליב. איין מאָל, הייב איך אָן צו ביסלעך פאַרשטיין, אַז ס'איז מיין קינד. און צווייטנס, איז עס אַ לעבעדיק בילד פון איינעם מיר זייער אַ נאָענטן מענטשן, צו וועלכן מיר איז איצטער נישט גרינג זיך צו באַקומען (אפשר איבער די פּראָנטן, וואָס היינט אויף יעדער טריט, אפשר איבער די גרענעצן, וואָס אויף יעדער טריט מיט די באַנדעס, און אפשר איבער מיין גרויסער אָפּגעלאָזנקייט, וואָס איך בין איצטער זייער אָפּגעלאָזן)...

און רחלע האָט זיך שוין אויך איבערגעקאָטשעט אין טיפוס. צוויי וואָכן איז זי געלעגן מיט אירע חלומות און מיט אירע שרעק פאַר די

„גויים״, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין אַזאַ גרויסער צאָל אויפֿן וועג, וואָס פֿון איר היים ביז דער „מחותנתטעס״ שטוב, וווּהין ס׳איז איר אַ מוז פּונקט איצטער צו גיין. און אַז די גויים דערשרעקן זי טאַקע — הייבט זי אָן רופֿן מיך, אָדער נאָך עפּעס אַ פּאָר נאָענטע נעמען, וועלכע זענען איצטער דאָ נישטאָ.

און אַז זי האָט זיך אויסגעקאַטשעט, רחלע, איז עס ביי איר צוגעגאַנגען גיכער, ווי ביי די עלטערע, איינס און צוויי און אָט שפּילט זי זיך שוין זייער שיין מיט חיהלען. זי שפּרינגט אַרום איר אַזוי ווי אַ ציגעלע, זי זינגט צו איר, זי לאַכט צו איר און זי קען זי מיט עפּעס באַזונדער און גאָר אויף אַן אַנדער אופֿן דערפֿרייען.

און אַז דער גרעסערער שוועסטער איז אויך געוואָרן אַ ביסל גרינגער, האָב איך שוין צוריק געהאַט (ביים טאַטן אין שטוב) אַ באַזונדער צימערל מיט צוויי בעטן ווייטער. אין איינער איז געשלאָפֿן די שוועסטער מיט רחלען און אין איינער — איך. און אונטערן סטעליע פּאַר אַ קרוק איז אויף שטריקלעך געהאַנגען דאָס וויגעלע. און איך מיט דער שוועסטער האָבן מיר זיך אויף אונדזער אייגנס צוריק אַ קינד.

ביי נאַכט, ווען דאָס קינד האָט געדאַרפֿט אָפּוויינען אַ דריי אָדער פֿיר מינוט אויף אויפֿוועקן וועמען מ׳דאַרף, אויף איינמאָנען עפּעס און בכלל אויף וואָס אַ קינד דאַרף זיך צעוויינען און צעפּילדערן אין מיטן ביי נאַכט, און אַז מיר פֿלעגן אויפֿשטיין דאָס צעוויקלען און איבערוויקלען אין דער וואַרעם און אין דער טרוקן, פֿלעגט דער טאַטע אָפּט מאָל זיך אויפֿכאַפּן און נעמען בורטשען:

„ער איז אַן אָנגעהאַרעוועטער פֿאַרן טאָג און מ׳לאָזט אים אפילו נישט אָפּרוען״.

איז וואָס, נאָך אייער מיינונג, ענטפֿערט מען אַ טאַטן ביי אַזאַ פֿאַל?

קען איך אייך זאָגן, אַז מערסטן טייל ענטפֿער איך אים גאָרנישט. טאַקע גאָרנישט אויף אַלע 99 פּראָצענט. נאָר, ס׳טרעפֿט זיך, ווען אונדזער „אָבי״ כאַפּט אַ ביסל איבער די מאָס און די מאַמע רופֿט זיך שוין אָפּ פֿון איר בעט, אַז „זאָל זיין שטיל״ (אויפֿן טאַטן אַזוי שרייט זי אָן). און די שוועסטער וואַכט זיך אויף און וויל אים אויך אָנהייבן צאָלן, און באַלד

וועט עס נאָך אָנקומען אין דריטן צימער, וועט זיך נאָך פון דאָרטן אויך דערהערן אַ באַס קול פון די קלענערע קינדער, ווען זיי ווען זיך צע־וועקן. דעמאָלט ענטפער איך אים שטיל און אָפּגעהאַקט:

„זאָל ער נאָר אויפהערן בורטשען אַלע ביי נאַכט און זיין בייז אויף אונדזער קינד, און ביי טאָג בעט אים קיינער נישט זיך שפּילן מיטן קינד און עס קושן".

דוכט זיך, אַז דער טאַטע ענטפערט, אַז מיר מאַכן אים ווינציק־וואָס גליקלעך ביי טאָג אויך. אָבער ער נעמט עס, ווייזט אויס, אין אַכט און ער ווערט שטילער. — דער מאַמע און דער שוועסטער קען איך „הייסן" ס'זאָל ווערן שטיל. און דאָס קינד איז שוין וויין און טרוקן איבערגע־וויקלט און ס'ווערט שוין באַלד אַנטשלאָפן. דאַן ווערט אין שטוב צוריק שאַ־שטיל. נאָר דער שרויף פון וויגעלע האָט זיך זיין געוויינלעכן איינ־טאָניקן און ליבן סקריפּ. סקריפּעט ער זיך כסדר אויף הין און צוריק שאַ־שטיל און איינשלעפערנדיק. און איך זיץ מיר אין ריינער וועש אויפן בעט און איך וויג מיט דער פוס פון דער גרינג דאָס וויגעלע. איך מאַך זיך אויך, אַז איך בין שטיל אויף צום איינשלאָפן, כדי ס'זאָל אויף איט־לעכן ווירקן שלעפערדיק און באַזונדערס אויף חיהלען. און איך בורטשע זיך אין דער שטיל אַ ניגון. טאַקע גאָר אין דער שטיל, אַזוי שטיל, אַז איך אַליין הער קוים. און דעמאָלט דוכט זיך מיר, אַז מיין ברכהלע האָט מיך אַזוי ליב פאַר דעם אַלעמען און זי קוקט די גאַנצע צייט אַריין דורך דער שפּאַרע פון די לאָדן און זי גלעט מיך מיט איר יוגנטלעך־באַפּייכטן און ליבן בליק. אַזוי ווי אַ יונגע כלה איז זי מיט אירע יונגע חברטעס, וועלכע רינגלען זי שטענדיק אַרום. אַלע זענען זיי שיין און אין גאָלע ווייסן און פאַר אַלעמען לויבט זי מיך, מיין קינד. נאָר מיך... טאָג און נאַכט, אַז זיי פאַרברענגען צווישן זיך און נאָר פון מיר.

און איך וואָלט זי אַוודאַי — געוויס אַריינגעלאָזן אין גאַנצן אין שטוב אַריין. טאָמער איז איר קאַלט, מיין מיידעלע, ביי נאַכט אונטער די פענצטער אין אַזעלכע לבנהדיקע און גרימערדיקע פרעסט. איך וואָלט אַוודאַי זייער וועלן, שטיל וואָלט איך אָפּגעריגלט די קליאַמקע פון די טירן און די אייזערנע ביינאַכטיקע פאַררוקערס. פון מיין מאַמען וואָלט איך עס געגנבעט

און פון מיין טאַטן, אַז אין שטוב זאָל קיינער אפילו קיין שאָרך נישט דערהערן, אָבער ס׳וועט גאָרנישט אַרויסקומען. זי וועט נישט גיין!... (פאַר די פרעסט האָט זי זיך גאָר קיין מורא נישט, כאָטש זי גייט גרינג אָנגעטון. אין איינע זעקעלעך און כמעט אין גאָלע ווייסן, אַזוי אפילו נישט אָנגעטון נאָר פאַרדראָפירט), זי וועט נישט גיין... דערפאַר, וואָס אַן עמעצן אַזאַ איז ניחא, אַז מיר זאָלן זיך נישט זען מיט איר אויג־אויף־אויג, — כאָטש נאָענט מעגן מיר שטענדיק זיין, אָט אַזוי ווי איצטער, און כאָטש פריווי־לעגיעס האָט זי מער פון מיר. זי, למשל, קען מיך זען אין האַלדז־און־נאַקן און דאָס קינד קען זי זען, ווי ס׳שלאָפט (און ווי איך וויג עס). דערפאַר „איך" זאָל זי זען — לאָזט מען נישט. „איך" מעג נאָר פילן איר נאָענטקייט, דעם הויך פון איר יוגנטלעך־באַפּיכטן בליק און די געטריישאַפט פון איר יונגער וואַכזאַמקייט איבער אונדז די גאַנצע צייט.

און... איך וואָלט זי וועלן פרעגן, צי זי קוקט אויף רחלען אויך, וואָס אָט־אָ שלאָפט זי מיט אונדזער עלטערער שוועסטער. רחלע איז דאָך שוין אויך אויפגעשטאַנען פון דער שלאָפקייט. און רחלען איז אויך נייטיק איר געטריישאַפט. רחלען קומט עס פאַר אַ סך זאַכן. — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

און אַזוי ווי איך זיץ זיך דאָ אויס די לאַנגע נאַכטישע שעהן אַרום וויגעלע, און מיר זענען זיי נישט לאַנג און נישט דערווידער, און דאָס וויגעלע סקריפּעט זיך שלעפעריק און פון דער גרינג, איז פון יענער זייט וואַנט אין יענער האַלבער שטוב, ווו די מומע לאה וווינט, הער איך אויך דאָס לשון פון אַ וויג, דאָס אַרומקריכן אַרום דעם ביי נאַכט, כאָטש עמעצער שרייט דאָרט אָן, כאָטש עמעצער איז דעם נישט גערן... און איך בין נאָך געגוג וואַכנדיק צו וויסן פון וואָס דאָרט רעדט זיך. דאָרט כאַפּט עס אויך אַן אָנבליק אין אונדז. דאָרט איזביילע געשטאָרבן, דער מומעס שנור. אויך אַ יונגע און אַ געזונטע און אויך נאָך פאַגראַמען און נאָך טיפוס. און יענע האָט פון 18 ביז 28 יאָר אָנגעהאַט איר מאַן אַ סך קינדערלעך און אַלע געזונטינקע און שטייפע. און דאָס קלענסטע, וואָס ביי דער ברוסט איז געוווען פּיניעלע.

און פּיניעלע ווײנט דאָרט אויך אַלע נאַכט. וויגט מען אים דאָרט אויך אַלע מאָל, כאָטש אָפּט מיט אַן אָנגעשרײ און נישט גערן.

די וואַנט וואָס טײלט אָפּ אונדזער האַלבע שטוב פון זײערער (און חיהלעס צימער — פון פּיניעלעס) איז אַ הילצערנע און אַ גראָבע. און די טיר איז אַ פאַרשמירטע. אָבער בײ נאַכט, ווען ס׳שטיל, הערן זײ דאָרט אַלץ, ווי ס׳גײט צו בײ אונדז. און איך הער שוין זײ אויך. און ס׳איז בײ מיר גאָרנישט קײן ספק, אַז בײלע כאַפּט זיך אויך אַראָפּ אַהער אַלע נאַכט (צום לאָדן פון דער זעלבער וואַנט, נאָר עטוואָס ווײטער). און מער איז זי אין כעס ווי צופרידן, וואָרום איר מאַן, מײן שוועסטערקינד (זאָל ער מיר מוחל זײן) איז אַ ביסל אַ זשלאָב. ער בענקט דווקא, מיר זעען עס אַלע, ווי ער בענקט נאָך איר, אָבער ער פאַרשטײט נישט, אַז ער קען איר האַווירן מיט דעם, וואָס ער וועט צוזוויגן פּיניעלען איבער די נעכט, אָט אַזוי ווי איך! — כראָפּעט ער גאָר, און מיט פּיניעלען פאַרנעמען זיך זײן מאַמע און באָסל.

דערווײל ווײס איך, אַז מײן ברכהלען איז פרײלעכער דאָרט אונטער די לאָדן —זי איז נישט אַלײן. און פּיניעלען ווער איך שוין אויך פּאָר עפּעס געטרײ. און מיר דוכט זיך: „גיט מיר אַהער ,זײן׳ וויגעלע אויך״, מיר איז „זײן״ וויגעלע אויך נישט שווער. איך וועל זיך אויף אים נישט בײזערן, טאָמער וועט ער ווײנען. און גיט מיר בכלל אַהער וויפל וויגעלעך איר ווילט, אַלץ מיט אַזעלכע קינדערלעך, בײ וועמען ס׳פעלן זײערע נאָענטסטע, בײ וועמען ס׳פעלן „די״, וועלכע קענען אַ גאַנצע נאַכט וויגן און נישט שרײען. גיט מיר אַהער די אַלע יינגעלעך מיט די מײדעלעך. איך וועל שוין וויסן, ווי אַזוי אַרום זײ אַרומצוגײן. די וויגעלעך זײערע וועל איך האַלטן רײן און טרוקן; יעדן אײנעמס פּלעשעלע וועט זײן מיט אַ באַזונדער צײכן און ס׳וועט זײן אָנגעוואָרעמט צו דער צײט. און קוקט וויפל שטריקעלעך איך האָב אָנגעהאַנגען אַרום הרובע, ווו די וויקעלעך זאָלן זיך טרוקענען? —

אין דער פרי קומט אַרײן צו אונדז די מומע אַנטלײען אַ טעפּל, אָדער זיך דערוויסן עפּעס אַ נײס און זי דערזעט מיך, זאָגט זי:

— וואָס איז? דו מיינסט, אַז איך האָב נישט געהערט, ווי דו האָסט זי געוויגט אַ גאַנצע נאַכט?

און איך זאָג:

— אייערער איז עפּעס אויך נישט געשלאָפן. איך האָב געהערט. איר זענט אַרומגעגאַנגען ביי נאַכט די גאַנצע צייט...

און אויפן קיך ביי אונדז גייט אַוועק אַ שמועס וועגן קינדער, און חיהלע איז אין איין העמדעלע און אין אַ סטאַניקל ביי מיר אויף די הענט. אין קיך איז וואַרעם און ס׳איז איר גוט. און פון יענער (צווייטער) זייט פאַרקלעפּטער טיר איז אויך אַ קיך און ס׳הייצט זיך דאָרט אויך אַן אויוון און דאָרט קובלעט זיך באַסל מיט די קלענערע קינדער און מיט פּיניעלען. און פּיניעלע גייט נאָך אויך אין איין העמדעלע און אין אַ סטאַניקל. ביי אים זענען נאָר געפּאַקטערע הענטעלעך און פיסעלעך. די מומע זאָגט, אַז ביי אים איז נישט קיין געזונטע, נאָר אַן אָנגעבלאָזענע פולקייט. און ס׳איז אים אויך אַרום אויוון וואַרעמער, ווי דאָרט אין די איבעריקע חדרים פון שטוב.

טאָקע איבער אַ פאַרקלעפּטער טיר און אַן אויוון אָנטקעגן אַן אויוון, אָבער קענען האָבן זיי נאָך נישט געקענט איינס דאָס צווייטע. סיידן זומער, אַז מיר וועלן דערלעבן, וועלן מיר זיי אפשר צונויפפירן אין איין שטוב און זאָלן זיי פּראָווען באַקאַנטשאַפט צווישן זיך.ביידע חברימלעך אַזעלכע פון איין עלטער און פון איין דאָליע: חיהלע און פּיניעלע.

פּורים־צייט, אַן ערך, האָבן אונדז פאַרפלייצט פּאָליאַקן. פריער איז, ווייזט אויס, נאָר געווען דער טייל, וואָס קומט אָן צום ערשטן. זענען ביי אונדז איינגעשטאַנען 9 פּאַרשוין. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז ס׳נאָך אַ דאַנק גאָט, וואָס זיי זענען עלטסטע, וועט מען אפשר פון זיי האָבן ווינ־ציקער יסורים אויסצושטיין.

האָבן די קלענערע פון די עלטסטע גענומען שניידן חזיר אויפן טיש, און מ׳גרייט זיך אַזוי פרעגלען אַ וועטשערע. איינער פון זיי, גאָר אַ רשע, מיט ווייסע האָר און קליינע קאָלירלאָזע אויגן, האָט גענומען אַרומפּאָרן מיט אַ שטיק חזיר איבערן טיש אַזוי ווי מיט אַן אומריינער שמאַטע מ׳ווישט אויס אַן אָפּגאַנגס־אָרט. דער חזיר איז אָבער נישט געווען אַזוי

מיאוס, ווי מיאוס ער האָט עס געטון. ער קוקט אויפן טאַטן, טאָמער פּיליעט עס אים ווינציק ביים האַרצן, מיין טאַטן, און ער פּלייסט זיך נאָך בעסער. ער ווישט. די חברים זיינע האָבן געשמייכלט און איינער אַן עלטסטער האָט אים געהייסן ער זאָל אויפהערן.

— וואָס איז דען? — פרעגט ער.

ביי דעם, וואָס האָט באַפּוילן, זענען די פּאַגאַנעס געווען אַ סך גלאַנציקערע, די שטיוול — פון בעסערן לעדער, און די מלבושים — פון איידעלערן שטאָף. האָט ער פאַרשפּאַרט אַן איבעריק מאָל געבן צו פאַרשטיין „וואָס איז דען" און יענער האָט גלייך אויפגעהערט.

דערנאָך פרעגט ער, דער ווייסער, ביי „אונדז יידן", טאָמער וועלן מיר אים געבן האָבער, טאָמער האָבן מיר געגנדז: מיר וועלן בעסער מאַכן...

— נישטאָ ביי „אונדז יידן" — ענטפערט דער טאַטע, — „נישט" קיין האָבער און „נישט" קיין געגנדז. די פּאָגראָמען האָבן אונדז בכלל אויסגעליידיקט.

— וואַרט, איר וועט חרטה האָבן — טוט ער אַ מאַך בסוד.

אפשר האָט ער מורא געהאַט, אַז עמעצער וועט אים דאָ פאַרוווערן מאַכן שטיק.

און דער עלטסטער מיט די פּאַגאַנעס פאַרברענגט מיט מיר און מיט מיין שוועסטער אין צווייטן צימער. און איך האַלט חיהלען אויף די הענט.

איר ווייסט נישט, צו וואָס האַלט איך איצט דאָס קינד אויף די הענט? (כאָטש ווען האַלט איך נישט חיהלען אויף די הענט?) אָבער איך ווייס, פאַר וואָס איך האַלט דאָס קינד אויף די הענט פּונקט איצט. — איך בין אַ „יונגער מענטש", וועלן זיי זען, די פּאַליאַקן, אַז איך בין חלילה נישט קיין „באָלשעוויק". איך בין נאָר אַ „נעשטשאַסנער" פאָטער בין איך.

און ער מיינט גאָר אויף מיין שוועסטער, אַז זי איז מיין ווייב און ער לויבט אונדז ביידן און, אַז חיהלע איז מן הסתם אונדזער ביידנס קינד. און ער פאַרברענגט און צעפרעגט זיך אויף אַלץ, ווי אַ וועלטלעכער מענטש.

קען זיין, אַז ס'איז טאַקע אַזוי בעסער, אַזוי ווי ער מיינט, אַז די יונגע „פּאַני" איז מיין ווייב און דאָס איז אונדזער ביידנס קינד. כאָטש אויב אַזוי, ווער איך שוין פון דעסט וועגן אַ ביסעלע ווינציקער אומגליקלעך.

— די „באָלשעוויצעס", — זאָגט ער, — זענען אַ באַנדע. מיר וועלן זיי צעכאַפּן, — זאָגט ער, — אַזוי ווי די הינט איינציקווייז.

דאָס באַרימט ער זיך אַזוי פאַר מיין שוועסטער.

מילא, אפשר איז ער גערעכט? אפשר זענען טאַקע די באָלשעוויקעס נישט מער ווי אַ באַנדע און „ער" וועט זיי טאַקע צעכאַפּן ווי די הינט איינציקווייז.

— ביי זיין „פאַן־פּולקאָווניק", — דערציילט ער — הייסן די הינטלעך איינער „טראָצקי" און איינער „לענין". וואָרום טראָצקי איז בכלל אַ זשוליק, אַ פּשוטער בייטל־שניידער און לענין איז אויך נישט בעסער.

אפשר איז עס זייער קלוג פון זיין פאַן־פּולקאָווניקס זייט, נאָר מיין שוועסטער זאָגט אים, אַז וועגן לענינען רעדט מען צווישן דער אינטעליגענץ — (ווי אַזוי צווישן דער רוסישער, אַזוי צווישן דער יידישער) — ווי וועגן אַ הויך־באַגאַבטן „מאַן". חוץ נאָר, וואָס מיט די „אידייען" איז אפשר נישט יעדערער מיט אים איינשטימיק...

— נו, יאָ, — פאַרענטפערט ער זיך שוין, דער אָפיצער, — ווען נישט די אידייען איז טראָצקי אויך נישט אַבי ווער! — און ער וויל שוין איבער אַ נייס אַרויסווייזן אַ סך געניטקייט און אַ סך איינגעוויינקסטע „אינטעליגענטישקייט".

און אַז דער, וואָס האָט געריבן דעם חזיר איבערן טיש, רופט מיך אָפּ אָן אַ זייט און פרעגט מיך, צי ווייסן נישט „מיר יידן", ביי וועמען קריגט מען פאַרט האָבער, צי גענדז, אָדער אַנדערע זאַכן: זאָל זיין ביי יידן, זאָל זיין ביי גויים, ביי וועמען איך וויל אַליין...

האָלט איך נאָך אַלץ חיהלען אויף די הענט און זאָג אים אָפּ כמעט האַרב, אַז „וואָס איז? ער זעט דען נישט, אַז מיר האָבן נישט קיין שייכות צו קיין האָבער און צו קיין גענדז?... און ווו מ'קריגט, ווייסט ער בעסער פון אונדז!..."

האָט ער שוין מיר אויך געזאָגט, אַז ער וועט שוין איבעררעדן מיטן פאַן־פּאָרוטשניק, מ'זאָל זיך נאָר צו אונדז אַ נעם טון, וועט ווערן אי האָבער, אי גענדז!

אַוודאַי ווען איך האָב אַ כישוף אַזאַ אין מויל, וואָלט איך אים פאַר־

שאַלטן, און איך וואָלט אים געטון, וואָס מ׳טוט קיין יידן נישט. ווען איך האָב אַזאַ כישוף, אָדער ווען איך האָב כאָטש אַזוי אויף עפּעס צו שאַפן. וואָרום אָן כישוף און אָן כוח קען איך אים איצט געוויס גאָרנישט טון. און קומען קומט אים.

— קום, — זאָגט ער צו זיינעם אַ חבר.

און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן זיי געבראַכט צוויי קלאָר־ווייסע, ציכטיקע גענדז מיט אַראָפּגעדרייטע קעפּלעך, און עפּעס נאָך האָבן זיי געבראַכט, מיר זענען נישט געגאַנגען זיך צוקוקן. פאַרן אָונט האָט מען צעפּליקט די גענדז און זיי געמאַכט. דעם אויוון האָבן מיר שוין פון זייערט ווענן געהייצט און די גענדז האָט מען פאַררוקט אין צוויי גרויסע טעפּ אין אויוון, זיי זאָלן זיך טשאָלנטיקן איבער נאַכט.

אויף וועטשערע האָט מען דאָך שוין אָפּגעגעסן פון געפּרעגלטס און געבראָטנס, און טיי האָט מען פאַרטרונקען פון סאַמאָוואַר. און דעם טיש האָט מען נאָך וועטשערע אויך נישט אָפּגעטראָגן, ווייל זיי האַלטן זיך, ווייזט אויס, נישט פאַר קיין געסט און ווייל מ׳דאַרף נאָך דאָ זינגען. און געזונגען האָט מען „חיהטשקע״ און „אַי־ווי־באָם״. 8 שטימען זינגען הויך און קלינגענדיק, אַז ס׳צעגייט זיך אַ חיות איבערן האַרצן, און אַז ס׳קומט צום טעם זינגט שוין דער עלטסטער אוי׳ך.

און אונדז געפעלט.

דוכט זיך, מ׳זינגט געזונט און וויליונגעריש!

שטייען מיר לעבן די טירן, אָדער ווער ס׳איז אָנגעשפּאַרט אָן אַ ביישטידל און מיר הערן. מיר זענען עס פון די צופּעליק אָנגעקומענע, און מהיכא תיתי. מיר האָבן די מעגלעכקייט הערן, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. מ׳זינגט. חברה זינגען, וועט אונדז טאָקע אפשר זיין פריילעכער אויך.

און דאָס זינגען זיי אַזוי אויף פּוילישן לשון נאָר אַלץ פון יידן. קיין אַנדערע לידער קענען זיי מן הסתם נישט.

נאָר צוריק גערעדט, איז דאָך פריער דער חזיר נישט געווען אַזוי מיאוס, ווי דאָס ווישן, און איצט איז די ליד נישט אַזוי פרעך, ווי דאָס זינגען. און איך האָב ווייטער נישט קיין „כישוף״ אין מויל — טאָ זינגט געזונטערהייט, זינגט נאָך! ס׳שיין. מיר וועלן הערן אַפילו אַ גאַנצע נאַכט!

און אַזוי ווי געלעגערס זענען שוין דאָ פּאָר איטלעכן — מלחמה־לייט קענען זיך איינאָרדענען — גייט מען שוין שלאָפן. ס'איז שוין צוועלף אַ זייגער. חיהלע (ווי איך האָב זי נישט גערן אָפּגעלאָזן) שלאָפט שוין פון דעסט וועגן פון צוריק מיט צוויי שעה. און אַ מאָל, אַפילו פון שלאָף, פאַרבייסט זי דאָס ליפּעלע אַזוי ווי איך האָב איך דערציילט, און איצט מאַכט זי נאָך קולעקלעך אויך. טאָ שלאָף, חיהלע, שלאָף, די פּריצים זענען אונדז געטריי און מיר זענען ביי זיי אין גרויסן כבוד. זאָלסטו טאַקע איצט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט און מ'דאַרף נישט וויינען.

אין דער פרי האָב איך געזעגן האָלץ ביי אונדז אין הויף, און אין דער פרי האָט מען געזאָגט, אַז פיניעלע איז ביי נאַכט געשטאָרבן. וואָלט אפשר נישט געשטאָרבן, ווען מ'וואָלט זיך נישט געווען מורא האָבן (פּאָר די פּאָליאַקן) גיין ביי נאַכט רופן דעם דאָקטער. ס'איז אים פּלוצעם געוואָרן ענג אין הערצל, פיניעלען, און ער איז פון זיך אַליין דערשטיקט געוואָרן.

שימענקע און באַסל (ביילעס עלטערע צוויי קינדער) קוקן פון דעם הויכן גאַנעק, ווי דער אַלטער טעוויע (דער עלטסטער באַגרעבער פון שטעטל) האָט אַוועקגעטראָגן פיניעלען, אין נייע ברעטעלעך איינגעפּאַקט און אונטערן אָרעם אַזוי ווי עפּעס אַ קלומעקל.

און איך זעג זיך דאָס האָלץ און מיר איז מאָדנע דערוויל, ווי די קינדער קוקן נאָך פיניעלען.

צי ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, צי שימענקע האָט טאַקע אין אמתן אַראָפּגעהוקעט צו מיר פון גאַנעק:

— ער וועט שלאָפן שוין מיט ביילען, פיניעלע, וועט אים דאָרט זיין גוט!... וואָס איז? איר ווייסט נישט, אַז פיניעלע איז געשטאָרבן? אָט האָט ער דאָך אים אַוועקגעטראָגן, טעוויע, אָט־אָ קוקט! אָן־אָ טראָגט ער. ער טראָגט אים אַהין אונטערן בערגעלע צו ביילען.

מיט אַ פריילעכן טאָן זאָגט ער עס מיר, שימענקע. ער איז אַ שטיפער אַ גרויסער (כאָטש איצט האָט ביי אים דאָס פּנים אַ מאָדנעם פאַרבענקטן אויסדריק) און די מוטער האָבן זיי די גאַנצע צייט נישט גערופן „מאַמע" נאָר ביים נאָמען.

— נו, יאָ, — זאָג איך צו שימקען — אויב דער אַלטער טעוויע איז נאָך אים געקומען, איז עס צו ביילען. ווען איז עס געווען?

— ביי נאַכט, — זאָגט באַסל. און ביי איר זענען פון דער גרינג געווען נאַס די אויגן.

אַ מער, איך האָב עס גאַרנישט געהערט, אַז עפּעס זאָל דאָרט פאָרקומען. און זיי האָבן מיר אַפילו נישט אָנגעקלאַפּט אין וואַנט...

— ביי אייך האָט מען געזונגען, — זאָגט באַסל.

— אַהאַ! בעת מ׳האָט ביי אונדז געזונגען?... אָט ווי? זענען מיר דאָך טאַקע געווען פאַרנומען מיטן געזאַנג. זיי זינגען זייער שיין, די פּאַליאַקן, און הילכיק, אַז די גאַנצע שטוב קלינגט, אַזוי זינגען זיי. אָט באַמבלען זיך מיר איצט אויך אין געדאַנק זייערע ניגונים: „חיהטשקע״, „אוי ווי טאַטע־ניו״, „זאָג־זאָג, מאַמעניו״ און „איי־ווײ־באָם״. אַהאַ:

האָבן מיר, הייסט עס, איינגעלאָזן פּיניעלען, אַזוי ווי פון אונטער די הענט אַרויס. — און איך וואַרף אַוועק דאָס האַלץ אין מיטן זעגן און גיי אַ קוק טון, וואָס טוט דאָס קינד! חיהלע וואָס טוט...

דעם זעלבן טאָג פאַר נאַכט זאָגט באַסל צו מיין טאַטן:

— פעטער! איר האָט שוין אַרויסגענומען, וואָס די סאָלדאַטן האָבן ביי אייך פאַרגראָבן אונטערן טויער?

— ווען האָבן זיי פאַרגראָבן אונטערן טויער?

— אָט־אָ! איידער זיי זענען אַוועקגעפאָרן האָט איינער געשאַרט עפּעס אין שניי אונטערן טויער! —

דער איינער דאָס איז געווען דער בעסטער זינגער און דער בעסטער שמירער. דער תלין מיט די ווייסע האָר און קליינע, פרעכע, קאָלירלאָזע אייגעלעך.

און דער טאַטע האָט פאַרזיכטיק גענומען שאַרן אין שניי, און פונקט לעם ביישטידל, צווישן שרויף און טויער, האָט ער געפונען אַן ענגלישע געקאָרבטע אויפרייס־גראַנאַטע.

די ערשטע וואָלט געווען גיין די מאַמע אין שטאָל אַריין, ווייל פאַר נאַכט דאַרף מען אַריינלאָזן און צוזען די בהמות.

ס׳זענען אַוועק שליחים צו שלמה־לייבן אונדזער וויטן שכן. יענער

פאַרשטייט אין געווער. שלמה־לייב האָט זיך עפּעס אויך געקווענקלט, דערנאָך האָט ער גענומען די גראַנאַטע אויף אַ לאַפּעטקע און פאַרזיכטיק (אונטערן אויפזיכט פון אַלע קינדער פון ביידע הייזער) אַריינגעלאָזן זי, אַזוי ווי אַ שערעץ, אין הויף, אין דעם אומריינעם ברונעם אַריין.

און די פּאַליאַקן זענען שוין ערגעץ ווייט אין דער ערד, ווייל זיי זענען אַוועקגעפאָרן אַלע פון שטאָט נאָך ביי טאָג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון וואָס אַ בעל־מלאכה קען אַ מאָל זיין רייך?

אַ בעל־מלאכה קען אַ מאָל זיין רייך פון אַ קלייניקייט. למשל, ווען איך פאַרקויף אונדזער „קלוגע" וואָלט איך געהאַט אַ קלענערע בהמהלע אויך מיט מילך און דערצו וואָלט איך נאָך געהאַט אַ פּאָר טויזנט רובל אין קעשענע. אַ־האַ! די קלוגע אונדזערע, א סך אויגן קוקן אויף איר. און איך אַרבעט נישט שוין דעם אַנדערן חודש, וואָלטן זיי וועלן וויסן, די שכנים, פון וואַנען איך לעב און זיי שדכנען זיך צו מיין בהמה. נאָר ס׳נישטאָ וואָס צו רעדן. איך די בהמה פאַרקויף נישט. איך האָב מיט איר אַ סך חשבונות, מיט אונדזער בהמה. און איך האָב זיך גאָר עפּעס וואָס צו דערפרעגן ביי איר אויך. איך לייג עס נאָר אָפּ פון טאָג אויף טאָג, וואָרום קיינער וועט ביי מיר נישט אויפעסן. פון דעסט וועגן אַז שכנים קומען זיך אויף איר פרעגן, רייכע גויים שכנים קומען און טוען אַ פרעג: „צי וואָלט איך אָפּט מאָל נישט וועלן בייטן, אָדער פאַרקויפן מיין בהמה..." טוט עס מיר הנאה.

— מ־נו!... איך וועל זי דערווייל נאָך אפשר נישט בייטן.

און די קצבים, די פיך־הענדלער גיבן מיר אַלע מאָל אָפּ גרוסן: „דער און דער שכן וויל זי קויפן — אַ רייכער גוי"; „דער און דער שכן קוקט אויף איר — נאָך אַ רייכער גוי". און זיי זאָגן, אַז איצט איז אַ צייט פאַר איר אָפּנעמען גוטע געלט. וואָרום אין דער בהמה שטעקט גאָרנישט אַזאַ יחוס, — זאָגן זיי, — פּשוט אַ גוי האָט זיך איינגעשפּאַרט, ער וויל פאַרפירן גוטע פיך.

נו, מילא, די קצבים און די פיך־הענדלער ווייסן זיך זייערס — יידן ווילן פאַרדינען! און איך בין זיך מיט עפּעס שטאָלץ און כמעט מיט עפּעס באַלוינט און איך ווייס זיך מיינס.

— ניין, — ענטפער איך זיי, — איך וועל זי דערווייל אפשר נישט פאַרקויפן, — כאָטש דער יצר־הרע צו געלט איז גרויס און כאָטש די „קלוגע" וועט זיך אפשר שפּעט קעלבן היינטיקס יאָר, און כאָטש און כאָטש — אַ סך כאָטשן.

איך וואָלט נאָך האָבן אָן השגחה האַלטן די בהמה ביז חיהלע וועט ווערן אַ גרויסע און ביז איך וועל חיהלען חתונה מאַכן, און זי, חיהלע וואָלט אויך פאַר עפּעס געוווען געטריי דער בהמה... אויב נישט, זאָלן מיר כאָטש אָפּפירן פון איר אַ קיעלע...

און די צייט שטייט דערווייל נישט און קיין אַרבעט איז נישטאָ, כמעט פון נאָך די פּאָגראָמען אָן. דערפאַר, וואָס ס'איז נאָך בכלל אַ צעמישעניש צווישן די „וואָלאָסטן", איז אַלע קומען זיי און ווילן „קאָזשע" און די באַלע־באַטים אויף זיי קוקנדיק, צי זיי האָבן זיך מורא אַרבעטן, צי זיי האָבן שוין נישט מיט וואָס צו אַרבעטן. שטייען דערווייל די האַרבאַרניעס פּוסטע און מיט פאַרפרוירענע ביטן.

טאָ וואָס־זשע טוט מען פּאַרט? לעבן דאַרף מען דאָך!

און דערווייל הייבט מען אָן אונטערזאָגן אין שטוב אויך, אַז די בהמה גיט ווינציק מילך, זי פאַרלאָזט זיך און די מילך איז שוין געזאַלצן. פאַר חיהלעס וועגן איז עס נישט קיין מילך, און חיהלע איז שוין אָן עין הרע אַ קינד, וואָס ס'קומט איר „איר" חלק.

בקיצור, ווייטער אַלע אויף דער בהמה.

נו, העלפט דאָך נישט, אַז חיהלע דאַרף מילך און פאַר וואָס צו קויפן איז נישטאָ, וועלן דאָך נישט העלפן קיין מעשיות. דאַרף מען, הייסט עס, אויסבייטן די בהמה, און טאַקע אויף אַ פריש־געקעלבטער און טאַקע נעמען אַ פּאָר טויזנט רובל צוגאָב. אָבער איך ווייס זיך מיינס. די בהמה וועט דאָ זיין לעבן אונדז אַ שכנה און זאָל דורכגיין אַ יאָר, זאָלן דורכגיין צוויי יאָר, די בהמה וועט זיין צוריק ביי מיר.

איך האָב זיך געעצהט מיט נחומען, — זאָגט ער מיר אויך דאָס אייגענע, דער עיקר איך זאָל זי נאָר נישט פאַרנאַרן.

און ביי הערשלען דעם געלן, דעם פיך־הענדלער שטייט אַ קליין בהמהלע אין שטאַל, אַ פריש־געקעלבטע. וועט זי קאָסטן אין גאַנצן 6

הונדערטער. און די מילך איז געשמאַקע, הוילער פּוטער, — זאָגן זיי, וועט טאַקע דער זעלבער הערשל גיין צו מיכטאָדן און וועט אויספירן דעם שידוך.

און מיכטאָד פאַרלאַנגט איך זאָל אויך אַריינקומען צו אים אין שטוב אַריין (אַ ביסל הינטערן שטאָט קומט זי אויס, זיין דירה) און ביי אים איז אַ שטוב מיט כל טוב: מיט זין און מיט טעכטער, מיט שנירן און מיט אייניקלעך און אַלע זיי טוען אַרבעט. די גאַנצע אַרבעט פון שטוב און פון אַרום שטוב טוען זיי אַליין אויף.

בין איך זיי שטאַרק מקנא.

איין מאָל, פאַר וואָס זענען זיי אַלע אַזעלכע געזונטע מיט די זין און מיט די שנירן, מיט די טעכטער און די איידעמס — אַ קיין איינס נישט געמינערט, פאַרקערט, די משפחה פאַרגרעסערט זיך נאָך, אַזוי אין די שטאַלן ביי די שאָף מיט די רינדער, אַזוי אין הויף ביי די חזירים מיט די עופות און אַזוי אין שטוב, מיט דער שפע, מיטן געזונט און מיט די קינדס־קינדער. און אַלע האָבן זיי אַרבעט אי פאַר די באָלשעוויקעס, אי פאַר די פּאָליאַקן. און איך בין שוין גאָר אַן אַנדערער; נישטאָ אויף מיר קיין איין גאַנצער אבר. און איך פּלאָג זיך אַרום אין וויסטן ליידיקגייערשאַפט שוין דעם אַנדערן חודש און אַז מ׳וויל רעכענען איז שוין אַלע 6 חדשים פון דעם פּאָגראָם אָן. איינגעטונקען בין איך אין קרענקן און אין טויטן. איינגעטונקען און אויסגעווייקט, און איך בין נאָר אַ סימן, אַ בייזער געדעכעניש פון אַ מענטשן.

זיי קערן אויף מיר איצט געוויס האָבן רחמנות אָט־די לייט. וואָס איז? זיי פאַרשטייען דען נישט? זיי זענען דאָך כמעט שכנים, ערשט נעכטן זענען זיי דאָך כמעט געווען מיינע גלייכנס, און זיך מיט מיר אין איינעם געעצהט וועגן זאַכן...

טאָ זאָל איך זיך אפשר אויך אָנהייבן שניידן אויף אַ גוי?

אַזוי.

כדי די שטאָט זאָל מיך אַריינוואַרפן אין חרם, און כדי איך זאָל זיך אויסטון פון דער וועלט. און כדי איך זאָל תמיד האָבן אַרבעט און פאַר קיינעם נישט מורא האָבן. איך וואָלט זיך אויסטון פון אַלץ, וואָס ס׳איז

געווען מיט מיר ביז אַהער, איך וואָלט זיך אויסטון וואָלט איך נישט זיין צעבראָכן.

...נאָר וואָס? — איך וואָלט קיין פּאָגראָמען קיין מאָל נישט געמאַכט אויף קיין יידן, דאָס יאָ. איך וואָלט שוין קיין מאָל אויף קיינעם נישט געמאַכט קיין פּאָגראָמען!... ערגעץ ווייט פון מענטשן וועל איך וווינען אויף מיין שטיקל נחלה מיט מיין „געזונט" און מיט מיין שטוב... די האַק וואָלט ביי מיר געווען כסדר אַ שאַרפע און אַ גלאַנציקע אַזוי ווי אַ נייע, פון שטענדיק נוצן. אַרום הויף וועט ביי מיר שטענדיק זיין ריין. און די בהמה? אויב אַזוי וואָלט איך אפשר קיינעם נישט פאַרקויפן די בהמה אויך?!

און אויב נישט? — פרעסט מיך אויף די קנאה אָט־דאָ ביי מיכטאָדן אין שטוב זיצנדיק. אַלע זענען זיי גאַנצע, אַלע טוען זיי אַרבעט. און איך פיל אויף זיך נאָר זייער רחמנות, דעם רחמנות פון דער גאַנצער וועלט פיל איך איצט אויף זיך...

נאָר מיכטאָד איז נישט אויסן מיט מיר מאַכן איצט קיין פּאָגראָם־שטיק. ער האָט נאָר בדעה, מיר זאָלן צווישן זיך ווערן מחותנים, — די בהמה מיינע וויל ער דאָך אָפּקויפן און איך זאָל זי אים פון דעסט וועגן פאַרגינען, אויב איך פאַרקויף זי שוין יאָ...

און איר, דער וויב זיינער, זאָל איך זאָגן, וואָס קעלבט זי מיר מער, די קלוגע אונדזערע, ביקלעך, צי טעלעטשקעס? זי וואָלט עס וועלן וויסן.

— איך ווייס נישט אַקוראַט. איך? איך ווייס נישט אַקוראַט. זי איז דאָך ביי מיר ערשט דאָס צווייטע יאָר אין גאַנצן. פאַר אַ יאָרן געדענק איך, איז געווען אַ טעלעטשקע, אַ שיינע, אַ גרויסע און אין גאַנצן אַ שוואַרצע.

— מהם?

„און איך וואָלט זיי נישט וועלן אָפּנאַרן. זאָלן זיי אפשר פריער גוט באַקלערן".

— גוט. פאַר נאַכט, ווען די בהמה וועט קומען צום שטוב (זי גייט דאָך ערגעץ אום איצטער), וועט די אַלטע זיינע צוגיין. זי וועט זי אויסמעלקן און מ׳וועט זי פאַרנעמען צו אים אַהיים.

איר זעט? אַ פויער כאַפּט זיך נישט ציילן קיין געלט. אַ פויער איז

שטענדיק רויִק. ווען איך וואָלט קענען זיין כאַטשבי האַלב אַזוי ווי אַ פויער. כאַטשבי אַ פערטל! —

און... אויב זיין גויע וועט קומען פאַר נאַכט, וועט דאָך דאָס טאַקע אויסקומען אום פרייטיק פאַר נאַכט, ווייל היינט איז פרייטיק.

און מיר איז שווער זיך אָפּרייסן פון דעם גויס לאַנגער און זאַטער באַנק, פון אונטער די „אַבראַזן" מיט די האַנטעכלעך די באַהאַנגענע, פון די חזירשע און הינערשע קאָרעטקעס, וואָס פאַר מיינע פיס פּלאָנטען זיך דאָ אונטערן באַנק און אַרום אויוון. מיר איז שווער, איך בין דאָ אַזוי ווי אַ צוגעקלעפּטער. און בכלל בין איך אַזוי ווי אַ באַקלעפּטער מיט פּלוצעם־צעגאָסענע געלכענס פון אַ סך צעבראָכענע אייער, און אַז איך וועל זיך נאָר אַ ריר טון פון אָרט וועלן אַלע דערזען מיין שאַנד.

ווען איך ווייס, אַז די אייניקלעך מיט די שנירן וועלן פון מיר דאָ נישט לאַכן? דאָ איז, דוכט מיר, אַ שטוב אַ באַלעבאַטישע. און מ׳רעדט דאָ שטענדיק שטיל, איז אויב זיי וועלן נישט לאַכן, וואָלט איך זיך אויפגעהויבן אַבי ווי און איך וואָלט זיך ערגעץ אַוועקגעשלעפּט פון דאַנען.

איך האָב נאָך פון גאַנץ פרי אָן אין מיין מויל נישט געהאַט. דאָס בין איך אַלץ אַזוי פאַרנומען מיט מיין „בייטן די בהמות". מיט מיכטאָדן רעד איך „אַזוי" און מיט הערשלען דעם געלן (ביי דער שוואַרצינקער קליין בהמהלע) רעד איך „אַנדערש" — ווי זשע, אַ ייד האַנדלט.

ביי שלמה־לייבן שמעקן פון קוימען פרישע געפּרעגלטע קאַשניקעס. אפשר וועט מען מיר אין דער היים אויך דערלאַנגען אַזעלכעס צום איבער־בייסן.. די מאַמע וועט אויף מיר אָנשרייען, וואָס איך שלענדער זיך אום אַזוי אַ גאַנצן טאָג אָן עסן.

און אונטער די פיס קוואַטשעט זיך אַ דינע בלאָטקעלע און די זון איז שוין הויך און פרילינגדיק, די ביימעלעך אויפן וועג זענען שוין אַלע אָנגעזאַפּט מיט חיות, טאַקע טערפּקער, אָבער פון דעסט וועגן ליבער פאַר־פּסחדיקער פרילינג. און איך קוואַטשע שוין (מיט אַ פאַרקלעמטן איבער־געחלשטן האַרץ) די בלאָטע, די אייגענע, וואָס אַרום דעם טאַטנס הויפל.

ערשט ס׳רופט מיך אַ שוועסטערל פון אונדזער נאָסן און נידעריקן גאַנעק.

„ווּ בין איך עס אַהינגעקומען אויף אַ גאַנצן טאָג? חיהלע איז עפּעס שטאַרק נישט געזונט!".

— ווייס איך וואָס, — שריי איך אָן אויף צוריק — ביי אַ קינד וואָס ס'מאַכט זיך!

און צו זיך אַליין קלער איך אויך „זיי וועלן זיך אַליין דאָרט אַרומקוקן אויף חיהלען".

„איך וויל עסן, און וואָס איז? זיי זעען דען נישט, אַז איך בין פאַרטון?"

און אין שטוב האָב איך געגעסן גייענדיק און שטייענדיק אַ מאָגערן קאַשניק, און איך בין אפשר געווען לעבן וויגעלע אויך און אפשר אַלע צען מאָל. און די מאַמע האָט מיר דערציילט עפּעס זייער אומרויִק פון קינד.

און די מומע איז אַריין מיט אַ אונטערגעשטעקט קליידל (זאָל זיך נישט פאַרדריפּען פון דער בלאָטע) און זי זאָגט, אַז ס'שוין, דוכט זיך, דורכגע־גאַנגען. ס'נישט־דאָ־געדאַכט אַ קינדערשע שלאָפקייט. און זי שפּייט אויס, דאָ פאַר אונדזערע אויגן.

און חיהלע איז נעבעך בלייך, ווי די וואַנט, נאָר זי לאַכט שוין צוריק און זי שפּילט זיך שוין.

— דער פעלדשער, — גיט איבער מיין שוועסטער, — האָט אויך געזאָגט, אַז ס'שוין איבערגעגאַנגען.

— האָט איר שוין דאָ, הייסט עס, גערופן דעם פעלדשער אויך?

— נו, ווי דען? פון וואַנען ביסטו עס געקומען? פון וואַרשע?

און דאָס, וואָס די שוועסטער און די מאַמע דערציילט, איז גרוילנדיק. און רחלע איז אַזוי בלייך און דערשראָקן, און זי הערט זיך איבער אַ נייס צו צו דעם וואָס מיינע לייט דערציילן. אָבער אַ דאַנק גאָט אָבי ס'שוין דורכ־געגאַנגען, און זאָלן זיי מיך נישט טשעפּען איצטער, וואָרום איך בין דאָך פאַרנומען מיטן בייטן די בהמות.

„טאָ וואָס־זשע זאָגן זיי אין שטוב?" (וועגן אַלץ האָב איך ליב זיך פריער אָנפרעגן אין שטוב) „אַז מיכטאָד גיט אַזוי פיל און אַזוי פיל און דאָס שוואַרצע בהמהלע גיט אָן עין הרע פיין מילך — אויך אַ שיינינקע כודאָבינקע,

און די מאַמע האָט דאָך שוין זי געזען, די שוואַרצינקע... און ס׳העלפט נישט. מ׳דאַרף אָפּקאָנטשען...״

און איך שלעפּ זיך אַוועק אַ מידער און אַ דערשלאָגענער צו הערשלען דעם געלן. אין דרויסן איז נאָך אַלץ אַ זון, אָבער עפּעס כאַפּט זי גאָר איצטער אַן אָנבליק אָן אַ געלער, אַ קראַנקער ווייבל, פון וועלכער ס׳רינט אָן אָן אויפהער אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר און איך דאַרף זיך איצט מיט אָט־דער־אָ פּרוי צוליב עפּעס באַגעגענען און פילן איר קלעפּיקע נאַענטקייט אויף זיך...

אַהאַ? די „קלוגע״ אונדזערע וועט זיך געוויס באַליידיקן, ווען מ׳וועט ברענגען די שוואַרצינקע, זי וועט זיך נאָך שלאָגן מיט הערנער אויך. פאַר דערפאַר אָבער וועט די שוואַרצינקע קומען מיט אַ קעלבעלע...

און שוין צו ליכט בענטשן כמעט, האָבן מיר געטויטשעט די בלאָטע אויף צוריק וועגס צו אונדז אַהיים, איך מיט הערשלס יינגל, מיט דער שוואַרצער בהמהלע, וואָס מיר פירן אויפן בלאָטיקן איינגעריכטן שטריקל. און מיטן קעלבעלע.

מילא, אפשר וועט זיך אין דער היים עמעצער פרייען מיטן קעלבעלע. אפשר די קינדער, צי ווער. ס׳גלאָט ווער האָט עס אין זינען. אפשר רחלע וואָלט זיך געשפּילט. צי וועט איר אויך באַנג טון פון אונדזער בהמה?

און מיכטאָדעכצע וואָרט שוין אויף מיר: אָן מיר לאָזט מען איר נישט, זי זאָל מעלקן די בהמה. — „אַ פרעמדע גויע זאָל נישט אָנטון קיין כישוף״ — פּראָים!

און אַזוי ווי די בהמה אונדזערע וועט זיך סיי ווי נישט לאָזן פירן אויפן שטריקל (זי איז נישט פון דעם צענדליק), דאַרף איך זי אָפּפירן אַהין מיט אַ ביסל היי אונטערן אָרעם. נאָך מיר וועט זי נאָכגיין, זי וועט סקובען אַזוי דאָס היי און נאָכגיין, וווהין איך וועל זי נאָר פירן. טאָ לאָמיך איצטער אויסנוצן, הייסט עס, איר שוואַכקייט און זי „פאַרראַטן״, אונדזער קלוגע...

ביי מיכטאָדן אין דער היים איז אָוונט און ס׳איז אין דער וואָכן און ביי אונדז אין דער היים איז שוין, מ׳שטיינס געזאָגט, שבת. פון נאָך די פאַגראָמען אָן האָבן שוין ביי אונדז די שבתים דאָס שיינע פּנים. נאָר מילא, אַ פּאָר קויטיקע חלבענע ליכטלעך ברענען דאָך ביים טיש.

און אַלע אין שטוב האָבן זיך שוין אַרומגעפּאַרעט און מ׳וואָרט שוין

נאָר אויף מיר מיט וועטשערע. אויפן שיינעם זון מיטן סך נחת, וואָס מ׳האָט פון אים, וואַרט מען איצט מיט וועטשערע, נו, נו...

און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן די קאָרענע קוילישלעך, און מיר האַלטן שוין דעם ערשטן ביסן אין מויל. ווי פון אַלקער לויפט אַריין רחלע מיט אַ דערשראָקענער ידיעה, אַז חיהלע האָט זיך ווייטער פאַרקאַטשעט, חיהלע איז שוין ווייטער נישט געזונט!

נאָך־מיר־נאָך וואָלט מען מעגן אָבי ווי אַזוי אָפּעסן און אָראָפּפּטרן די וועטשערע. נאָר דער טאַטע, די מאַמע און די קינדער זענען שוין מער ביי אונדז אין אַלקער ווי דאָ ביים טיש. און איך בלייב, ווי ס׳ווייזט אויס, איינער אַליין ביים טיש זיצנדיק מיטן שבתדיקן נישט־צעקייטן ביסן אין מויל. און אַלע זאַכן אין שטוב הייבן אָן אָפּגלאַנצן אַנטקעגן מיט קויטיקן, אַלט־געבויגענעם מעש, וואָס קופּערצט און שוויצט. און אַן אימה באַפאַלט מיך. איך ווייס נישט פאַר וואָס.

און אַז איך קום שוין אויך אַריין אין אַלקער צו אונדז, דאָרט, ווו אַלע זענען — ליגט דאָס קינד אין וויגעלע און ס׳פּינעט, ס׳האַלט אויפגעדריקט די קולעקלעך און ס׳וואַרפט זיך אין אַ אויפגעקלעמטער, אומדערבאַרעמ־דיקער שטומעניש. גאָר אַזוי? —

אונדזערע קוקן זיך איבער דערשראָקענע צווישן זיך, דערנאָך קוקן זיי אויף מיר. טאָ וואָס־זשע קוקן זיי אויף מיר — ווייס איך נישט, וואָס איז? ביי מיר איז עפּעס אָנגעשריבן אַזעלכעס אויפן שטערן, צי איך קען דאָ עפּעס העלפן? און מ׳קלאַפּט אָן פון אונדז „צו זיי״ אין וואַנט. קומט מען אַריין פון דער מומע. ס׳קומט אַריין דער זון דער אלמן, פּיניעלעס טאַטע. און גלייך נאָך אים קומט אַריין די מומע אַליין. און די מומע שפּייט ווייטער אויס פאַר אונדז אין די אויגן און זי זאָגט אויף געוויס, אַז ס׳איז די „קינדערשע שלאַפקייט״. און מ׳דאַרף איבערדעקן, זאָגט זי, די וויג מיט אַ טלית און מיר זאָלן צעברעכן אַן ערדענעם שאַרבן איבערן קינדס קאָפּ, אָדער אַ טעפּל אַן אַלטס און מיר זאָלן זיך נישט מורא האָבן דאָס טון. ס׳איז אַ סגולה...

דער טלית איז אויך אַ מיאוסע זאַך אויף איינדעקן מיט אים אַ וויג,

נאָר אַ טאָפּ צעברעכן איז שוין גאָר ווילד. מ׳קען דאָך מיט דעם אַליין הרגענען אַ מענטשן.

— דעם טאָפּ, — זאָגט די מומע, — אַזוי ווי ס׳שבת, מעג מען אָפּלייגן און נישט צעברעכן. „שטעלט אים נאָר אַנידער אונטערן וויג". מ׳האָט דאָס גלאָט געדאַרפט פון נאָך ביי טאָג. וואָס איז? זי האָט דאָך באַלד געזאָגט, באַלד ווי זי האָט דערזען!

און אַלע שטייען מיר אויף די שפּיץ־פינגער און מיר בייטן זיך נאָר אַלע ווילע מיט די ערטער, אי די עלטערע, אי די יינגערע — אַלע ביי אונדז אין קליינינקן אַלקערל.

ס׳איז זי, אָט דאָס קליינע מיידעלע, אָט־די חיהלע, וואָס אָט־אָ, דאָס האָט זי אונדז פאַרגעבן אַזאַ שווערע קשיה אויף צום פאַרענטפערן, אויף צום לייזן. און מיר אַלע, גרויסע און גרעסערע, דאַרפן דאָ שטיין און שטוינען.
— טאָ זאָלן אפשר טאַקע רחלע מיט די קלענערע קינדער גיין שלאָפן, וואָס וועלן זיי דאָ שטיין?



„זעט איר שוין, אַז אַזאַ קליין נפשל מוטשעט זיך שוין אַזוי פיל צייט! אַזאַ עופעלע, און ס׳איז „אים" שווער זי בייצוקומען?! באַהיט זאָל מען ווערן!

דאָס איז מיין טאַטן אַזאַ חידוש, וואָס איינעם אַן עמעצן, אַ מערדער אַזאַ מיט אַ לאַנגן חלף, וועלכן מיר זעען נישט דאָ פאַר די אויגן, איז אים שווער בייצוקומען אונדזער פּיצינקע חיהלען. נאָר מיר מישן זיך, הייסט עס, נישט, מיר דאַרפן נאָר זיין זייטיקע עדות פון דעם געראַנגל.

און ביי מיין טאַטן באַמבלט זיך שוין אַ געדאַנק אין קאָפּ, אַ נייע שטיקעלע דערפאַרונג, וועלכע ס׳וועט אים אויסקומען שוין נישט איין מאָל דערמאָנען ביי אַן ערנסטן געשפּרעך. און נישט פון זאַכן, וואָס ער האָט אויסגעקלערט, נאָר, וואָס ער האָט אַליין געזען מיט זיינע אויגן. ס׳האָט זיך פון אים אַוודאי געצאַפּט בלוט, נאָר ער האָט געמוזט זיין דערביי...

און אַז ס׳איז שוין איינס אַ זייגער פרייטיק ביי נאַכט און אַלע שלאָפן

שוין (ווער דאָ און ווער דאָרט), חוץ מיר מיטן טאַטן, און דאָס קינד פּינעט אַלץ און ס׳מאַטערט זיך מיט די קולעקלעך אין וויג אונטערן טלית, קלערט זיך דער טאַטע (ער קלערט עס אויף אַ קול און צו זיך אַליין), אַז וואָס „ס׳דאַרף״ זיין „וועט״ זיין. און אויב אַזוי אַזוי — און אַזאַ פּיצל האָט דאָך אויף זיך געוויס קיין זינד נישט — טאָ נעכיי וואָלט עס געווען גיכער, ווארום ער קען דעם רחמנות נישט צוזען פון אַזאַ פּיצל קינד...

דערפאַר איך פון מיין זייט קלער שוין גאָרנישט. נישט „גיכער״ און נישט „נישט־גיכער״. מיר איז נאָר עפּעס מיאוס: וואָס אַ טלית; וואָס ס׳פּינעט; און וואָס קולעקלעך, טאַקע די זעלבע קולעקלעך. נאָר ווען ס׳איז איין ביסעלע אַנדערש... און פאַר וואָס זאָל עס נישט אַ ווייַן טון? נישט אַ הוסט טון? פאַר וואָס זאָל עס אַלץ ביי דעם גיין אונטער אַזאַ שטומען נויט־שווייס? און מיר איז געווען שטאַרק מיאוס.

און... אַרום דריי אַ זייגער ביי נאַכט האָט שוין עמעצער פון אונדז צווייען געמעגט גיין שלאָפן, ווייל אין וויג איז שוין געווען שטיל. און דאָס בלייכינקס, דאָס גלעלינקס איז שוין געווען פאַרהילצערט און אין גאַנצן אויף דורך און דורך אַ „מת״. און ס׳איז שוין געזינקען אין אייביקן שלאָף מיט פריקרע אויפגעדריקטע קולעקלעך.

פון קיך האָט עפּעס געגעבן אַ שאָס:

מיר האָבן זיך אומזיסט דערשראָקן, ס׳איז געווען גאָרנישט. ס׳איז געווען, ס׳איז געווען דאָס פלעשעלע מילך, וואָס מ׳האָט אריינגעשטעלט אין פאַרמיגע פון חיהלעס וועגן אָנוואַרעמען און מ׳האָט עס פאַרגעסן אַרויסנעמען. און אין פאַרמיגע איז דאָך פרייטיק צו נאַכטס הייס, אַזוי ווי אין אַ קאַלך־אויוון, האָט עס געפּלאַצט, דאָס פלעשעלע. נו, ס׳גאָרנישט.

דער טאַטע האָט נאָך געוואָלט איבערפרעגן: „וואָס־זשע וועלן מיר טון אָן אַ פלעשעלע?״

ס׳אַ נאָר דער טאַטע איז: „דאַרף מען דאָך שוין נישט דאָס פלעשעלע, אויב אַזוי!״

און אין דער פרי האָט זיך די בהמה אַזוי ווי פון אַ ביקס געבראַכט צו יאָגן צוריק צו אונדזער הויף אָן אָנגעפּוזשעטע און אַ צעשראָקענע. די

קינדער זענען אַריינגעלאָפן מיר זי פאַרמסרן, אַזוי ווי זי האָט דאָ עפּעס שלעכטס אָפּגעטון.

און אַ גאַנצן טאָג שבת איז געווען דעם עולם דערווידער אַריינגיין צו אונדז אין אַלקערל. און ווער ס'איז אַריין, איז אַריין אַהין אויף די שפּיץ־פינגער, און נאָר איינער האָט געדאַרפט דעם גאַנצן טאָג נישט אַרויס פון דאָרט, דאָס האָט מען אפשר געמיינט מיך.

און שבת ביי טאָג האָט מיך געוואָלט זען, טאַקע ביי אונדז אין שטוב האָט זי מיך געוואָלט זען, מיינע אַ יינגערע חברטע, אַ מיידל — שפרה. זייער גוט, וואָס זי איז נישט קיין געניטע, שפרה, און וואָס זי האָט מיך געוואָלט זען, און וואָס ס'איז ביי אונדז אין אַלקערל, וווהין מיר האָבן קיינעם נישט אַריינגעלאָזן חוץ איך און זי, און דאָס, וואָס אין וויגעלע.

און דער טאָג האָט זיך מיר פונקט נישט אויסגעצויגן.

און זונטיק אין דער פרי איז געקומען די אַלטע חיימיכע מיט די ווייסע פאַרדריפּעטע מאַנסבילשע שטיוול, שטיוול נאָר פון אַ קברות־מאַן. און מ'האָט פון אירעט וועגן געשטעלט אַ סאַמאָוואַר. זי האָט געדאַרפט מאַכן חיהלען די לעצטע באָד.

און אויב באָדן חיהלען, טאָ פאַר וואָס עפּעס חיימיכע? און נישט פון שטוב עמעצער אזוי ווי שטענדיק. און אויב זי איז איצטער אַנשטאָט אַ באָבע, חיימיכע, איז ווער וועט איר וואַרפן אין מולטער אַריין קופּעל־געלט? האַ?! קיינער וועט נישט וואַרפן?! און איצט נאָך איין פראַגע: וויפל צייט, טעג, צי וואָכן, וועט מען דערנאָך זיך מיאוסן ביי אונדז אין שטוב פון דער מולטער? (איך וואָלט זיך דער ערשטער געמיאוסט!).

און פון אונדזער שטוב אויך האָט דער אַלטער טעוויע אַוועקגעטראָגן אַ קליין ווייס פּעקעלע אונטערן אָרעם און (לאָמיך זיך נישט מאַכן גרויס) איך בין נאָך אַליין אומגעלאָפן אין שטאָל אים זוכן אַ דין ברעטעלע, אַ דינס און אַ נייס. איך האָב דאָס נאָך אַליין אים געהאַקט מיט אונדזער טעמפּער האַק. אַזוי האָב איך געהאַקט, ווי ער האָט מיר געוויזן: „אַזוי" און נישט „אַזוי"! יאָ, „אַזוי" און נישט „אַזוי"! וואָרום דער אַלטער טעוויע ווייסט בעסער...

איז שפרה, וואָס איר שטוב איז אין מיטן שטאָט, איז זי כאָטש געש־טאַנען אין פענצטער און געקוקט, בעת טעוויע איז דורכגעלאָפן די גאַס מיט

אַ ביי־ווייס פּעקעלע אונטערן האַנט? און זי האָט געוווּסט פון וואַנען ער לויפט? יאָ? און איצט, ווו נעמט מען נאָך אויף אַ רגע אַ שטיקל שליח צו בראָשקען, צו מיינער. איך וואָלט איר דאַרפן מודיע זיין וועגן עפּעס אַ מינדסטער קלייניקייט. נו, וועגן אַ „פּרט" און ס׳נישטאָ וועמען שיקן אויף דער פרישער שעה.

...יאָ, און כאָטש דער טאַטע איז געקומען פון שול מיט אַ נייס, אַז היינט גייען אַריין 6 הונדערט פּאָליאַקן אין שטאָט און ער וועט אפשר גיין צו מאַטיען איבערזיצן דעם טאָג, צו מאַטיען דעם שוסטער...

— וואָס איז עפּעס צו מאַטיען — האָבן מיר אַלע געמאָנט לאָגיק. — וואָס איז? מאַטיע איז קיין ייד נישט? און מ׳האָט אים קוים איינגערעדט ער זאָל איבערזיצן אין שטוב; וואָס ס׳וועט זיין מיט אַלע יידן, וועט זיין מיט אונדז אויך!

און כאָטש אין שטאָט זענען גאָר, אַ דאַנק גאָט, אָנגעקומען נישט קיין פּאָליאַקן, נאָר פּאַרקערט, אַ פּאַרפלייצעניש מיט באָלשעוויקעס, פון אמת דימענטענע מענטשן און ס׳וועט שוין אַ היפּש שטיקל צייט געוויס זיין „ספּאָקאָינאָ" (ביי אונדז אין שטוב אַליין זענען שוין דאָ דרייסיק מאַן, אי פּעכאָטע, אי קאָנע, אי קאַוואַלעריע מיט האַרמאַטן. די האַרמאַטן וועלן אַפילו שטיין נישט ווייט פון אונדז) פון דעסט וועגן איז ביי דער מומע אין שטוב געוועזן אַ טונקלקייט אויף די ווענט און אַ פּוסטקייט אין אַלע חדרים.

זיי האָבן שוין דאָרט נישט געהאַט קיין קלאָפּאָט מיט פּיניעלען.

און ביי אונדז זענען אויך ביי איטלעכן אָפּגעלאָזן די הענט (אונדזערע געסט ווייסן נישט, פון וואָס דאָ רעדט זיך, זיי קוקן אונדז אָן, זיי ווייסן נישט, אַז...) — דאָ וועלן מיר שוין אפשר אויך מעגן שלאָפן גאַנצע נעכט רויִק און אומגעשטערט, ווייל נישטאָ זי שוין אויך אין דער היים, „זי", אונדזער קליינינקע חיהלע!

# אויסגעוואַקסן

## (די געשיכטע פון אונדזער גערטל)

### 1. אַ פרישער ווינט

סאַראַ מין געשמאַק ווינטעלע ס׳האָט זיך דאַן דערפילט אויפן גאַנצן אַרום און אויך ביי אונדז.

באַלד ווי מיר זענען אויסגעלייזט געוואָרן פונעם פריסטאַוו מיטן קאַנטשיק און פונעם פריץ מיט זיינע הינט, האָבן מיר פריי אָפּגעאָטעמט. די פויערים האָבן אָנגעהויבן טיילן די ערד צווישן זיך. אַ סך יידן פון דער אָרעמשאַפט זענען איבערגעגאַנגען אויף ערדאַרבעט, און מיר האָבן פאַר גרויס פרייד אויך פאַרנומען אַ שטיקל ערד ביי דער שטוב.

אין אַ פרייען פרימאָרגן איז אַרויסגעגאַנגען דער טאַטע אין שטאַל. ער האָט אָפּגעקליבן צווישן דעם אַלטן האָלצוואַרג אַ דרייסיק־פערציק דרענגלעך און האָט גענומען פאַרצוימען פאַר די פענצטער פון שטוב אַ מין הויפל, אָדער גערטל, וואָסערע זעקס קלאַפטער די לענג און צוויי די ברייט.

מיר, חברה, זענען אַרומגעלאָפן העלפן דעם טאַטן. ווער עס טראָגט אים אונטער דעם גראָבאַייזן, ווער עס האַלט אים אונטער דעם סטויפּטשיק אין גריבל, און ווער עס דערלאַנגט דעם טאַטן אַן אַלטן אויסגעגלייכטן צוויאָק אויף צו פאַרקלאַפּן דעם לאַנגן שווערן דראָנג.

דער טאַטע טוט זיין אַרבעט שווייגנדיק. די מאַמע קוקט זיך אום אַלע מאָל מיט מורא, אַז טאָמער האָבן מיר זיך נאָך צו פרי אַ לאָז געטאָן אָפּצוימען „אייגענע ערד”. און מיר, קליינוואַרג, קוקן זיך צו צו די עלטערן און סטאַרען זיך, מיר זאָלן נישט טומלען מערער, ווי ס׳פּאַסט אין אַזאַ ערנסטער שעה.

ס׳איז צוגעגאַנגען דער שכן אונדזערער מיראָש — אַ הויכער פויער,

זייער אַ פֿאַרמעגלעכער. ער האָט פינף זין, איז יעדערער די הייך אַזוי, ווי ער, און אפשר נאָך אַ קאַפּעטשקע העכער.

— דאָברי דיען, פּאַני לייבקאָ, — זאָגט ער צום טאַטן.

— דאָברע זדאָראָוויע, פּאַני מיראָש, — ענטפערט אים דער טאַטע מיטן זעלבן און ער טוט זיך ווייטער זיין אַרבעט.

געשטאַנען, געשטאַנען אַ ביסל מיראָש, דערנאָך האָט ער פֿאַררויכערט די ליולקע, אויסגעשפּיגן מיטן שיטערן שפּייעכץ און איז אַוועקגעגאַנגען.

די מאַמע איז אַרויסגעלאָפֿן און האָט גיכער אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס האָט ער געוואָלט, דער בעל־גוף?

—גאָרנישט, — האָט דער טאַטע קורץ געענטפערט.

— ער האָט זיך דערשראָקן. ער מיינט, ס'וועט אים זיין קאַרג?

— ווער הערט אים! — האָט דער טאַטע געענטפערט.

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז צוגעגאַנגען צו אונדז כוועדער דיאַמטשיכעס, אויכעט אַ שכן אונדזערער. נאָר ס'איז שוין נישט מיראָש. ער האָט אַ זון מיט אַן אײדעם, דינען זיי ביידע אין דער רויטער אַרמיי, און אַז מ'קומט אויף אַ סכאָד, שעמט ער זיך נישט, כוועדער, און רעדט אַלץ, וואָס ער וויל. ער קוקט נישט, וואָס די רייכע בלאָזן זיך אויף אים.

— ד—אָ—ברע! — האָט ער זיך האָפֿערדיק אָנגערופֿן צום טאַטן און אַרויסגענומען פֿון מויל דעם נאַסן ציבעק.

— דאָברע זדאָראָוויע, סוסידע, — האָט אים דער טאַטע געענטפערט. דערביי האָט ער זיך אויסגעגלייכט אויף אַ ווײַלע, האָט אַוועקגעשטעלט דעם גראָבאייזן אַן אַ זייט און גענומען פֿאַרדרייען זיך אַ ציגאַר פֿון מאַכאָרקע.

— אַז דו צוימסט שוין, — האָט כוועדער אַ וויַיז געטאָן מיט דער האַנט אַרויף צום וויהאַן־צו, — האָסטו דאָך געמעגט פֿאַרנעמען אַ ביסל ברייטער.

— איך דאַרף נישט קיין סך, — האָט דער טאַטע געענטפערט. — מיר איז גענוג, אַבי קיין חזירים זאָלן נישט שטופּן די מאָרדעס אין פֿענצטער אַריין. — דער טאַטע האָט צוגערויכערט ביי כוועדערן דעם ציגאַר זיינעם,

האָט אָנגעשפּיגן פריער אויף איין האַנט, דערנאָך אויף דער צווייטער, און זיך אָװעקגעשטעלט גראָבן. כּוועדער איז געשטאַנען אַ ביסל און געפּיפּקעט די ליולקע. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעוואָרפן זיין קוצאַק — די קורצע סוויטקע — און האָט אויכעט גענומען העלפן דעם טאַטן צוקלאַפּן די דרענגלעך.

— נישקשה, ס'איז נישט מיראַש, — האָט די מאַמע שפּעטער איבער־גערעדט.

— נו, — האָט איר דער טאַטע געענטפערט, — מיראַשקע האָט דאָך אַזוי ליב די מלוכה, מעג אים אַזוי ליב זיין דאָס העמד אויפן לייב.

— ער זאָל קאָנען, — זאָגט די מאַמע, — וואָלט ער איטלעכן דער־טרונקען אין אַ לעפל וואַסער.

מיר האָבן געקוקט אויף די עלטערן און זיך געוווּנדערט. — אָבי מיר האָבן געטענהט, אַז אַלע, אַן אויסנאַם זענען צופרידן מיט דער רעוואָלוציע.

## 2. אַ ייד צו אַ יידן איז נישט גלייך

דאָס שטיקל אָפּגעצוימטע ערד פאַר די פענצטער האָט אויסגעזען זייער מאָדנע. ס'האָבן געשטאַרצט עטלעכע שיטערע גרעזלעך, ווו־נישט־ווו האָבן זיך געוואַלגערט שטיינער, שטיקלעך גלאָז, קופּקעלעך אַש און מיסט.

וואָס איז עס? — אַ גערטל? נישט קיין גערטל... אַ הויפל? נישט קיין הויפל.

לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז טאַקע געווען אַ גערטל. דער טאַטע האָט צוגעסטראָיעט אַהין אַ טירעלע, און אַלע פאַר נאַכט, אַז ער קומט פון דער אַרבעט, קלייבט ער אויס און גראָבט אויס פון דאָרטן די שטיינער. אַנדערע שטיינדלעך זענען דריבנינקע, ווי די קאַרטאָפּעלעך די גרייס, קלייבט זיי דער טאַטע אין אַ קערבעלע, און אַנדערע זענען גרויסע און לאָזן זיך נישט אַרויסנעמען, פּונקט ווי מיראַשעס זין, וואָס לאָזן זיך נישט איינ־רעדן, אַז די רעוואָלוציע איז אַ גוטע זאַך.

— טאַ צע טאַבי, לייבקאָ, ווזשע זעמלי זאַכאַטילאַסיאַ? (האָט זיך דיר שוין גאָר פאַרוואָלט, לייבקע, ערד, אין מיטן דרינען?) — טוען זיי אַ זאָג מיט אַ שטאָך.

איין מאָל איז דורכגעגאַנגען חיים־יונה דער שניטקרעמער. זיין קאַזע בערדל האָט ביי אים זייער מאָדנע אַרויסגעקוקט פון אונטערן שאַליק, מיט וועלכן עס זענען ביי אים געווען אַרומגעבונדן די באַקן — די ציין האָבן אים, ווייזט אויס, ווי געטאָן. אַ סך פון די שטאָטלייט, אַז זיי גייען אין שפּיטאָל אַריין, קומט זיי אויס דורכגיין פאַרביי אונדזער שטוב.

— זע נאָר, לייבקע, — שטעלט זיך אָט דער חיים־יונה אומיסטן אָפּ פון יענער זייט פּלויט, — דו ביסט דאָך עפּעס אַ יידיש קינד, טאָ צו וואָס זאָל זיך דיר גלוסטן אַזעלכע זאַכן?

דער טאַטע האָט אויף אים אַ מאָדנעם קוק געטאָן. ווייזט אויס, אַז ער האָט אים פּאַר עפּעס נישט ליב געהאַט, אָט דעם חיים־יונהן, און ער זאָגט צו אים:

— ר׳ חיים־יונה, איך בין שוין נישט קיין קינד...

— הער נאָר, הער נאָר! — האָט זיך שוין יענער מיט פאַרדראָס אָנגערופן און זיך אַזש צוגעהאַלטן פאַר דער אונטערגעבונדענער באַק. — ווער זאָגט עס, חלילה, אַ קינד? אדרבה, אָבער אַ ייד ביסטו דאָך?!

דער טאַטע האָט ווייטער לאַנג, לאַנג אָנגעקוקט דעם רייכן יידן. מיט איין פוס איז ער געשטאַנען אויף דער ערד, און מיט דעם צווייטן האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם גראַבאייזן.

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, ר׳ חיים־יונה? — האָט זיך דער טאַטע צו אים אָנגערופן. — אַ ייד צו אַ יידן איז נישט גלייך!...

אָט דאָס־אָ דערהערט, איז יענער אַוועקגעלאָפן, ווי אַן אָפּגעבריטער. פון דער ווייטנס האָבן מיר געהערט, ווי ער בורטשעט און רעדט צו זיך אַליין די גאַנצע צייט:

— גלייך!... נישט גלייך!... האָסטו געהערט אַ ביסל? ס׳שטייט אים נישט אָן... איך האָב אים אָנגערירט דעם טאַטנס יחוס. נו, נו! קיינער האָט צו דיר נישט! ווילסט נישט, דאַרף מען נישט... דאַרף מען נישט... דערלעבט יאָרן מיט באַלמעלאָשקעלעך. שוין די אמתע באַלמעלאָשקעלעך געוואָרן!...

אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אפשר האָט אים דער טאַטע נישט

געדאַרפֿט אָפּענטפֿערן אַזוי גראָב. אָבער אַז מיר האָבן דערזען, מיט וואָס פֿאַר אַ חשק דער טאַטע האָט זיך צוריק געכאַפּט צו דער אַרבעט און ווי אַזוי די גאַנצע צייט זינגט ער זיך מיט אַ שמייכל אין דער באָרד, זענען מיר שוין אויך געוואָרן צופֿרידן מיט דער מעשה. וואָרעם מן־הסתם וויסט ער שוין, דער טאַטע, וואָס ער האָט צו טאָן. מיר האָבן נאָר אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז מיר ווילן אים עפּעס בעטן אַ זאַך.

— פֿאַר די שטובפֿענצטער וויל איך אָנזעצן קווייטן. — האָט זיך הינדע איינגעשטעלט און איז צוגעגאַנגען צום טאַטן די ערשטע.

— קווייטן? — האָט זי דער טאַטע איבערגעפֿרעגט, — גוט, קאָנסט אָנזעצן קווייטן.

— און פֿאַרן אַלקער־פֿענצטער וויל איך איינפֿלאַנצן אַ בוים, — האָט זיך שוין הערשל אויך אַרויסגעכאַפּט.

— אַ בוים?... גוט, קאָנסט איינפֿלאַנצן אַ בוים, — האָט דער טאַטע אים געענטפֿערט מיט דער זעלבער פֿאַרטראַכטקייט.

— בעסער צוויי, — האָט זיך הערשל גלייך פֿאַרכאַפּט, — איינעם אַן עפּלבוים און איינעם אַ באַרנבוים.

— פֿון מיינעט וועגן קאָנסטו אפֿילו דריי...

— אויב דריי, וויל איך איין ביימל אַריינזעצן פֿון בעז, — האָט הינדע אויסגערופֿן מיט פֿרייד.

### 3. מירן שוין וויסן...

הינדע און הערשל האָבן זיך געלערנט אין דער אַלטער שול, וואָס האָט זיך שוין איצטער גערעכנט פֿאַר אַ נייער.

דאָרט איז נאָך אַלץ געווען פֿאַרוואַלטער זאַגרודאָוו, דער לערער מיטן פּירעקיכן צוגעשווירעניעם בערדל, וואָס איז שוין געווען גרוי אַרום און אַרום. דער זעלבער זאַגרודאָוו מיט די באַנקעוואַטע אויגן, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ גרויען קאָליר. שוין אפֿשר פֿערציק יאָר, אַז ער וווינט אָט דאָ אין שול גופֿא, און ס׳איז שוין אפֿשר פֿערציק יאָר, אַז ער איז דאָ אין שול פֿאַרוואַלטער. נאָר איצט איז ער שוין אויך געוואָרן אַ נייער. ער האָט נאָך איידער עפּעס אַראָפּגעכאַפּט דעם קיסרס בילד פֿון וואַנט

און עס פאַרשטעקט אויפן בוידעם ערגעץ. אַ בילד פון דער רעוואָלוציע האָט ער צוגעזאָגט אויפהענגען דאָן, ווען ס׳וועט זיך שוין איינשטעלן די נייע מאַכט.

— ווען מ׳וועט שוין וויסן, — זאָגט ער, — אַז דאָס איז עס.

און אויף אונדזער שטעטל פלעגן טאַקע אין יענער צייט אַלע מאָל אָנפאַלן באַנדעס מיט פעטליוראָווצעס.

די באָלשעוויקעס, אָט־אָט קומען זיי — ווערט אונדז פריילעך, און אָט־אָ גייען זיי אַוועק — ווערט צוריק אומעטיק.

האָט שוין אויך הינדע נאָכגעזאָגט זאַגרודאָווס ווערטער:

— מ׳זאָל שוין וויסן, — זאָגט זי, — אַז דאָס איז עס.

וואָס זי האָט געמיינט מיט די־אָ ווערטער, איז נישט יעדערן פאַר־שטענדלעך. אָבער מיר, קינדער אין שטוב, האָבן גוט געוווּסט, וואָס זי מיינט.

ס׳זענען געווען עטלעכע פויערים בעלי־גופים אין שטעטל — זייער ביטערע און זייער שלעכטע. איז אַלע זונטיק פלעגן זיי זיך אָנשיכורן און נעמען אומגיין איבער די הייזער צו די מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעצאַמט אַ שטיקל ערד. זיי קומען צו גיין און שרייען און קלאַפּן אין טיש, אַז ס׳איז נישטאָ מאַכן אַליין קיין „סאַמאָפּראָווסטוועס״, ס׳נישטאָ זיך צוימען אַליין ערד.

און שרייען האָבן געשריען אַזעלכע בעלי־גופים, וואָס האָבן געהאַט ערד מערער פון איטלעכן, וואָס האָבן די ערד אי גערירשנט, אי אָנגעגנבעט, אי אויסגעגנאַרט פאַר אַ קלייניקייט ביי זייערע אָרעמע שכנים.

און ווי די באָלשעוויקעס פלעגן אַרויסגיין פון שטאָט, אַזוי פלעגט אָט די קאָמפּאַניע אַלע זונטיק זיך אָנשיכורן און אָנטאָן איטלעכן צרות, דערפאַר וואָס מ׳האָט נישט געפרעגט ביי אַזעלכע „אָנגעזעענע שטאָט־באַלעבאַטים״, ווי זיי זענען, צי מ׳מעג זיך צושטעלן אַ שטעלכל צום שטוב, צי ניין; צי מ׳מעג פאַראַקערן נאָך אַ בייט ערד אויף צו פאַרזייען קאַרטאָפל, צי ניין.

דאָס גערטל אונדזערס איז שוין געווען צעגראָבן, די אויסגעוואָרצלטע שטיינער זענען אַלע געלעגן פון יענער פלויט ברוגזע און צעכעסטע,

אַזוי ווי די צעכעסטע בעלי־גופים, וואָס פלעגן זיך אויפקלייבן אין אַ רעדל און שווייגן דענסטמאָל, ווען די באָלשעוויקעס זענען געווען אין שטאָט.

זיי שטייען אַלע אין מיטן מאַרק־פּלאַץ, גרויע, ווי די דאָזיקע שטיינער, וואָס ביי אונדז פון יענער זייט פלויט, מ׳רייכערט, מ׳כעסט זיך און מ׳שווייגט.

און אַז דער טאַטע טוט אַ פרעג ביי אונדז:

— ווו זענען אייערע ביימעלעך ?... אייערע קוויטן ?...

ענטפערט הינדע מיטן לערער זאַגרודאָווס ווערטער:

— ווען מיר זאָלן שוין וויסן, — זאָגט זי, — אַז דאָס איז עס...

הערשל איז יינגער פון איר. קוקט ער הינדען אין די אויגן און זאָגט איר אויך נאָך, כמעט דאָס זעלבע:

„מירן שוין וויסן, — זאָגט ער, — און דאָס איז עס".

וואָס זיי האָבן געמיינט מיט זייערע ווערטער, איז זייער קלאָר:

הינדע האָט געמיינט, אַז פאַרזעצן קוויטן וועט זי דעסטמאָל, ווען זי וועט שוין וויסן, אַז „דאָס איז עס". דאָס הייסט, אַז די באָלשעוויקעס וועלן שוין קיין מאָל נישט פאַרלאָזן אונדזער שטאָט, און דאַן וועט זי נישט דאַרפן ציטערן. און הערשל האָט איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער אירע נאָר אַ ביסל אַנדערש:

„מירן שוין וויסן — זאָגט ער — און דאָס איז עס!"

קענטיק, אַז הערשל איז געווען איינגעגלייבט מער פון איטלעכן, אַז ווען די באָלשעוויקעס וועלן זיך איינפאָרען מיט אַלע שונאים, וועלן זיי שוין בלייבן ביי אונדז די גאַנצע צייט. די בעלי־גופים מיט די באַנדעס וועלן שוין מער קיין קאָפּ נישט הויבן. וואָרעם ער זאָגט עס טאַקע, ווי אַ געוויסע זאַך:

— מירן שוין וויסן, — זאָגט ער, — און דאָס איז עס.

## 4. אַ כמאַרע מיט אַ טאַנץ

ביי אונדז איז געשטאַנען אַ פּיאַטעריק בראָנפן באַהאַלטן אין שאַפע שוין אפשר דריי חדשים צייט, און אַלע מאָל, ווען מיר האָבן זיך אין אים

אַנגעשטויסן, האָבן מיר נישט געוווּסט, צו וואָס דאָס איז, וואָרעם דער טאַטע אונדזערער איז נישט קיין שיכּור, די מאַמע נישט קיין שיכּורטע, און מיר, קינדער, האָבן אַוודאי נישט ליב געהאַט קיין בראָנפן — ס׳ביטער.

איין מאָל אין אַ ווינטערטאָג, איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, אַז יענעם אײַנדערפרי האָט אונדז די מאַמע געגעבן געוויִיקטע סקאָרינקעס מיט זויערמילך אויף אָנבײַסן. געוויִיקטע סקאָרינקעס פלעגן מיר עסן דאַן, ווען ס׳פלעגט בײַ אונדז אויסגיין ברויט, און בײַ די שכנים איז אויך נישט געווען קיין ברויט אויף צו לײַען, און דעם פרישן ברויט וועט מען אַרויס־נעמען פון אויוון ערשט שפּעטער, אַרום איינס אָדער צוויי אַ זייגער בײַטאָג. דאַן פלעגט זי אויפקלײַבן באַזונדער ווו ערגעץ אַ סקאָרינקע. די צוגע־ברענטע פלעגט זי אָוועקלייגן באַזונדער און די גוטע פלעגט זי אָנווייקן אין וואַסער און דערנאָך באַגיסן מיט זויערמילך. האָבן מיר עס געגעסן אויף אָנבײַסן. ס׳איז דווקא געווען נישט אַזוי געשמאַק, נאָר דערפאַר, וואָס עס איז אַנדערש, ווי אַלע מאָל, און דערפאַר, וואָס עס איז ווייניק, פלעגן מיר אויפעסן די „וואָרעניקלעך״ און בעטן נאָך.

איז עס געווען ווינטער און ס׳געווען זונטיק, ווײַל ברויט פלעגן מיר מערסטן טייל באַקן זונטיק אויף אַ גאַנצער וואָך. געדענק איך, ווי איך גיי אין מײַן ברודערס פּאַלטאָ מיט די לאַנגע אַרבל און אײַנעם טאַטנס שטיוול, וואָס שנײַדן מיר אין בויך און אין די קנעכל. שלעפּ איך זיך איבערן טיפן שניי פון מלכּה רינטשיקס הויף, — איך האָב געזען, ווי זיי קלײַבן זיך עסן וואָרעמס, האָט זיך מיר אין מיטן דרינען אויך פאַרגלוסט עסן, און כאָטש ס׳מיר געווען אומעטיק אַוועקצוגיין, האָב איך דאָך פאַרמאַכט מיטן לאַנגן אַרבל ביידע טירן דער שכנהס — די קיכטיר מיט דער הויזטיר, — און איך שלעפּ זיך אַהיים.

אויפן וועג באַגעגן איך בײַ אַ פינף פויערים, הויכע, גרויסע, בייזע. בײַ אײַנעם איז די באָרד אַ געלע, די אויגן געלע, די באָרד אַ שטעכיקע, די אויגן — שטעכיקע, דאָס מויל — אַ נעסט פון בייזע צעבעסטע זיד־לערײַען, וואָס פליען פון דאָרטן אין מיטן דער דרויסנדיקער קעלט. האָב איך שוין פאַר זיי זייער מורא. אָבער איך שלעפּ פון שניי די אָראָפּפאַלנדיקע

שטיוול און רוק זיך פון דעסט וועגן נעענטער צו דער הים. די בעלי־גופים ריידן הויך. און איך האָב מורא: אַט־אָ גייען זיי טאַקע, די בעלי־גופים, צו אונדז אין שטוב אַריין. זיי לאָזן אָפן אין מיטן ווינטער — אַלע טירן. שיקט די מאַמע אַ קינד אונדזערס אויף פֿאַרמאַכן גיכער די טיר. גיי איך שוין מיט זיי אין איינעם אַריין.

דער עלטסטער מיט דער געלער באָרד און מיט די געלע אויגן פֿרעגט:

— דע כאַזיאַין? — ווו איז דער באַלעבאָס? — כאָטש ער זעט דווקא זייער גוט, אַז דער טאַטע וואָשט לעבן מולטער די הענט — ער איז ערשט געקומען פֿון דער אַרבעט וואַרמעס עסן.

— כטאָ דאַוו יעוורעיאַם פּראַוואָ אָבטשעסטווענו זעמליו זאַניאַטי? — ווער האָט עס געגעבן די יידן רעכט, זיי זאָלן פֿאַרנעמען די ערד, וואָס געהערט צו דער געמיינדע?

דער טאַטע האָט געשוויגן. די מאַמע און די קינדער זענען געווען בלייך ווי די וואַנט.

פֿון אַט די פֿינף הויכע און ברייטע, ווינטערדיק־אָנגעפּעלצטע בעלי־גופים איז גאָר מיט אַ מאָל געוואָרן פֿינצטער אין שטוב. עס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער שטוב אונדזערער אַ גאַנצע כמאַרע.

— די ערד איז געווען פּריצישע, — ענטפֿערט דער טאַטע איינגעהאַלטן.

— נישט פֿאַר די יעווריייעס אָנגעגרייט געוואָרן, — מאַכט סטאַהדאָט מיט דער שטעכיקער באָרד. ווי ער צעעפֿנט עס נאָר זיין מויל, אַזוי נעמען פֿון דאָרט פֿליען זידלערייען, ווי די מיאוסע פֿייגל, איינס נאָך איינס, מיט אַ קראַקעריי, און זיי מאַכן שטיקנדיק די לופֿט.

— יעווריעיאַם, — מאַכט ווייטער סטאַהדאַטקע, — פֿאַר זיי איז אַן אָרט אין פּאַלעסטינע. דאָ גיט איך קיינער קיין ערד נישט!

דער טאַטע איז געוואָרן אין כעס און געוואָלט עפּעס ענטפֿערן, אָבער די מאַמע האָט אים אָנגענומען פֿאַרן אַרבל און געזאָגט האַלב אויף יידיש און האַלב אויף אוקראַאיניש, כדי זיי, די בעלי־גופים, זאָלן פֿאַרשטיין.

— טראָג אַריין, — זאָגט זי, — טשאַלאָוויטשע, אַן אוהאָשטשעניע פֿאַר די שאַנאָוונע כאַזיאַינעס וועגן.

די בעלי־גופים זענען גלייך געוואָרן ווייך — כאָטש לייג זיי צו אַ מכה, חוץ איין סטאָהדאָט. דער, אפילו ווען ער לאַכט, שטשירעט ער אויס די ציין, ווי אַ וואָלף. און איצט לאַכט ער דאָך נאָך נישט, איצט זאָגט ער, אַז אַ ייד האָט קיין רעכט נישט צוצובויען עפּעס צו דער שטוב, אפילו קיין צוויאָק אין וואַנט טאָר ער נישט פאַרקלאַפּן פון דרויסן.

— און טאָמער איז ענג? — רופט זיך שוין איינער אָפּ מיט אַ שמייכל, ווייל ס׳האָט אים אַ שמעק געטאָן פון דער מאַמעס ווערטער מ׳יט אַ גוטן טרונק בראָנפן.

— אויב ס׳איז זיי ענג, וועלן זיי זיך אַ ביסל צוענגען, יידן האָבן רעכט בויען נאָר אויפן קוימען.

און ס׳זידט פון אים, פון סטאָהדאָטן, און ער קלאַפּט אַלע מאָל מיט די קולעקעס אין טיש, ציטערט דאָס גלעזל אויפן הענגלאָמפּ, ציטערן די שויבן אין די פענצטער, און ביי או׳נדז, קינדער, קלאַפּן די ציין אין מויל.

דער טאַטע האָט נישט געוואָלט טראָגן די „אוהאָשטשעניע״ פון זייערט וועגן, איז די מאַמע אַליין אַוועק צו דער שאַפע און אַרויסגענומען דעם פיאַטעריק בראָנפן.

אַ פּאָר בעלי־גופים האָבן זיך גענומען ווישן די וואָנצעס און זיך אויס־זעצן אַרום טיש.

סטאָהדאָט האָט נאָך נישט געענדיקט זיינע אַרויסזאָגעכצן וועגן יידן, פאַר וואָס מ׳דאַרף זיי י׳אָ געבן רעכט, און פאַר וואָס נישט, אָבער ער איז שוין אויך געוואָרן מילדער ביים אויסזען פונעם ביטערן און לויטערן געטראַנק, וואָס בויטעט זיך אין די ליכטיקע גלעזערנע ווענטלעך.

און זיי האָבן זיך אַנידערגעזעצט טרינקען און פאַרבייסן מיט געזייערטע אוגערקעס, מיט אָנגעשניטענע ציבעלעס און מיט פרישן ברויט, וואָס די מאַמע האָט נאָר וואָס אָפּגעבאַקן.

זיי טרינקען אויס דעם בראָנפן, טוען אַ קרעכץ מיט פאַרמאַכטע טרערנדיקע אויגן, און מעפּאָדי דער לאַנגער זאָגט:

— נישקשה, לייבקע איז אַ גוטער „זשידאָק״, זאָל ער זיך אַוועקשטעלן ביים שטוב אַ פּלויטל.

דעם טאַטן פאַרדריסן אָבער אַזעלכע גוטע רייד, און ער ענטפערט, אַז אַזוי ווי ס'זענען דאָ קריסטן אַלערליי, אַזוי זענען דאָ יידן אַלערליי:

— דעם רייכן, — זאָגט ער, — דאַרף מען אַוועקשטעלן צום רייכן און דעם אָרעמען — צום אָרעמען, ערשט דענסטמאָל וועט מען וויסן פון אַ חשבון.

אין שטוב האָט זיך איינגעשטילט אויף אַ ווײַלע, די בעלי־גופים זענען געוואָרן פרייליכער, זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן פון וועלטזאַכן. הינדע זאָגט שטילינקערהייט און מיט האַרץ.

— אַט דעם דאַזיקן, — זאָגט זי, — וואָלט איך דערשטאָכן, — און זי ווייזט אויף סטאַהדאָטן. אָבער סטאַהדאָט שטייט אויף מיט זיינע גרויסע פיס און גראָבע שטיוול. ער הייבט אָן זינגען מיט די צוגעמאַכטע אויגן אַ ליד זייער הויך, העלפן אים די בעלי־גופים אונטער.

פון דער שכנהשער שטוב קומט מען אַריין קוקן... אין אַלקער אויף דער וואַנט איז געהאַנגען דער שכנהס אַ גיטאַרע, האָט מעפּאַדי זי אַראָפּגענומען מיט זיינע האַרטע הענט, וואָס ווילן זיך נישט בייגן, און ער האָט גענומען טרומקען אויף איר. ביי סטאַהדאָטן איז פון דעם ווילדן, שטעכיקבאַוואַקסענעם פּנים געגאַנגען אַ זידל־געזאַנג. ער האָט געהויבן די געזונטע און גראָבע שטיוול — האָפּ־האָפּ — איבערן דיל. און מיר האָבן שוין אַזוי געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין, אַז אפילו דאָס פּלויטעלע לעבן שטוב איז אונדז נישט געווען ליב.

מעפּאַדי דער לאַנגער איז געקראָכן צום טאַטן זיך קושן.

— לייבקאָ, — זאָגט ער, — סטראַי, זאָג איך דיר! שטעל אַ פלויט. אַ רוח זאָל דעם טייוול אין די קישקעס אַריין. ביז אָן־אַ העט־אַרויף צו יענע סטאַניעס!

סטאַהדאָט העפּעט מיט זיינע געזונטע שטיוואַלעס, די הענט אונטער דער סוויטע אונטערגעלייגט אויף הינטן, און ער זאָגט שוין הויך:

— פּאַזוואָליאַיו — איך דערלויב, — לייבקאָ!

דאָס וואָרט „פּאַזוואָליאַיו" איז עפּעס אַזוי ברייט, אַז אונדזער שטוב מיט דער נידעריקער סטעליע איז צו קליין. האָט די מאַמע אויפגעעפנט די טיר

אויף אין דרויסן אַרויס. די שכנים, ווי זיי האָבן דערזען אַן אָפענע טיר, האָבן זיי זיך גענומען אַהין שטופּן. סטאַהדאַט האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש. ער האָט אויסגעזייט דאָס לעצטע ביסל בראָנפן פונעם גרויסן גלעזערנעם בוטל און געגעבן אַ קלאַפּ מיט פויסט איבערן טיש:

— ניע פּאָזוואָליו! — איך וועל נישט דערלויבן! — יעוורעיאַם ניע פּאָזוואָליו!

די געזונטע פּיסיילעס אין די שטיוואַלעס בייגן זיך, אַזוי ווי זיי האַלטן קוים אויף זיך דעם שיכורן סטאַהדאַטן. און ער אַליין ווייסט דאָך שוין נישט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז. האָט אַ חבר זיינער אים גענומען אונטער דער האַנט, און זיי זענען די לעצטע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

מיר האָבן צוגעקליבן פון שטוב די נעץ מיט דער אומריינקייט. מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט עסן וואַרעמס ביי אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ. די קינדער האָבן פון דער לייכט אַ כיכיקע געטאָן, ווי אַזוי מעפאַדי דער לאַנגער האָט געשפּילט אויף דער גיטאַרע. נאָך גוט, וואָס נישט צעבראָכן, און סטאַהדאַט מיט די איידעלע פיסעלעך האָט געטאַנצט...

דער טאַטע אָבער איז געווען אומעטיק און האָט אויסגעזען ווי פאַרמאַטערט. צו דער אַרבעט איז ער שוין נישט געגאַנגען, און די מאַמע האָט אים געטרייסט:

— ס׳רשעים, — זאָגט זי, — מוז מען זיי איבערשווייגן. דאגה נישט, ס׳וועט אויף זיי קומען זייער צייט.

## 5. פונעם שיינעם יאָדער אַרויס

מיר קענען אַ ליד, וואָס די מאַמע זינגט אונדז:

פונעם שיינעם יאָדער אַרויס
איז אַ שייניק בלעטל אַרויס,
דאָס בלעטל פונעם יאָדער,
דער יאָדער פון דער ערד,
אַזוי איז באַשאַפן הימל און ערד.

דערנאָך גייט, אַז פונעם שיינעם בלעטל אַרויס איז אַ שייניק צווייגל

אַרויס, פונעם שיינעם צווייגל אַרויס איז אַ שיינינקביימל אַרויס, פונעם שיינעם ביימל אַרויס איז אַ שיינער עפּל אַרויס. דער עפּל פונעם בוים, דער בוים פון דער צווייג, די צווייג פון דעם בלאַט, דער בלאַט פונעם יאָדער, דער יאָדער פון דער ערד... אַזוי איז באַשאַפן הימל און ערד.

איז טאַקע איין מאָל, ווען שלמה, אונדזער האָרעניער פריינד, פון דעם דאָרף האָרעניע, האָט אונדז געבראַכט אַ פּאַטשיילע מיט עפּל פּאַר אַ מתנה, האָט דער טאַטע אויסגעקליבן דעם צייטיקסטן עפּל, ווו די יאָדערן האָבן זיך אינעווייניק געבאָמבלט, ווי די טרוקענע ניסלעך, האָט צעשניטן דעם עפּל אויף זיבן חלקים, יעדערן אין שטוב זאָל זיך אָננעמען אַ ריפּטעלע פונעם עפּל, און די יאָדערן האָט ער צונויפגעקליבן, כדי זיי פאַרזעצן אין אַ טעפּעלע מיט ערד.

— אויב דער עפּל איז געווען אַזאַ גוטער, — זאָגט ער, — וועט פון די יאָדערן אויסוואַקסן אַ גוטער עפּלבוים.

אָבער הערשל מיט בראָשקען האָבן אים געזאָגט, אַז דערויף וועט אויסקומען צו לאַנג וואַרטן. מ׳קאָן פּשוט קריגן ביי אַ שכן אַ ביימעלע, אפילו אַ פראָסטינקס, און עס איבערזעצן אַהער. דערנאָך, אַז דאָס ביימעלע וועט זיך צונעמען און ס׳וועט אַ ביסעלע אונטערוואַקסן, דאַרף מען אָפּ־שניידן דאָס ביימל כמעט האַרט ביי דער ערד און אינעם געבליבענעם שטיקל שטאַם איינשטשעפּיען אַ צווייגל פון גאָר אַ גוטן בוים, און ס׳וועט זיין אי גיכער, אי בעסער.

דער טאַטע אונדזערער האָט פון קינדוויז אָן געהאָרעוועט, און קיין ביכער האָט ער נישט געלייענט. אָבער אויב די קינדער פלעגן אים עפּעס דערציילן פון די ביכער אַ גלייכע זאַך, פלעגט עס ביי אים זיין אָנגענעם.

אָט דער־אָ געדאַנק מיט צושטשעפּיען ביימלעך איז אים אויך געפעלן געוואָרן, האָט ער אויסגעזוכט ווייט אין פעלד אַ פּאָר פּראָסטע עפּלביימלעך, און איין מאָל גאַנץ פרי איז ער אַהין אַוועק. ער האָט זיי פאָרזיכטיק אויס־געגראָבן און געבראַכט אַהיים.

הערשעלען האָט באַנג געטאָן, וואָס דער טאַטע האָט אים נישט אויפ־

געוועקט און נישט גערופן מיט זיך. דערפאַר ביים איינפלאַנצן די ביימלעך האָט ער שוין געהאָלפן אַלצדינג דעם טאַטן.

הערשל האָט געוואָלט, מ׳זאָל פאַרזעצן דאָס ביימעלע וואָס נעענטער צום פענצטער אָדער צו דער וואַנט.

ער האָט דערביי געהאַט אַ מיין:

אַז עס וועלן אויסוואַקסן גוטע עפּל, זאָל נישט קומען פּלטיאל דער מומעס, אָדער ניקיפאָר אוליטעס, אָדער גלאַט יינגלעך, און זיי זאָלן נישט אַראָפּטרייסלען. אָבער דער טאַטע האָט געלאַכט פון אים.

— דו מיינסט, — זאָגט ער, — אַז דו וועסט אייביק זיין אַ קליין יינגל און דאָס ביימל וועט אייביק דאַרפן ווינציק פּלאַץ... ס׳וועט דורכגיין אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און דאָס ביימל וועט זיך צעוואַקסן, טאָ וווהין וועלן זיך אַהינטאָן די צווייגן?

און דער טאַטע מיט הערשעלען האָבן אַנידערגעשטעלט די ביימלעך דווקא לעבן סאַמע פּלויטל און דווקא ווייט איינס פונעם צווייטן.

— איבער אַ יאָר פרילינג, — האָט דער טאַטע צוגעגעבן, — אַז מירן איבערשיטן דאָס פּלויטל, וועלן מיר זען, אַז דעם ביימעלע זאָל ווערן אַ ביסל גראַמער.

הערשל, אַזוי ווי ער איז שוין געשטאַנען אַנגעבויגן און אַריינגעשאַרט מיט די הענט די דינע צעריבענע ערד צוריק אין גריבעלע אויף די וואָרצלען, אַזוי האָט ער אויסגעדרייט דעם האַלדז מיטן פּנים אַרויף צום טאַטן. ער האָט אַ קוק געטאָן דעם טאַטן גלייך אין די אויגן מיט אַ גוט געלעכטערל, ווי איינער מיינט:

— ע, ס׳אַ קלוגער דו ביסט! דאָס ווילסטו אָפּרוקן דאָס פּלויטל אויף אַ פּאָר אַרשין ווייטער?...

אָבער דער טאַטע האָט אים געענטפערט אויך מיטן זעלביקן פריילעכן בליק, ווי איינער מיינט: „דאגה נישט".

און גוט איז דעם טאַטן געווען אויפן האַרצן סיי ווי, וואָרעם ערשט נעכטן איז ער געקומען שפּעט פון אַ פאַרזאַמלונג, מ׳האָט געקליבן אַ

„סאַיוז" — אַרבעטער־פאַראיין, — און דעם טאַטן האָט מען אויך אויס־געקליבן.

## 6. דאָס גערטל

הינדע — די קוויטן אירע האָט זי אָנגעזייט צווישן טאָג און נאַכט. מיר האָבן נישט געזען כמעט, ווען זי האָט עס אָפּגעטאָן. פאַר ביידע פענצטער פון שטוב און פון אַלקער. דערצו איז זי נאָך געגאַנגען צו זאַגרודאַוון, דעם לערער פון שול, און ער האָט איר דערלויבט אויסגראָבן אַ יונג ביימעלע בעז. ער האָט נאָך איר אַליין געהאָלפן. אַ ביימעלע אַגרעסן האָב איך אויסגעבעטן ביי ניקיפאָרן אוליטעס.

מיר זענען געווען זייער פריילעך פון דעם אַלעמען, אָבער די מאַמע האָט אונדז אַ ביסעלע קאַליע געמאַכט. צוויי מאָל האָט אונדז עפּעס די מאַמע קאַליע געמאַכט אין גערטל, נאָר זי האָט אָנערקענט איר פעלער. זי האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט מער אַזוי נישט טאָן, האָבן מיר איר שוין מער גאָרנישט נישט געזאָגט.

די קוויטן פאַרן פענצטער האָבן זיך אַזוי שיין צעוואַקסן: געלינקע בלעטעלעך מיט שוואַרצינקע הן־פינטעלעך און בלויינקע בלעטעלעך אויף פעסטע הויכע שטענגעלעך. אַזעלכע שיינע קוויטן. זיי האָבן אַזוי שיין געשמעקט און געשמייכלט צו אונדז, צו די נייע באַקאַנטע צו זייערע, שיער וואָס די רעדן נישט אויס:

„אָטעמט, קינדערלעך, די פרייע געשמאַקע ריחות. לערנט זיך וואַקסן און אָטעמט מיט דער פולער ברוסט, וואָרעם ווער איז צו אייך גלייך?..."

אוןווירקלעך, ווער איז צו אונדז געווען גלייך אין די יאָרן? יודעניטש איז צעשלאָגן, קאָלטשאַק דערהרגעט. נישטאָ קיין פעטליורע, נישטאָ קיין דעניקין. סטאַהדאָט מיט מיראַשן, חיים־יונה מיט מאיר־אשרן זענען אויס! זיי האָבן שוין נישט קיין דעה אויף אונדזער גערטל. חיים־יונה דער גביר און סטאָהדאָט דער בעל־גוף האָבן שוין בכלל קיין דעה נישט אויף גאָר־נישט. אַ דעה האָבן די רויטאַרמייער, אַ דעה האָט דער „רעווקאָם", דער „סאַיוז", דער „קאָמנעזאָם". אוי, איז אונדז געווען גוט! די קוויטעלעך

האָבן אונדז פאַרגונען אונדזער גוטסקייט, און מיר פלעגן זיך שפּילן אין גערטל שעהנווייז, אי שפּילן, אי אַרבעטן אַרום דעם. מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעזייט אַ בייטעלע מיט קאַרטאָפל, אַ ווינקעלע מיט סטרוטשע, אַ פּאָר קירבעסן, אַ בינטל זונענרויזן.

אָבער די מאַמע אונדזערע (איצט האָט זי שוין אַוועקגעוואָרפן אָט די שלעכטע געוווינהייט אירע) פלעגט אָפט נעמען אַ טאָפּ מיט אומריינער וואַסער, די, וואָס דער בהמה אין צעבער אַריין טאָר מען נישט גיסן און אַרויסטראָגן ערגעץ ווייט הינטער דער שטאַל האָט זי קיין צייט נישט, — פלעגט זי עפענען דאָס פענצטער און אַ כליופּע טאָן אין דרויסן אַרויס!...

דאַרף מען וויסן, אַז אויב אפילו דער דרויסן איז אַ פּראָסטער, אַ געוויינלעכער, איז דאָס אויך נישט קיין שיינע זאַך — גיסן אומריינקייט פאַר די פענצטער. היינט בפרט, אַז פאַר אונדזערע פענצטער איז שוין ביי אונדז נישט קיין פּראָסטער דרויסן, נאָר אַ שיין גערטעלע, מיט אַזעלכע שיינע, היימלעכע, פריינדלעכע בלומען, מיט אַזעלכע ווילע פאַרזייטע בייטעלעך, און מיט אַזעלכע שיינינקע יונגעביימעלעך, — איז ווי האָט מען עס אַ האַרץ צו פּליוכען אַהינצו שעפּעלעך מיט אומריינער וואַסער?...

האָבן מיר איין מאָל געזאָגט וועגן דעם דער מאַמען און אַ צווייט מאָל... דערנאָך, אַז מיר האָבן וויטער דערזען, ווי אַזוי די בלומען שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ברוגזע, באַליידיקטע און עפּעס אַזוי ווי זיי קערן זיך אָפּ פון אונדז, האָבן מיר שוין ווייטער פאַרשטאַנען, אַז ס'נישט אומזיסט, און מיר האָבן פון ס'ניי פירגעהאַלטן דער מאַמען. הינדע האָט זיך נישט איינגעהאַלטן און זיך אפילו צעוויינט, וואָרעם דאָס איז שוין טאַקע נישט קיין שפּילכל...

ערשט דענסטמאָל האָט די מאַמע צוגעזאָגט, אַז זי נעמט אויף זיך און זי וועט זיך אָפּגעוווינען פון דער־אַ מיאוסער מידה.

דאָס הייסט שוין, אַז זי אַליין האָט אָנערקענט, אַז ס'איז אַ מיאוסע מידה און מ'דאַרף זיך אָפּגעוווינען. דערפאַר האָבן מיר מיטן טאַטן גענומען אויף זיך אַן אויפגאַבע און מיר האָבן באַוואָרנט הינטער דער שטאָל אַ

קעסטל אויף מיסט אויסשיטן און אַ גריבעלע אויף אויסגיסן אומריינע וואַסער. אויב ריין, טאָ זאָל טאַקע זיין ריין אַרום און אַרום.

און אונדזער גערטל האָט זיך פאַרריכט. ביי אונדז האָט אַלץ געבליט, און ס'זענען געוואַקסן יונגע קאַרטאָפּליעס, און די מאַמע האָט קייעכעס — פּשעניטשקעס — אָנגעקאָכט פון די, וואָס מיר האָבן אַליין געזייט. זונענ־רויזן פלעגן מיר אָפּשניידן, געלע, צייטיקע קעפּ, און שיילן צוזאַמען מיט די חברים אונדזערע די שוואַרצע, זיסע יאָדערן. שפּעטער־צו, אין האַרבסט, האָבן מיר אָנגעטריקנט ווייסע יאָדערן פון די קירבעסן.

און ס'געווען פריילעך, אַ מחיה.

## 7. מיר שטשעפּען ביימער

אַז ס'זענען געוואָרן די ערשטע פּיאָנערן, האָבן הינדע מיט הערשעלען דאָרטן געהאַט אַ סך אַרבעט.

הינדע מיט הערשעלען האָבן זיך ביידע געלערנט גוט. ער — אין דער דריטער גרופּע, און זי — אין דער פערטער.

איין מאָל איז הערשל געקומען צו לויפן פון דער שול מיט אַ פרייד: איצט ווייסט ער שוין אַקוראַט, זאָגט ער, ווי אַזוי מ'דאַרף שטשעפּיען ביימער. ביי זיי אין גרופּע זענען זיי עס אַקוראַט דורך. זיי זייען דאָרטן אַ גאָרטן, זיי פלאַנצן אַ סאָד, און די עלטערע גרופּעס זייען אַלע זומער אין געוויסע טעג אַרבעטן אויפן שטיקל פעלד, וואָס מ'האָט אויסגעטיילט פאַר דער שול וועגן.

נאָך צווייגעלעך איז הערשל אומיסטן געגאַנגען אַנדערהאַלבן קילאָ־מעטער צום „הויפל" — אַזוי האָט ביי אונדז געהייסן דער גוט, ווו ס'האָט נישט לאַנג צוריק געהערשט דער פריץ באַראַניקאָוו און היינט איז דאָרט אַ ראַטווירט. אין סאַד זענען געווען די בעסטע עפּל, די בעסטע באַרן, און פּערשקעס, און וויינשל אַלערליי, סיי ווייסע, סיי רויטע (ווייסע וויינשל האָב איך דווקא נישט אַזוי ליב, רויטע זענען מיר בעסער געפעלן), און הערשל האָט געבראַכט צוויי שטשעפּעס, וואָס דער פאַרוואַלטער פונעם ראַטווירט האָט דערלויבט, מ'זאָל אים אַרויסגעבן.

אָוונטצייט האָבן דער טאַטע און הערשל געאַרבעט ביי די ביימלעך, און מיר האָבן געקוקט און ס׳האָט אונדז ווי געטאָן פאַר דער שווערער אָפּעראַציע, וואָס מ׳מאַכט די צווי ביימלעך. אוי, אַ שווערע, אוי, אַן ערנסטע! אָבער אַלץ איז פאַרטיק. די ביימלעך האָט מען אָפּגעשניטן אויף עטלעכע סאַנטימעטער פון דער ערד. דעם שטאַם האָט מען דורכגעשפּאָלטן, אַריינגעשטעלט אַהין די מיוחסדיקע צווייגעלעך, פאַרשמאָלצן מיט וואַקס און מיט פעטער ליים אַרום און אַרום די ווונדן. די גראָבע וואַקסענע ליכט האָב איך אייליק געבראַכט צו טראָגן פון שטוב, פון קיך־שאַפּקעלע. דערנאָך האָט מען פאַרבונדן מיט ווייסע שמאַטקעלעך די שלאָפּע ערטער אַזוי געטריי, מיט אַזאַ מיטגעפיל, אַז מיר זענען אַלע אַוועק פון גאָרטן שווייגנדיקע, נאָר צופרידענע: ס׳וועט זיך פאַרהיילן, די ווונדן וועלן גיך פאַרוואַקסן ווערן. איצט וועלן עס שוין זיין נישט קיין ווילדע פעלד־ביימעלעך, נאָר אמתע גוטע צוויי עפּלביימער.

אַ שאָד, וואָס מ׳האָט נישט אָנגעזעצט נאָך קיין ווינשל אויך...

## 8. ווידער איבער איר

זאַגרודאַוו איז נאָך איצטער אויך געווען אַ לערער אין שול, אָבער קיין פאַרוואַלטער איז ער שוין נישט געווען. און בילדער זענען געהאַנגען אין שול פון לענינען, פון מאַרקסן און פון ענגעלסן.

און ביי אונדז אין גערטל וואַקסט שוין אַ נייע זאַך — טריסקאַווקעס.

דער טאַטע האָט אָנגעזעצט אַ פּערטל בייטל מיט טריסקאַווקעס. און ער האָט געזאָגט, אַז אויף ווייטער צעזייען זיי זיך אַליין. וועט איבער אַ יאָר ווערן מער, און איבער צוויי יאָר — נאָך מער.

— און איבער פיר יאָר? — זאָגט הינדע.

— און איבער צען יאָר? — זאָגט הערשל.

און מיר זענען אַלע פריילעך.

איין מאָל האָבן מיר דערזען אין גראָז אַ קליין פּיצעלע ביימעלע, וואָס מ׳קען אַפילו נישט דערקענען גוט, צי ס׳איז אַ ביימעלע, צי ס׳איז אַ קרייטעכץ. אָבער מיר האָבן עס שוין דערקענט, און אונדזער כוועדער

דיאַמטשיכעס, וואָס ווייסט זייער גוט אויף ביימער, איז אומיסטן אַריין אַ קוק טאָן. מיר האָבן אים געבעטן, און ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ס׳איז אַ ווײַנשל ביימעלע. ווי אַזוי האָט זיך עס געקאָנט פאַרזייען אײנע אַליין? אָט דאָס איז שוין גאָר אַ חידוש. קיינער האָט נישט געזייט, און נאָ דיר גאָר אַ ווײַנשל־ביימעלע אין מיטן דרינען. עס איז פון רויטע ווײַנשל, צי פון ווייסע? און אפשר זענען עס גאָר קאַרשן? קאַרשן האָבן מיר אויך ליב.

אָבער ס׳האָט זיך געטראָפן אַ מעשה, וואָס דאָ איז שוין ווידער די מאַמע שולדיק.

אין האַרבסט, אַז מ׳האָט אַלץ אַרויסגענומען פון גערטל, און גראָז וואַקסט דאָ אויף די מעזשעס גוט, האָט די מאַמע געוואָלט, אַז די בהמה זאָל דאָרט אַרומגיין אַ פּאָר שעה און אַ הריזע טאָן די מעזשעס.

— אוי, איך זע שוין! דיר ווילט זיך זייער, זי זאָל פּטרן די טריס־קאָווקעס, — איז הינדע געוואָרן אין כעס פאַר אַזאַ מין אויפטו.

אָבער די מאַמע האָט זי פאַרזיכערט, אַז צו די טריסקאָווקעס וועט די בהמה אפילו נישט אַ שמעק טאָן.

גיי טו עפּעס מיט איר, מיט דער מאַמען, אַז זי שפּאַרט זיך איין. בסך־הכל איז גאָר דאָס טירל צו אַ שמאָלס. ווען די בהמה רוקט זיך דורך אין גערטל אַריין, רייבן זיך אירע ביידע זייטן ביי די ביישטידלעך, ביז זי הייבט אונטער אירע הינטערשטע פיס אויף אַריבערטרעטן דאָס הויכע שוועלכל...

ס׳איז דאָך געמאַכט געוואָרן פאַר מענטשנס וועגן און נישט פאַר קיין בהמות וועגן, מעגן זיי זיין אפילו אַזעלכע גוטע, אַזוי ווי אונדזער רויטע בהמה איז.

און די מאַמע האָט טאַקע געזאָגט אַן אמת. די בהמה איז דורכגעגאַנגען פאַרביי דעם בייטל טריסקאָווקעס און האָט אפילו קיין שמעק נישט געטאָן. דערפאַר האָט זי זיך צוגעכאַפּט צום זאַפטיקן גראָז אויף די מעזשעס און האָט געגעסן מיט אַזאַ חשק, אַז מיר זענען גאָר אַליין געווען צופרידן פון

אַזאַ מין טייער גערטל. אָבער איין זאַך האָבן מיר זיך נישט אַרומגעקוקט. די בהמה, אוי, אוי, אוי...

אַ בהמה בלייבט אַ בהמה. האָט זי דאָך אָפּגעסקובעט אַ שטשעפּע פון איין ביימעלע. שוין אַ גוטע, אַ צוגעוואַקסענע. די שטשעפּע האָט זיך האַלב אָפּגעבראָכן און האַלב איז זי געבליבן שטעקן... וואָס נאָך? — זי האָט אין איינעם מיטן גראָז אויף דער מעזשע אָפּגעגעסן דעם וויינשלבוים אונדזערן, וואָס מיר האָבן נאָך נישט געוווסט אַפילו, וועלכע ווײַנשל וועלן אויף אים וואַקסן. און שולדיק זענען מיר אַליין דווקא אויכעט געווען.

וואָס איז? מיר האָבן דען נישט געוווסט, ווי אַזוי אין אַ סך סעדלעך ביי אונדזערע שכנים שטייט יעדעס ביימעלע אַרומגעצוימט מיט אַ שטעקל־דיק פּלויטעלע אַ הויכס? ביי וועמען די שטעקעלעך זענען פּראָסטע, און ביי וועמען אויסגעפּאַרבטע. טאָ פאַר וואָס זשע האָבן מיר זיך נישט אָנ־געשטויסן, אויף וואָס דאָס איז, און נישט געמאַכט ביי זיך אויך דאָס אייגענע? דערווייל האָבן מיר אַרויסגעטריבן מיט כעס די בהמה. מיר האָבן איר געגעבן אַ האַק מיטן שטעקן איבער די קריזשעס, און זי האָט זיך קוים אַרויסגעשפּאַרט דורכן שמאָלן טירל, ווייל די זייטן זענען ביי איר געווען זאַטע, אָנגעגעסענע. אָבער פאַר וואָס האָט זי געטשעפּעט די ביי־מעלעך? דער מאַמען האָבן מיר אויך אָפּגעגעבן דעם אמתן גאַב.

— אויס! — האָבן מיר געזאָגט. — מערער די בהמה אין גאָרטן לאָזן מיר נישט! אויב דו ווילסט, זי זאָל זיך פּאַשען, טאָ שטיי און היט זי! די ביימעלעך זענען ביי אונדז טייערער.

— פון וועמען? — האָט די מאַמע געפרעגט מיט אַ שמייכל.

האָבן מיר זיך פאַרשעמט דערפאַר, וואָס מיר האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי איר אָפּצוענטפערן.

ערשט אויף מאָרגן, אַז הינדע איז געקומען פון שול, האָט זי געזאָגט דער מאַמען:

— ...פון דעם, וואָס די בהמה האָט זיך אָנגעגעסן מיט גראָז!...

די מאַמע האָט שוין פאַרגעסן און נישט געוווסט, פון וואָס הינדע רעדט צו איר.

— פון וואָסער בהמה? וואָסער גראָז? — פרעגט די מאַמע.

— זענען זיי ביי אונדז טייערער, — ענטפערט הינדע איר.

— ווער איז ביי דיר טייערער? — פרעגט ווייטער די מאַמע.

— ווער, ווער! — ענטפערט שוין הינדע מיט אַ פאַרדראָס אין קול.

— די ביימעלעך זענען ביי אונדז טייערער!... ווייסטו שוין?...

— פון וואָס?

— אוי, וואָס טוט מען מיט איר, — האָט זיך שוין הינדע גענומען שטאַרקער יאָדען, — פון דעם, זאָג איך דיר, וואָס דיין בהמה וועט זיך אָנעסן מיט גראָז...

— אַהאַ?! טו נאָר אַ קוק, — זאָגט די מאַמע, — וואָס עס ליגט איר אין זינען... נו, גוט... מ׳דאַרף זיך נישט יאָדען פון דער שוואַרץ־יאָר ווייסט וואָס. איך וועל שוין מער נישט...

## 9. אין וווּקס

ס׳זענען אַוועקגעגאַנגען יאָרן. די ביימלעך אין גאָרטן זענען געוואַקסן, און מיר, אויף זיי קוקנדיק, האָבן געטאָן דאָס זעלבע. צו זיי, צו די ביימלעך, האָבן מיר זיך שוין צוגעוווינט, און דאָס, וואָס מיר גופא ווערן אַלע מאָל גרעסער, — דאָס האָבן מיר אפילו נישט באַמערקט.

הינדע מיט הערשעלען זענען אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט זיך לערנען אין טעכניקום. די מאַמע האָט געזאָגט:

— מ׳דאַרף נישט פאָרן... אָט־אָ, — זאָגט זי, — בין איך נישט קיין געלערנטע, און מיר זענען, חלילה, אויך נישט ערגער פון לייטן...

דער טאָטע אָבער זאָגט:

— קינדער, הערט זי נישט. פאָרט, איך בין געוואַקסן נישט אין אַזעלכע צייטן, און איך האָב זיך אויך געריסן לערנען.

דערנאָך בין איך שוין אויך געוועזן מיט הינדען און מיט הערשעלען צוזאַמען. אין איין צימער האָבן מיר געוווינט. און אויף זומער פלעגן מיר קומען — ווער אויף איין חודש, ווער אויף צוויי און דריטהאַלבן — אַהיים.

די סטעליע האָט אונדז שוין אויסגעזען צו נידעריק אין דער היים

ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי הענגט איבערן סאַמע קאָפּ, אָבער מיר האָבן זיך אַלע מאָל געפרייט מיט אונדזערע אַלטינקע טאַטע־מאַמע, און זיי — מיט אונדז.

די מאַמע עפנט אויף גלייך דאָס פענצטערל אין גערטל אַריין. שטייען בלויע קווייטלעך און הויכע שטענגלעך און קוקן אַריין צו אונדז מיט אַזאַ אומגעריכטער פרישקייט און שמייכלען צו אונדז.

— דאָס זענען נאָך אַלץ יענע קווייטן, — זאָגט די מאַמע, — וואָס הינדעלע, אַ געזונט אין אירע הענט, האָט נאָך דענסטמאָל פאַרזעצט.

— זע נאָר? וואַקסן זיי, הייסט עס, אַליין, יאָר אין יאָר, און מ'פאַר־שפּאָרט זיי אַפילו איבערזעצן?

— אָבער דו פליוכעסט שוין נישט אויף זיי? — פרעגט הינדע מיט אַ געלעכטער.

די מאַמע האָט זיך אַזש באַליידיקט...

— וואָס רעדסטו, וואָס, קינד? פאַר וועמען האָלסטו מיך? איך וועל נעמען אַזאַ איידעלע זאַך, ווי קווייטן, און ליאַפּען אויף זיי דער רוח ווייסט וואָס? פאַרקערט. איך האָב ערשט יענעם חודש אַ ביסעלע זיי אַרומגע־שאַרט. איך האָב געקלערט — מיינע קינדערלעך וועלן קומען געזונטער־הייט, טאָ זאָלן זיי האָבן חיות. מיר זאָל זיין פאַר איך, טייערע קינדער מיינע! און די מאַמע שעמט זיך נישט אונדז קושן, כאָטש מיר זענען שוין גרויסע, און ס'איז זייער מאָדנע, וואָס זי טוט אַזוי.

פאַר אַ יאָרן קומען מיר צו פאָרן אַהיים, איך און הינדע. הערשל דאַרף ערשט קומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

הערשל לערנט זיך שוין פאַר אַן אַגראָנאָם. ער האָט זייער ליב די אַרבעט. נאָך אין דער היים, אין שול, פלעגט ער זיך זייער אויסצייכענען אויף שטשעפּעןביימער, אויף דערציילן וועגן בינשטאָקן, וועגן סילאָס.
אַז מיר זענען געקומען פאַר אַ יאָרן זומער אַהיים, מיר זענען נאָר אַראָפּ פון פור, מיר האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן איינצווואַשן פונעם זומערדיקן שטויב, וואָס מ'נעמט אויף זיך אָן פאַר די דרייסיק ווערסט, וואָס פון דער באַן, ערשט די מאַמע, אַנשטאָט דעם, זי זאָל אונדז אָנגיסן און גיכער

דערלאַנגען אַ גלאָז מילך, ווי זי טוט עס כסדר, האָט זי אונדז גאָר אָנ־גענומען פאַר די אַקסלען, און זי שטופּט אונדז צו דער דרויסנטיר...

— קומט, קינדער מיינע, — זאָגט זי, — קומט, וועל איך אייך עפּעס ווייזן.

מיר זאָלן כאַטש וויסן, וווהין זי שטופּט אונדז, צי אין שטאַל, צי צו דער מומע לאהן אין שטוב אַריין?...

מיר שטויסן זיך שוין אָן, אַז עפּעס וויל זי אונדז ווייזן אַ חידושימדיקס, אָבער גיי טרעף אַפּריער, וואָס זי מיינט אַזעלכעס... ערשט זי קערעווועט אונדז צום גערטל צו.

נו, גייען מיר אין גערטל.

דורכגעגאַנגען דאָס בייטעלע טריסקאַווקעס. הינדע שטעלט זיך אָפּ. זי האָט דערזען, ווי אַ רויטינק טריסקאַווקעלע קוקט גנביש אַרויס פון אונטער די טונקל־גרינע קיילעכדיקע בלעטער.

— ניין, ניין, — זאָגט די מאַמע, — ווייטער גייט.

גייען מיר ווייטער... דורכגעגאַנגען דאָס בייטל, וואָס די בהמה האָט דענסטמאָל געמאַכט כמעט פאַר אַ קאַליקע (ס'טוט אונדז נאָך איצט אויך באַנג), דורכגעגאַנגען דורכן מחיהדיק אָפּפרישנדיקן ביימעלע בעז, וואָס האָט שוין באַוויזן צוריק מיט טעלעכע וואַכן אָפּצובליען, אָבער ס'זעט נאָך איצט אויך אויס אַזוי שיין: די בלעטעלעך מיט די שפּיצן הענגען אַראָפּ, ווי די שיינע אוירינגלעך, און ס'שמעקט אַזוי געשמאַק, אַז ס'צעגייט זיך אַ חיות אין האַרצן. נו, אַז מיר זענען צוגעקומען צום צווייטן עפּלביימעלע, שוין צום גאַנצינקן, האָט די מאַמע אָפּגעלאָזן אונדזערע אַקסלען. איר בליק איז געווען אַ קוואַל פון פאַרגעניגן. זי נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון אונדזערע פּנימער.

— קוקט, — זאָגט זי, — קינדערלעך.

מיר הויבן אויף די אויגן.

— אוי, מאַמעלע טייערע! — האָט הינדעלע אויסגעשריען און אונ־טערגעטאַנצט. און זי האָט געכאַפּט קושן די מאַמע, און מיך, און דאָס ביימעלע.

אַזוי ווי אַ שיינע כלה אַ דאָרפישע, איז דאָסביימעלע געשטאַנען. ניין, נישט ווי אַ כלה, ווי אַ מאַמע אַ יונגע, און אויף יעדער צווייג — עטוואָס ליכטיקער פון די גרינע שמעקנדיקע בלעטער — הענגען עפּל. אמתע, גרויסע, שיינע עפּל. שוין באַלד צייטיקע!

— אוי, ס'אַראַ שיינע עפּל! אוי, אויף אַלע צווייגן!

און דאָס ביימעלע קוקט אויף אונדז אויך מיט אַזאַ מין שמייכלענדיקער צאַרטקייט...

— טייערע קינדערלעך, — זאָגט די מאַמע, — מיר זאָל זיין פאַר אייך! איר געדענקט כאָטש, ווי אַזוי מעפאַדי האָט געשפּילט אויף ביילקעס גיטאַרע און סטאַהדאָט האָט געטאַנצט? און איצט האָט דער טאַטע נישט געלאָזט זיך צורירן צו די עפּל, ביז די קינדער וועלן קומען.

— ווען הערשל זעט עס! — שטיי איך מיט אַ צעעפנט מויל און קוק אויפן בוים.

— פּ—ס—ס, — מאַכט הינדע, — הערשל האָט פּראַקטיקירט אין אַ ראַטווירט. זענען דאָרט פאַראַן סעדער — אפשר צו פופציק העקטאַר די גרויס!

דערנאָך איז געקומען דער טאַטע פון אַרטעל, און די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען:

— נו, זיי האָבן שוין געזען?

— געזען, געזען, — זאָגט הינדע, — איצט וועלן מיר נעמען און מיראָשן דעם קולאַק אויף צו להכעיס וועלן מיר אַריינשלאָגן אַ פּאָר סטויפּעס, און מירן דאָרט מאַכן אַ טיש מיט אַ באַנק...

— אויף מיראָשן ליגט שוין לאַנג אַ באַרג ערד, — זאָגט דער טאַטע, — און זיינע זין זענען שוין אויך נישט פון די גרויסע מיוחסים. ס'איז שוין נישט יענע צייטן, וואָס אַ מאָל. צוויי זענען גאָר ערגעץ פאַר־טראָגן געוואָרן דער רוח ווייסט ווו.

— און כוועדער? — טו איך אַ פרעג אַזוי ווי אין דער וועלט אַריין.

— כוועדער? — ענטפערט דער טאַטע מיט מערער אָפּשיי אין קול, — כוועדער איז שוין אויך נישטאָ. דערפאַר אָבער זענען די קינדער זיינע

אַוועקגעגאַנגען זייער הויך. סידאָר, דער אײדעם, איז ערגעץ אין קאַראַסטען אין „טשערוואָני סקאָטאַר״. איך האָב געהערט, אַז מ׳האַלט דאָרט פון אים שטאַרק, און אַלעקסאַנדער, אים וואָלסטו שוין נישט דערקענט...

— ער איז געוואָרן אַן אינזשעניער.

— אָדער וואָס, — מישט זיך שוין די מאַמע אַריין אין די רייד, — אַז ער איז דאָ געווען אין מיטן ווינטער, האָט ער זיך דווקא געפרעגט אויף אייך.

און אַז ס׳איז געקומען צום אויפקלאַפּן דעם טיש, האָט דער טאַטע ערשט געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד צו טאַפּטשען די בייטן:

— זאָל וואַקסן, אַז עס וואַקסט, און אויף איבער אַ יאָר, אַז מירן דערלעבן, אויב ס׳ווילט זיך אייך אַזוי שטאַרק אַ טיש, וועלן מיר עס באַוואָרענען.

## 10. איצט

איצט איז זומער. איצט איז שוין דער „איבער אַ יאָר״, וואָס מיר האָבן דערלעבט.

נאָך אַ וואָך פאָרן מיר אין אורלויב, און דוכט זיך, אַז טאַקע ווידער אַ מאָל אַהין צו יענעם גערטל, ווו דער רייכער סטאַהדאָט האָט געשריען „גיע פּאָזוואָליו״ און חיים־יונה דער שניטקרעמער האָט מיט אַ זיס קולכל איינגעטענהט:

— „לייבקע, דו ביסט דאָך אַ יידיש קינד, צו וואָס דאַרפסטו דאָס?״.

אַהין וועלן מיר פאָרן. זאָל עמעצער פון אייך אויך פאָרן מיט אונדז אַהין, צו יענעם טישל, וואָס דער טאַטע האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַוואָרענען. דאָרטן וועט ער אונדז מכבד זיין מיט טריסקאַווקעס און מיט עפּל, מיט אייגענע אוגערקעס, מיט אייגענע קאַרטאָפליעלעך און מיט קייעכעס.

דאָרטן וועלן מיר פאַר נאַכט ביי אַ גלעזל טיי בעטן מיינע אַלטינקע פאַרהאָרעוועטע טאַטע־מאַמע, זיי זאָלן אַ ביסינקעלע דערציילן וועגן אַ מאָל און וועגן היינט.

1928

# גאַסטפריינדשאַפט

.1

געטאַן האָט זיך עס, דעם אמת געזאָגט, נישט נעכטן און נישט אייער־נעכטן, נאָר צוריק מיט אַ יאָר פערציק אַוודאי.

אַזוי האָט מיר אשר דער גלעזער אָנגעהויבן דערציילן וועגן איינעם אַ פאַל, וואָס האָט געטראָפן ביי זיי אין זאַמיסלאָוויטש, נאָך אַ מאָל, בשעת ער איז געווען אַ קליין יינגל.

— איר מעגט עס אומיסטן אויסהערן, — האָט אשר אַ שמייס געטאָן זיין פערדל און מיר אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן, ווי איינער מיינט: „דו מעגסט זיך טאַקע זיין אַ יונגערמאַן, אַ היינטוועלטיקער, אָבער איך, אשר, האָב נאָך אויך עפּעס וואָס צו דערציילן...״

אשר וווינט איצטער ביי אונדז אין שטעטל אין דער פּאָלעסיער קראָס־נאָוואָליע, אַ בערדל פּאַרמאָגט אשר אַ קליינס, נאָר זייער אַ פריילעכס, און אויגן אויך זייער יונגע, כאָטש ער האָט שוין קינדער אויסגעגעבענע. און אין די פרייע שעהן פאָרן שוין ביי אים די אייניקלעך רייטנדיק אויף די פּלייצעס.

אינעם דאָרף באַלאַקאַראָוויטש, פופציק וויאָרסט פון אונדזער שטעטל, האָב איך אים באַגעגנט, אשרן, און זיך צוויי מאָל דערפרייט. ערשטנס, וואָס איך האָב דערזען אין אַזאַ וויט דאָרף אַ היימישן מענטשן; צווייטנס, וואָס איך וועל אים אַ בעט געבן, וועט ער מיך נעמען אויף זיין פור אַהיים. ער פאָרט דאָך אַרום מיט אַן אייגן פערד־און־וועגעלע און מיט אַ קאַסטן גלאָז איבער די דערפער. איצט איז שוין דער קאַסטן אויסגעליידיקט, אַ סימן, אַז ער טוט זיך שוין אין ערגעץ נישט אָפּשטעלן און מ׳וועט פאָרן גלייך אַהיים.

— ר׳ אשר, — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, — וויפל זשע וועט איר ביי מיר נעמען פורגעלט?

אשר האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט זיין יונגן בליק און מיט זיין באַריידעוודיק בערדל, ווי איינער מיינט:

— אָט־אָ באַלד צעיאָג איך זיך נעמען געלט פאַר אַזאַ מין קליינִיקייט (אויף זיין לשון — „פוסטיאַק״), וואָס איז? ער דאַרף אַנלייגן וועג צוליב מיר, אָדער וואָס? פאַרקערט, ס׳וועט נאָך אים זיין פריילעכער, אַז מ׳וועט פאָרן אין צווייען.

קען זיין, אַז איבער דעם האָבן מיר זיך טאַקע צערעדט, אויפן וואָגן זיצנדיק, וועגן גוטע און שלעכטע מענטשן, וועגן קאַרגע און צעוואָרפענע. און צווישן די אַלע רייד האָט ער מיר דערציילט וועגן דעם פאַל, וואָס האָט זיך, לויט זיין חשבון, פאַרלאָפן ביי זיי אין זאַמיסלאָוויטש — „צוריק מיט אַ יאָר פערציק אַוודאי״.

— מענדלען דעם זאַמיסלאָוויטשער האָסטו שוין אוודאי נישט דער־וווסט? עס מאַכט נישט אויס, דיין טאַטע קער נאָך אים געדענקען. ווערסט אים אומיסטן אַ פרעג טאָן, וועט ער דיר דערציילן. געווען דווקא אַ פראָס־טער, דאָרפישער ייד, נאָר אַ נאַטור האָט ער געהאַט — מ—מ—ם! אַזאַ יאָר אויף מיר!... ביי אים אין שטוב האָבן זיך נישט אויסגעפירט קיין מענטשן, מיט עסן און מיט טרינקען, און מיט איבערנעכטיקן, און מיט אויפשטעלן אַ סאַמאָוואַר פון זייערט וועגן, נאָר פון קיין געצאָלטס זאָל מען אים גאָרנישט דערמאָנען. חס־וחלילה!

דאָס ווייב איז אויך געווען אַזאַ, און די קינדער זענען אויך געגאַנגען אויפן זעלבן וועג. מ׳פלעגט גאָר שטיין אויפן שליאַך און איבערכאַפּן די דורכפאָרער. טאָמער איז אַ קעלט, זאָל מען אַריינגיין זיך אָנוואַרעמען, טאָמער איז אַ רעגן, זאָל מען אַריינגיין איבערזיצן. אַזעלכע מענטשן זענען זיי געווען.

אַנומלטן פאָרט ער, מענדל, אויף זיין פערד־און־וועגעלע, פאַרנאַכטלעך האָט זיך עס געטאָן. ער איז דורכגעפאָרן די ווינטמיל, ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די פלויטן. דאָס פערדל גייט פּאַמעלעך. מענדל זיצט זיך אַזוי רויִק און טראַכט פון פאַרשיידענע שטוביקע קליינִיקייטן, ערשט ער דער־הערט, אַז עמעצער קרעכצט הינטערן פלויט. עפּעס אַזוי ווי אַ מאַנסביל

און אַזוי ווי נישט קיין מאַנסביל, נאָר גיכער איז עס אַ מאַנסביל. ער שטעלט אָפּ דאָס פערדל, קריכט אַראָפּ פון וואָגן, נעמט גיין פאַרביי דעם פּלויט. ערשט ער דערזעט אַ פּויער אין די מיטעלע יאָרן קריכט אַרום אויף אַלע פיר. ער קאַראַפּקעט זיך, ער וויל זיך אויפשטעלן, נאָר ער קאָן נישט. ער הייבט זיך אונטער און פאַלט אום, הייבט זיך אונטער און פאַלט אום...

„שיכור, — קלערט זיך מענדל. — ניין וועט ער איז שיכור. וואָלט ער אַזוי נישט געקרעכצט, און ווייטער זעט מען אויף אים, אַז ער איז נישט קיין היגער. ווערדליק ער איז אָנגעטאָן, דאַרף ער זיין ערגעץ פון טיף אוקראַינע".

מענדל גייט צו נעענטער, נעמט אים אָן ביי דער פּלייצע. קוקט זיך יענער אויף אים אום און קרעכצט אַרויס מיט די לעצטע כוחות:

— אַך, סאָקאָליקו. צע ווזשע סמערט פּרישלאַ.

— האָב נאָך צייט קלערן וועגן דער „סמערט", — מאַכט צו אים מענדל, — טאָמער איז עס נאָך צו פרי.

און ער האָט אַ סמאָטשקע געטאָן צום פערדל עס ציגעפירט איבער די מעזשעס אַהער צום פּלויט.

— קריך אויפן וואָגן, — מאַכט ער צום פּויער.

און ער האָט ווי־עס־איז אַרויפגעשלעפּט דעם קראַנקן צו זיך אויפן וואָגן, נאָך צוגעקליבן די טאַרבע מיטן שטעקן און האָט שוין אַ טרייב געטאָן דאָס פערדל אַ ביסל גיכער.

אין דער היים האָבן די כלאַפּצעס אַראָפּגעטראָגן דעם פּויער אין שטוב אַריין. מ'האָט אים אויסגעבעט אויף אַ קאַנאַפּע, קיין באַלניצעס מיט קיין דאָקטוירים זענען דאָך דאָן אין די דערפער נישט געווען, נישט היינטיקע צייטן, האָבן זיי אַליין אים געהאָלפן מיט אַלערליי באַבסקע רפואות. אַ קרענק איז עס געווען אַ שווערע, אַ מין טיף. אָבער ס'זענען אַוועק אַ פיר וואָכן, און דער מענטש איז געזונט געוואָרן.

פאַר די דאָזיקע פיר וואָכן איז מען דורך גרוסן און דורך איבער־זאָגעכצן דאָרט אין אוקראַינע ביים פּויער אין דער היים געוואר געוואָרן, ווו זייער פאָטער געפינט זיך. זענען די זין געקומען צו פאָרן אים אָפּנעמען.

פאַרן געזעגענען זיך נעמען זיי אַרויס אַ בייטל מיט געלט און ווילן אָפּצאָלן מענדלען פאַרן איבערזיין, פאַר די קעסט און פאַר אַלצדינג, אָבער מענדל מיט מענדעליכען האָבן, ווי זייער שטייגער איז, זיך אויסגעלאַכט. ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין שום איינריידענישן. די זין דעם פּויערס האָבן שוין געבעטן, אַז אויב נישט קיין געלט, טאָ זאָל מען ביי זיי צונעמען דעם לאָשעק, וואָס לויפט נאָך נאָכן וואָגן, אָדער זיי וועלן אים ברענגען צו טרייבן אַ קעלביקע בהמה.

ניין און ניין!

**.2**

האָט מען זיך צעזעגנט זייער שיין, טאַקע ווי אמתע גוטע פריינד, און צו מענדלען האָבן זיי געזאָגט, אַז אַזאַ מין טובה איז גאָרנישט שייך מ'זאָל זי אַ מאָל קענען פאַרגעסן...

— וואָרעם ס'איז טאַקע אַ גוטסקייט פון אַ מענטשן, — פאַל איך אַריין אין די רייד, צו נעמען אַ ווילד־פרעמדן דורכגייער שלאָפערהייט צו זיך אין שטוב אַריין, זיך מיט אים ניאַנטשען און אויסהיילן... עפּס אַ קליי־ניקייט ? !...

— האָב צייט, — ענטפערט מיר אשר, — אויב דו מיינסט, אַז מיר זענען שוין פאַרטיק, האָסטו אַ גרויסן טעות. דאָס איז די ערשטע העלפט פון דער מעשה, די צווייטע העלפט וועט באַלד קומען. נאָר איך קלער, אַז פריער דאַרפן מיר כאַפּן אַן איבערבייס.

דער פאָרשלאַג איז מיר געווען זייער צום האַרצן, ווייל מיר זענען די גאַנצע צייט געפאָרן דורכן וואַלד. די סאָסנעס שמעקן אַזוי שטאַרק, אַז דער קאָפּ דרייט זיך אַזש, די פייגלען צוויטשען, ווו־נישט־ווו פליען דורך פייגעלעך מיט אַזעלכע פאַרבן, וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזעלכע. און כאָטש אויפן וואָגן טרייסלט נישט איבעריקס, גלוסט זיך דאָך אַראָפּקריכן אויף דער ערד אויסגלייכן אַ ביסל די ביינער, און אויב נאָך אַ גוטער איבערבייס דערצו, איז מהיכא תיתי !...

מיר האָבן צענומען אונדזערע פּעקלעך. אשר האָט געפאָדערט נישט

אַנדערש מיר זאָלן צעלייגן אַ פייער. איז עס אויך רעכט. איך וואָלט זיך נישט געפוילט און איך באַשריבן אונדזער סעודה, נאָר למאי זאָל איך צערייצן אייערע אַפּעטיטן. איך ווייס, אַז נישט נאָר איר וועט מיר מקנא זיין אויף דער סעודה אין מיטן וואַלד. איך אַליין בין זיך מקנא, אַז איך דערמאָן זיך. אויף קישנס פון גראָז זיצן מיר, אויף טישטעכער פון פּאַפּיר עסן מיר. דער שייטער קנאַקט ביי דער זייט מיט זיינע בייטאַגיקע בלויע פייערלעך, און אַלץ, וואָס מיר פּאַמפּלען אַריין האָט דאָ דעם זיבעטן טעם...

— דערציילט זשע, ר׳ אשר, וואָס איז ווייטער געווען...

אָבער אשר האָט מיר געענטפערט זייער קורץ:

— בשעת מ׳עסט, רעדט מען נישט.

איבערגעביסן, זיך אַ ביסל אויסגערוט, בין איך אַוועק, געבראַכט צו פירן דאָס אויסגעשפּאַנטע פערד.

— טאָ לאָמיר אים טאַקע אַריינוואַרפן אין די האַלאַבליעס, — זאָגט אשר (מיינען מיינט ער: לאָמיר עס צוריק איינשפּאַנען). און מיר זיצן שוין צוריק ביידע אויפן וואָגן איינער לעבן אַנדערן. דער ליידיקער גלאָז־קאַסטן — הינטער אונדזערע פּלייצעס. פון ביידע זייטן — גרינער זוניקער וואַלד, און אין מיטן — אַ וועג, וואָס פירט אונדז דורך וואַלד, דורך פעלד, דורך דערפלעך, און נאָך אַ מאָל אַ וועלדל און נאָך אַ מאָל אַ דאָרף און דאָרטן איז שוין נישט ווייט אונדזער היים.

— איצט הער, — האָט אשר ווידער גענומען דערציילן, ווי איינער, וואָס טוט אַן ערנסטע אַרבעט און וויל זי אָפּטאָן ערלעך.

— איין מאָל האָבן מענדלס זין אַוועקגעטריבן עטלעכע בהמות אויף דער אוקראַינע. קיין רייכער מענטש איז ער נישט געווען, מענדל, דאָס ווייסטו דאָך.

— ניין, איך ווייס נישט.

— זע, איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז נישט פאַר דיינע צייטן האָט זיך עס געטאָן. טאָ געדענק זשע, נאָר זאָלסט נישט מיינען, אַז איך זאָג אַזוי דערפאַר, וואָס בורזשויעס זענען היינט נישט אין דער מאָדע. ניין, איך דערצייל עס פּשוט, ווי דער אמת איז.

זיי האָבן אַלע געהאַרעוועט, האָבן זיי זיך ווי־עס־איז דורכגעלעבט. זומער זענען זיי געווען פאַרנומען מיטן באַשטאַן. אָסיען־צייט, אַז דער פויער הייבט אָן פאַרקויפן כו׳אָבע, פלעגט מענדל צונויפליגן אַ ביסל געלט און אויפקויפן עטלעכע בהמות, און קיין היידייעס האָט ער נישט באַדאַרפט דינגען. די זין זענען אַליין געזונטע דאַרפסלייט. אַז מ׳דאַרף טרייבן פי, טרייבט מען זיי אַליין.

גרויסע יאַרידן פֿלעגן זיך אויסשטעלן אַ מאָל אין פאַסטאָוו אָדער אין בעלאַצערקאָוו אויף דער אוקראַינע, וואָסערע צוויי־דריטהאַלבן הונדערט וויאָרסט פון זאַמיסלאָוויטש. גייען זיי אַרויס אויף אַזאַ יאַריד מיט אַ צען טעג פריער, און אַז מ׳טרעפט אַ גוטן יאַריד, פאַרדינט מען אַ מאָל אַ הונדערטער, אַ מאָל מער...

דאָס מאָל איז אָבער די פּאָגאָדע געווען אַ שלעכטע, האָבן זיך די בהמות מיט די מענטשן שטאַרק אויסגעמוטשעט פאַרן וועג. דער יאַריד איז אויך געווען אַ פאַרוויינטער, אָן אויסגעוויקטער, גאָלע קעלט און גאָלע רעגן. קיין סוחרים זענען נישט געווען, אפילו פאַר האַלב אומזיסט איז נישט געווען וועמען צו פאַרקויפן. טרייבן זיי, נעבעך, די שטיקלעך אויף צוריק. די כודאָבע איז שוין געווען הויט און ביין. די מענטשן אויך נישט שענער. זיי זעען, די זין מענדלס, אַז ס׳איז גאַרנישט קיין מעגלעכע זאַך, אַז זיי זאָלן די שטיקלעך ברענגען צו טרייבן לעבעדיקע אַהיים. און זיי, וואָלטן זיי האָבן עפּעס געלט אויף צו האָדעווען ערגעץ די בהמות — איז נישטאָ. געלט, האָבן זיי דאָך געמיינט, וועלן זיי לייזן דאָרטן אויפן יאַריד, און אויסגעלאָזט האָט זיך אַ בוידעם.

אַזוי ווי זיי שלעפּן זיך אויף צוריקוועגס פון פאַסטאָוו, איז דאָרטן נישט ווייט פאַראַן אַ דאָרף זשערעבקי. כ׳ווייס? אפשר אַ דרייסיק וויאָרסט פון פאַסטאָוו אָדער ווײַל. גייען אַ פּאָר זשערעבקיער יונגעלייט, פויערים אַזעלכע, אויך פונעם יאַריד, און מ׳צערעדט זיך מיט די זין מיט מענדלס.

— פון וואַנען זענען יונגע־לייט? — פרעגן די פויערים.

— פון פּאָלעסיע, — ענטפערן די זין מענדלס, — אפשר האָט איר געהערט זאַמיסלאָוויטש?

— זאַמיסלאָוויטש ? געהערט... וווהין זשע טרייבט איר צוריק די כודאָבע ? זיי וועלן דאָך ביי אייך פּגרן אויפן וועג !

— אדרבא, גיט אַן עצה, וואָס קאָנען מיר טאָן ? ! קיין געלט האָבן מיר ביי זיך נישט, געלט, האָבן מיר געמיינט, וועלן מיר לייזן אויפן יאַריד...

.3

דאָ האָבן די פּויערים עפּעס אין דער שטיל אַ שמועס געטאָן צווישן זיך און זיך ענדלעך אָנגערופן :

— אויב איר ווילט זיך אויף אונדז פאַרגלייבן, וואָלטן מיר אייך געעצהט אַזוי : איר לאָזט איבער די כודאָבע ביי אונדז, און אַליין פאָרט זיך געזונטערהייט אַהיים ביזן צווייטן מאַרק־טאָג. דער צווייטער מאַרק־טאָג וועט אויספאַלן אין אַ חודש אַרום. דער וועטער דאַרף זיך נאָך פאַרריכטן און פּאַשע וועט נאָך זיין געננוג. וועלן אייערע בהמות אַרומגיין צוזאַמען מיט אונדזערע, און אין אַ חודש אַרום וועט איר קומען, און איר וועט זיי ווייטער אַרויסטרייבן אויפן יאַריד.

די יונגע־לייט איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אויף אַזאַ מין באַגעגעניש האָבן זיי זיך גאָרנישט נישט גערעכט, האָבן זיי אָפּגעקערעוועט צוזאַמען מיט די פּויערים צו זיי אין דאָרף און צו זיי אין הויף אַריין. דאָרט האָבן זיי איבערגענעכטיקט, זיך אויסגעוואַרעמט. קיין עסן האָט מען זיי נישט געקאַרגט. מ׳האָט זיי נאָך אויפן וועג מיטגעגעבן. און אין דער פרי האָבן זיי געמאַכט סימנים אויף דעם פי. זיי האָבן צוגעבונדן אַזעלכע ברעטעלעך צו די ווײדלען, און זיי זענען אַוועק אַהיים.

אין אַ חודש אַרום פאָרן זיי שוין ווייטער אויפן יאַריד מיט מענדלען אין איינעם. דעם אמת געזאָגט, האָבן זיי זיך נישט איבעריק גערעכט קריגן דאָס פי אויף צוריק. דערווייל איז איינגעפירט, אַז מענטשן דאַרף מען גלייבן.

געקומען קיין זשערעבקי, זאָגט מען צו זיי :

פאָרט גלייך, אייער פי וועט איר אָניאָגן אין פאַסטאָוו.

ביי מענדלען מיט די זין איז איבערגעגאַנגען נישט קיין גוטער גע־

דאַנק, אָבער זאָגן האָבן זיי גאָרנישט נישט געזאָגט און האָבן אַוועקגעשמיסן ווייטער. ערשט הינטער פּאַסטאָוו דערזעען זיי, ווי אַזוי פּויערים האָבן אַרויסגעטריבן די אָפּגעצייכנטע בהמות. ווען נישט די סימנים, וואָס זיי האָבן געמאַכט, וואָלטן זיי גאָרנישט דערקענט זייער פּי — אַזוי גוט האָבן זיי זיך אויסגעפּאַשעט.

איצטיקס מאָל איז שוין דער יאַריד געווען ווי געוווּנטשן. מענדל מיט די זין האָבן גוט פאַרקויפט און גוט אָפּגעלייזט. איצט וועלן זיי שוין האָבן אי אויף חובות באַצאָלן, אי אויף באַדאַנקען די פּויערים פאַר זייער ארבעט און פאַר זייער גוטסקייט, און ס׳וועט נאָך זיך אויך עפּעס בלייבן.

תחילת אָוונט קומען זיי צו פאָרן צו די דאָזיקע פּויערים שוין ווי אַלטע באַקאַנטע. מענדל מיט די זין זענען זייער צופרידן, די באַלעבאַטים זייערע — אויך. דאָס פּערד איז שוין צוגעזען, און אַליין עסט מען אָוונט־ברויט. מ׳רעדט, מ׳פאַרברענגט, אַלץ איז זייער שיין און זייער גוט, און באַלד וועט מען שוין גיין שלאָפן. פאַרן שלאָפן רופט מענדל צו דעם באַלעבאָס. ער נעמט אַרויס דעם טייסטער און זאָגט:

— איצטער, גוטער מענטש, קענען מיר זיך מיט דיר צעצאָלן. זאָג אַליין, וויפל דיר קומט.

— גאָרנישט קומט מיר נישט, — האָט דער פּויער געענטפערט, — באַהאַלט דיר דיין געלט אין קעשענע און פאַרניץ עס געזונטערהייט.

— ס׳טייטש! וואָס הייסט? — האָט זיך מענדל גענומען שפּאָרן, און די זין האָבן זיך שוין אויך אַריינגעמישט.

אָבער דער פּויער האָט זיי אַ קוק געטאָן אין די אויגן, די באַלע־באַסטע מיט די זין און שניר זענען אויך אָנגעגאַנגען, און דער אַלטער מאַכט צו מענדלען:

— ביי עמעצן ביי אַ פרעמדן ווייס איך אויך נישט, צי איך וואָלט גענומען געצאָלט פאַר אַזאַ קליינער געפעליקייט. הייגט בפרט נאָך ביי מענדל דעם זאַמיסלאָוויטשער, וואָס האָט מיר אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן אין אַ פרעמדן קאַנט.

דאָ ערשט האָבן מענדל מיט די זין דערקענט יענעם פּויער פון דער

אוקראַינע, וואָס זיי האָבן אַ מאָל איבערגעהאַלטן, ביז ער איז געזונט געוואָרן.

זיי האָבן פאַר פרייד ווידער אָנגעהויבן געבן די הענט איינער דעם צווייטן — די באַלעבאָסטע האָט ווידער פון ס׳ניי דערלאַנגט צום טיש מעד און פאַרבייסן, און מ׳האָט זיך שוין נישט געלייגט שלאָפן, מ׳האָט פאַרבראַכט, ביז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. דאַן האָבן מענדלס זין צוזאַמען מיט די באַלעבאַטימס זין איינגעשפּאַנט דאָס אויסגערוטע און אָנגעגעסענע פערדל און מ׳האָט זיך זייער שיין צעזעגנט מיט די בעסטע גרוסן, וואָס מ׳האָט איבערגעגעבן פאַר מענדעליכען, און מ׳איז זיך פונאַנדערגעפאָרן.

— פאַרשטייסטו שוין ?... — האָט אשר אַ זאָג געטאָן און אָפּגעשטעלט דאָס פערד לעם ערשטן הויף פונעם באַגעגנטן דאָרף און איז אַוועקגעלאָפן נעמען אַן עמער ביים פויער אָנצופּאָיען דאָס פערד.

איצט האָב איך שוין טאַקע פאַרשטאַנען אויף געוויס, אַז קיין פורגעלט וועט שוין ביי מיר אשר נישט נעמען, איך זאָל אפילו טאַנצן פאַר אים אויפן דאַך. נאָר וואָס ?... איין זאַך וועל איך ביי אים פּועלן, ער זאָל ביי מיר צונעמען דאָס מעשהלע פאַר אַ מתנה. ווי איך דרוק עס נאָר אָפּ, אַזוי שיק איך עס אים גלייך צו, און זאָל ער לייענען.

1938

# פון סניטקאָווקע קיין גרינשפּוליע

שרה־קיילע דעם בייגלבעקערס האָט געהאַט אויף איר אייגנס אַן איין־און־איינציקן ברודער — פישל. מעג עס זיין אויף דער עלטער, איז ער דאָך איר טייער, ווי דאָס אויג אין קאָפּ. אַזוי, אַז ס׳איז קיין וווּנדער נישט, וואָס שרה־קיילע די בייגלבעקערין האָט כסדר, סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן איר פישלען. זי פלעגט נאָך אים פאַרציען דעם נאָמען: מיין פישעלע און מיין פישעלע. אַזוי אַז די קינדער און די אייניקלעך האָבן אים שוין אויך אַזוי גערופן — דער פעטער פישעלע. וואָס אמת, איז אמת — שוין פיר און צוואַנציק יאָר, אַז זי האָט אים נישט געזען.

די סיבה, פאַר וואָס זי האָט זיך מיט אים אַזוי לאַנג נישט געזען, איז זייער אַ פשוטע. צוריק מיט פיר און צוואַנציק יאָר האָט פישל סניטקאָוור חתונה געהאַט קיין גרינשפּוליע — די דריטע צי די פערטע שטאָט פון דאַנען. קיין בעלי־עגלות זענען אַהין נישט געגאַנגען, און ס׳האָט זיך בכלל גערעכנט אַ צו ווייטע נסיעה, בפרט נאָך פאַר אַ יידענע. וואָרעם ווי אַזוי האָט עס טאַקע שרה־קיילען געקענט ליגן אין זינען, אַז זי איז אַלע יאָרן געווען באַפאַלן מיט קליינע קינדער און האָט נאָך דערצו געדאַרפט צו־העלפן ביי פרנסה אויך: אין מאַרק ביים טישל אָדער אין דער היים ביי די קאָכעדיקע טעפּ מיט בייגל. טוט עס זיך אַלץ, ווי ס׳טוט זיך, און די יאָרן גייען זיך, וואָרעם ווער האָט זיי גאָר צייט צו ציילן.

אָבער אַזוי ווי די וועלט שטייט נישט אויף איין אָרט און קלוגע קעפּ האַלטן דיר כסדר אין איין צוטראַכטן נייע זאַכן, טרעפט אַ מעשה, אַז די נייע אייזנבאַן הייבט אָן גיין דורך סניטקאָווקע און טאַקע גלייך קיין גרינשפּוליע.

אַ בילעט צום פאָרן באַטרעפט נישט קיין סך און נישט קיין ביסל, נאָר מילא — אין סטאַרצעס וועסטו פון דעם נישט אַוועקגיין. אָרום און

אַרום באַטרעפט אַהין דאָס פּאַרעכץ אַ פּערטעלע מיט זעקס גראָשן — צוואַנציק קאָפּעקעס. טאָ וואָס זשע טויג דיר אַ סך מעשיות, איז טאַקע שרה־קיילען איין מאָל איינגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק, אַז וואָס־וואָס, איצטער איז אַקוראַט געקומען די צייט, ווען זי קען זיך זען מיט איר איין־און־איינציקן ברודער — מיט פּישלען דעם זייגערמאַכער.

וואָס איז? ס׳איז עפּעס אַ קליינִיקייט? פיר און צוואַנציק יאָר, אַז מ׳זעט זיך נישט?! וויפל איז אין גאַנצן דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט? אייסעך וואָס! אַזאַ געלעגנהייט איז גאָר אַן עבירה איינצולאָזן, וואָרעם די נייע אייזנבאַן, ווער ווייסט זי — אָט גייט זי. און אָט קען זיך איר איבערגלוסטן. וואָס ווּעסטו איר טאָן? דו ווּעסט איר אָנשיטן זאַלץ?

גערעדט און געטאָן.

שרה־קיילע האָט אָנגעבאַקן קיכלעך אויפן וועג, און אפשר איז עס נישט אַזוי פונעם וועגס־וועגן, ווי זי האָט געוואָלט פאַרפירן פּישלען, ער זאָל אויך פאַרזוכן. וואָרעם, דעם אמת געזאָגט, האָט דער וועג גאָרנישט געדאַרפט אַזוי לאַנג געדויערן. „דריי מאָל וועט זיך די פייערדיקע שקאַפע דאַרפן אָפּשטעלן, — אַזוי האָבן איר די סניטקאָווער סוחרים אויסגע־מאָלט, — און דאָרטן וועט שוין זיין גר׳ינשפּוליע”.

און שרה־קיילע איז טאַקע אָוועקגעפאָרן.

דאָ איז נישט דאָס אָרט זיך אָוועקשטעלן באַשרייבן, מיט וויפל חידושים שרה־קיילע האָט זיך, קיין־עין־הרע, אָנגעזען ביי די פּאַראַדקעס מיט דער נייער אייזנבאַן און מיט וויפל שרעק זי האָט זיך, נישט פאַר קיין מענטשן געדאַכט, אָנגענומען. מ׳איז דאָך פאָרט מער נישט ווי אַן עלטערע יידענע, און דאָ זענען די שטיבער, ווי די קאַסטנס, צונויפגעקלאַמערט איינס מיטן אַנדערן: אַלע שטייען זיי גאָר אויף רעדער, שטייען זיי, און פון פאָרנט — באַהיט זאָל מען ווערן — יאָגט די שוואַרצע, אייזערנע שקאַפע מיט צוויי גלעזערנע אויגן, און זי סאָפּעט, און ס׳זעצט פון איר אַ פּאַרע, מיט קאָ־כעניש, מיט אַ הודעניש, מיט אַ סווישטשעריי און מיט אַ קוויטשעריי, אַז נאָר אַ גוטער סוף זאָל צו דעם אַלעמען אויסגיין.

נאָר מילא, מוחל אַלע זאַכן! שרה־קיילע האָט צונויפגעשטשיפּעט

די ציין מיט די ליפּן; מיט די הענט האַלט זי זיך אָן אין דער באַנק. דורך די פּענצטער שווינדלט איר די גאַנצע וועלט אין די אויגן. און אַז עמעצער רופט זיך צו איר אָן, הערט זי נישט, וואָס יענער רעדט, און זי ענטפערט נישט גאָרנישט. זי האָט זיך נאָר גוט אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז ווי די באַן וועט זיך דאָס דריטע מאָל אָפּשטעלן, דאַרף זי אין דער גיך אַראָפּגיין פון דאַנען, וואָרעם ס'קען זי נאָך פאַרפירן אין עק וועלט אַריין, און דאַן איז זי גאָר אַ פאַרפאַלענע אויף אייביק. און, צווייטנס, אַז איר שוועגערין — איר פישעלעס ווייב — זאָל זי כאָטש ווען אַריינלאָזן אין שטוב אַריין. מאַלע וואָס אַ שוועגערין קאָן זיך אַ מאָל פאַר־גינען. און דאָס ווערט שוין באַלד פיר און צוואַנציק יאָר, ווי זי האָט זיך נישט געזען מיט איר איין־און־איינציקן ברודער...

דער קאָפּ האָט איר שטאַרק געריסן פונעם מאָדנעם מין פאָרעכץ מיט דער גרויסער אייַנשטעלעניש, וואָס ווו דו גיסט זיך נישט קיין ריר, איז עס, מן־הסתם, גאָלע מאַשינעריע, אָבער ציילן האָט זי, דאַכט זיך, געציילט גוט, און זי איז, קענטיק, ביים דריטן אָפּשטעל אַראָפּ...

זי איז אַראָפּ און האָט זיך גאָר נישט געגלויבט, אַז דער „פּאָיעס", ווי די היינטיקע רופן עס אָן, זאָל זי אַזוי מיט גוטן מוט, קאָן מען זאָגן, וועלן אַראָפּלאָזן.

ביז ער איז דורכגעלאָפן פון דאַנען, דער „פּאָיעס", איז שרה־קיילע געשטאַנען, ווי צוגעשמידט צום אָרט, און גאָר מורא געהאַט אַ טראָט אַוועקצושטעלן. אָבער אַז ס'האָט זיך אַלץ באַרויקט, דער טומל איז איר אַ ביסעלע אַרויס פונעם קאָפּ, און זי האָט דערפילט, ווי זי גייט שוין, געגלויבט דעם אייבערשטן, אויף אמתער האַלב־אויסגעטריקנטער גרינשפּו־ליער ערד, וואָס איז נישט קיין סך אָפּגערוקט פון זייערער — פון סניטקאָווער, הייסט עס, — איז איר שוין געוואָרן צוריק גוט אויפן האַרצן. דאָ־אָ, אַ ביסל ווייטער פון וואָקזאַל, האָט זי דערזען די שטעטלדיקע הייזער, און זי האָט געפּענט דאָס מויל איין מאָל און דאָס צווייטע מאָל, ביז איר אי־בערגעטריקנטער האַלדז האָט ווי־עס־איז אַרויסגעבראַכט אַ פּאָר קלאַנגען,

און זי האָט דאָ, ביי די מענטשן, אין דער גיך זיך דערפרעגט, ווי אַזוי און ווי אַרום דאַרף מען גיין צום היגן זייגערמאַכער.

— צום זייגערמייסטער? — האָבן זי די היגע מענטשן איבערגעפרעגט. — צום זייגערמייסטער איז דאָס גאָר נישט אַזוי ווייט.

און פאַרשידענע מענטשן, ייִנגערע און עלטערע, האָבן זיך אויסגערופן איר באַווייזן, ווי אַזוי מ׳גייט דאָ צום אַלטן זייגערמייסטער.

— איר זייט מיט אים פריינד? — האָבן זי אייניקע איבערגעפרעגט.

שרה־קיילע האָט נחתדיק אַ וויש געטאָן מיט דער האַנט אירע צוגעמאַכטע ליפּן דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן פונעם שמייכל, וואָס איר שטאָלצקייט און איר צופרידנקייט מיט זיך האָבן אויף זיי אַרויסגערופן.

...לעבט ער נאָך, הייסט עס, דער אַלטער זייגערמייסטער. בסך הכל איז ער דאָך נישט אַזוי שטאַרק אַלט. נאָר גאָרנישט, זאָל ער זיך לעבן און זיין געזונט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. אמן!

נישקשה, — האָט זי ווייטער געקלערט, — ער וועט זיך מעגן אַראָפּנעמען אַ מוסר פון אַ ייִדענע, וואָס זי, שרה־קיילע, נעבעך, שוין פון אַזוי פיל יאָרן אַן אלמנה (נישט פאַר לייטן געדאַכט), אַ מענטש, וואָס קען נישט קיין ציפער און שוין, קיין עין־הרע, אַ באָבע פון אייניקלעך, און פון דעסט וועגן, אַז זי האָט זיך געוואָלט זען מיטן ברודער, איז פאַר איר גאָרנישט געווען צו שווער.

באַגלייטערס, ווי גערעדט, האָבן זיך געפונען אַ סך. קענטיק, אַז איר ברודער האָט דאָ, קיין עין־הרע, אַ ווערט אין שטאָט. ווי דען? יענער איז דאָך אַ קאָפּמענטש נאָך פון קליינווייז אויף. וואָרעם ווי אַזוי נעמט גאָר אַ מענטש און לערנט זיך אויס אין מיטן דערינען מאַכן זייגערס?!

פאַרן עפענען די טיר האָט ביי איר דאָס האַרץ גענומען קלאַפּן, אַז שיער וואָס עס פאַלט אין גאַנצן נישט אַרויס. אָבער זי האָט געעפנט די טיר, זי איז אַריין. אַ סך זאַכן זענען דווקא נישט אַזוי, ווי זי האָט זיך עס פריער פאָרגעשטעלט.

דער אַלטער זייגערמאַכער, אינעם קאַמזויל, מיט דער ווייבערשער שאַל

אויף די פּלייצעס, האָט זיך אויסגעקערעוועט פון טיש, אַ קוק געטאָן, וואָס פּאַר אַ מענטשן זענען עס אַהער אַריין. ער קוקט און קוקט און פאַרשטייט גאָרנישט... ווייזט אויס — נישט דערקענט.

שרה־קיילע האָט זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און געגעבן אַ פאַל צום אַלטינקן אויפן האַלדז מיט אַ גרויס געוויין:

— אוי, מיין טייערער ברודער, אַ ווייטעק אַ גרויסער האָט מיך איינגעשלאָגן! וואָס פון דיר איז געוואָרן?!

וואָרעם אין דער אמתן, אַ מאָל, מ׳זאָל געווען אַ קוק טאָן אויף איר פּישעלען, די מין הייך זיינע! די שיינקייט! די שטאַלטנעקייט!... און איצט, טו אומיסטן אַ קוק, וואָס די עלטער האָט געמאַכט פון אַ מענטשן: קליין, געקנייטשט, ממש אונטערן טיש צו שפּאַצירן! און דאָס בערדעלע איז קליין, און די וואָנצעלעך זענען קליין. שוין, קיין עין־הרע, גרוי ווי אַ טויב.

און זי רעדט, און זי רעדט. און דער אַלטינקער זייגערמאַכער רייסט זיך אָפּ פון אירע הענט, און ער הוסט און שפּריצט פון זיינע ליידיקע יאַסלעס. ער וויל עפּעס זאָגן, און זי לאָזט נישט. ס׳שטיקט אים אַזש אין האַלדז פון דער יידענעס אַרעמס.

...ער וויל כאָטש וויסן... לאָזט אים... לאָזט אים זאָגן אַ וואָרט!

און דאָס ווייב מיט די שטוב־לייט קוקן עס אָן, און אַלע אַנגעלאָפּענע פון גאַס קוקן עס אָן.

— איך בעט אייך, — האָט ער קוים מיט צרות זיך אַרויסגעריסן און גענומען מיט זיין אַלט, פאַרלעגן קול אי שרייען, אי הוסטן, — זאָל מיך אַזוי וויסן אַ בייז, אַ וויסט יאָר, צי איך ווייס, וואָס איר ווילט פון מיר! וואָס איז עס פאַר אַ יידענע אויף מיין קאָפּ? פון וואַנען האָט זי זיך עס אַהער אויסגעריסן?

— ווי איז די יאָרן מיינע, — האָט שרה־קיילע אָפּגעטראָטן אויף עטלעכע טריט הינטערווייילעכץ און צענומען ברייט די הענט אונטער דער שאַל, אויף איר פּנים איז געווען אויסגעגאָסן ווייטיק מיט נחת געמישט, — ברודער מיינער טייערער! דיין איין־און־איינציקע שוועסטער נישט דער־

קענט?! פיר און צוואַנציק יאָר זיך נישט געזען!... איך האָב זיך נאָך געלאָזט אין אַזאַ ווייטעניש, און איינגעשטעלט דאָס לעבן האָב איך צוליב דיר איינגעשטעלט!...

אָבער דאָס יידל, פונקט ווי די ווערטער וואָלטן אים געוואָרגן. די האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן טוען אַלע מאָל אַ שפּריץ מיט בייזער אַלטקייט:

— באַהיט!... באַהיט און באַוואָרנט!... אַזאַ פּלוצעמדיקע אַנשיקע־ניש!... פּכי! איך האָב אויף מיין לעבן קיין שוועסטער נישט געהאַט. איך האָב נישט געוואָלט קיין שוועסטער און נישט געהאַט קיין שוועסטער! וואָס האָט איר זיך אויף מיר אָנגעזעצט, משוגענע יידענע! פּכי! פּכי!

שרה־קיילע האָט מיט איר גאַנצער גרייס אָנגענומען אַ שטרענגע מינע, ווי אַט נעמט זי איר ברודער פישלען אויף די קני און שמייסט אים אויס פאַר איטלעכן אין די אויגן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט, ווי אַ סאָלדאַט, און אָנגעשטעלט אַ דראָענדיקן פינגער.

— פּי—של! — האָט זי אַ זאָג געטאָן. — וואָס טוט זיך עס מיט דיר?! זי האָט דיר שוין אָנגערעדט?!

און זי האָט נישט באַוויזן פאַרענדיקן איר דראָונג און איר פאַרוואורף דער שוועגערין, פאַר וועלכער זי האָט, אגב, מורא געהאַט דעם גאַנצן וועג אין באַן, ווי דער אַלטער זייגערמאַכער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, ווי אונטערגעביסן.

— ווער פישל? פישל פון גרינשפּוליע איז אייער ברודער? אַט יענער־אַ באַנדער?! קכי, קכי! אַט אַזוי זשע רעדט! איז פאַרט, זייט אַזוי גוט, קיין גרינשפּוליע! אויך מיר אַ שטאָט גרינשפּוליע!...

שרה־קיילע האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

אָבער וואָס ווייטער אַ רגע, אַלץ קלאָרער איז געוואָרן שרה־קיילעס לאַגע, נעבעך. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז גאָרנישט גרינשפּוליע, דאָס איז ערשט סאָראָקיווקע, און זי געפינט זיך ביים סאָראָקיווקער זייגער־מייסטער, ביים בייזן זישען אין שטוב, וואָס איז בייז אי אויף פישלען און איז בייז אויף דער גאַנצער וועלט זייגערמאַכערס. אַלע זענען ביי אים באַנדערס. קיינער איז ביי אים קיין בעל־מלאכה נישט.

— דאַרף מען נאָך מיט דער באַן פאָרן, הייסט עס, אין סטאַנציע ?

— סטאַנציע גרינשפּוליע !

„וואָס ? זי איז געפאָרן מיט דער באַן ? פון וואַנען ? פון סניטקאָוו־קע ? — האָבן שוין אַלע אין שטוב זיך צעטומלט — איי־איי־איי, אַ מעשה, אַ מעשה — איז זי דאָך אַראָפּגעגאַנגען צו פרי... געדאַרפט געוועזן פאָרן אין ביסעלע ווייטער ! צוויי מאָל זיך אָפּגעשטעלט ? דריי מאָל, פיר מאָל ? קורצע דיבורים — פון אַ גילדן וועט מען איך געבן אַ צווייער אויסגאָב, און זי וועט פאָרן קיין גרינשפּוליע".

— אַ גוטן טאָג, האָט קיין פּאַראיבל נישט.

— אַ גוט יאָר ! האָט שוין בעסער איר קיין חרטה נישט.

— און זייט געזונט...

— און פאָרט געזונט... זאָל אייך גאָט מצליח זיין.

און שרה־קיילע איז אַוועק צוריק צום וואָקזאַל. ס'האָט איר גראָד זייער גוט אָפּגעגליקט. זי האָט דאָרט באַלד געטראָפן אַ גרייטן באַן, האָט זי געגעבן דריבנע צוגעציילטע אַכט און צוואַנציק גראָשן, און מ'האָט איר ווייטער אַרויסגעגעבן אַ בילעט. איז זי ווייטער אַריין אינעם טומל. נאָר איצט איז זי שוין געפאָרן אַזוי ווי ווינציקער, כאָטש זי איז געווען מיד פונעם גאַנצן גערודער מיט דער מאָדנער טרעפעניש. איין מאָל האָט זי זיך, קענטיק, געדאַרפט אָפּשטעלן, ביז ס'וועט זיין גרינשפּוליע. און איצט וועט עס שוין זיין אויף געוויס.

געפאָרן און פאַרפאָרן און אַראָפּ טאַקע אין גרינשפּוליע.

דאָ, אין גרינשפּוליע, איז איר אַלץ מיט אַנאַנדער שטאַרק געפעלן געוואָרן. בעסער ווי אומעטום. און געפעלן איז איר אַלץ אַזוי דערפאַר, ווייל גרינשפּוליע איז געראָטן אין סניטקאָווקע. ס'זאָל כאָטש פעלן אַ האָר: די אייגענע פּלויטן, די אייגענע הייזקעס אין פאַרשטאָט, און אַפילו די מענטשן זענען כמעט אויך די אייגענע. ס'איז איר געוואָרן פון דעם אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז זי האָט גאָר באַשלאָסן אָפּשטעלן אַ פויערטע איינע אין עק שטאָט און פרעגן זי, צי זי האָט נישט אַ מאָל אין סניטקאָווקע קיין שוועסטער.

די פֿויערטע האָט איר זייער גוטמוטיק געענטפֿערט, אַז דאָ, אין סניטקאָווקע, האָט זי מער נישט קיין שוועסטער. איין שוועסטער האָט זי געהאַט אין גאַנצן אויף איר פֿאַרמעגן, איז זי פֿאַרפֿאָרן ווייט פֿון דאַנען. אַזש קיין גרינשפּוליע, אַהין, וווּ דער היגער זייגערמאַכער האָט אַ מאָל חתונה געהאַט, און דאָ, אין סניטקאָווקע, האָט זי שוין מער קיינעם נישט.

— וואָס הייסט עפּעס דאָ, אין סניטקאָווקע? — האָט זי שרה־קיילע איבערגעפֿרעגט. — איר רעדט עס ביים פּולן זינען? צי עס איז ביי אייך היינט אַ יום־טוב און מ׳טרינקט היינט בראָנפֿן?

— ניין, מיין טייערינקע, — האָט איר די פֿויערטע געענטפֿערט, — ס׳איז היינט נישט קיין יום־טוב! ס׳איז אַ פּשוטער וואָכעדיקער טאָג, און די היגע שטאָט הייסט שוין פֿון לאַנג אַזוי — סניטקאָווקע. מן־הסתם איז עס נאָך עמעצן אַ נאָמען. וואָס איז? איר זענט דען נישט קיין היגע?

— ווי קום איך זיין אַ היגע? — האָט איר שרה־קיילע געענטפֿערט. — אַז איך פֿאָר שוין פֿון גאַנץ פֿרי אָן מיט דער נייער אייזנבאַן? אַ טאָג — אַ יאָר, אַז מ׳פֿאָרט און אַלץ זיין אַ היגע?! צו מיין ברודער פֿאָר איך עס צו גאַסט. אַ גוטן טאָג.

און צעטומלט פֿון אַזאַ מין וועג, האָט איר נישט אויסגעמאַכט, וואָס די פֿויערטע האָט דאָרטן אַ זאָג געטאָן: סניטקאָווקע, שמיטקאָווקע! מאַלע וואָס יענער ווילט זיך דאָרטן אַ זאָג טאָן. נאָר דאָס, וואָס מ׳זאָגט אַ מאָל: „די גאַנצע וועלט איז איין שטאָט“, דאָס איז טאַקע הייליק, ווי דער טאָג! אָן־אַ גייען די בהמות פֿון דער היגער טשערעדע, איז עס פּונקט ווי סניטקאָווער טשערעדע. אָן־אַ, יענע בהמה איז געראָטן אין אירער, אין שרה־קיילעס, אַזוי ס׳זאָל כאָטש פֿעלן אַ האָר, אַזוי ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט.

איר זענט כאָטש אַ מבין? זי מוקעט צו איר, צו שרה־קיילען, ווי צו אַ באַקאַנטער.

— קיין עין־הרע, אַ ליבע כודאָבינקע. ווען זי האָט עפּעס אין האַנט וואָלט זי איר אַ שטעק געטאָן... נאָר וואָס מאָדנע ס׳איז: אָן־אַ, זענען

שוין די מענטשן אויך סניטקאָווער. און די שטוב, זי וואָלט מעגן שווערן, אַז ס'איז טאַקע איר שטוב.

זי האָט אויפגעעפנט די טיר, זענען איר די אייניקלעך מיט די טעכטער אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן. ס'האָט איר אַ שמעק געטאָן מיט באַקאַנטן בייגל־געבעקס.

— מאַמע, אַזוי גיך?...

— באַבע, אַזוי גיך? — האָבן זיי אַלע אין איין קול גענומען פרעגן.

דאָ האָט שוין שרה־קיילע אַקוראַט דערפילט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז. האָט זי זיך אין אַנמאַכט אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק, דאָס קלומעקל האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט און האָט מאָדנע אָפּהענטיק אַ זאָג געטאָן:

— אַ שיינער גיך!...

— איז וואָס מאַכט עפּעס דער פעטער?

און די קליינינקע פרעגן:

— באַבע, וואָס מאַכט עפּעס דער פעטערל פּיסעלע?

— — — — — — — — — — — — — — — —

שרה־קיילע האָט געשוויגן אַ ביסל. זי איז געווען געגנוג מיד און צעטומלט. און דערנאָך האָט זי געענטפערט:

— אם ירצה השם, איבער אַ יאָר אַז מירן דערלעבן, וועל איך דינגען אַ פור און וועל פאָרן אַזוי ווי אַלע לייט פאָרן... וואָסי? די נייע אייזנבאַן, נישט זינדיקן זאָל איך מיט די רייד, האָט מיר עפּעס אַ מאַכט? אַז מ'פאָרט און מ'פאָרט און מ'קומט צוריק אויפן זעלביקן אָרט!

1936

## וואָס מ׳זאָגט — „גאָט האָט צוגעשיקט, גאָט האָט געפירט״

אויך אין דעם פרימאָרגן, ווי ביי אַ סך פרימאָרגנס פון לאַנגע יאָרן, נישט איבערצוציילן, איז דער אַלטער געזעסן אויף זיין פייערדיקן שטול, אַרום אים האָבן געווימלט מלאכים. זיי האָבן זיך אָפּגערעכנט פאַר אים וועגן אַלע טועכצן, וואָס זיי האָבן נעכטן געזען אויף דער זינדיקער ערד. דער אַלטער האָט מיט קיין אויג נישט קיין פיר געטאָן, ווייל יעדער נעכטן איז געווען געראָטן אינעם אייערנעכטן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. מעגלעך, אַז ער האָט מער געדרעמלט, ווי געהערט. די זינד זענען קיין זינד נישט געווען. די רעזולטאַטן זענען ווייט געווען פון ווויל, נאָר ס׳גאָרנישט, אַזוי פירט זיך שוין פון קדמונים. און די מלאכים, צו זיי האָט עס נישט, זיי פירן זיך אויס זייער עובדא מיט דער בעסטער שטרענגקייט.

פּלוצעם האָט זיך צעבליצט אַ יונג מלאכל, די כוחות זענען אים אויסגעגאַנגען, אַזוי האָט ער געצאַפּלט, ס׳זאָל שוין גיכער קומען זיין ריי.

— שדי! אַלמעכטיקער גאָט! — האָט דאָס יונגע מלאכל מיט נישט קיין געהערטער פרייד אויסגערופן, — אויף דער זינדיקער ערד האָב איך נעכטן געזען אַ גרויס וווּנדער. אַ פּראַכט פון אַ זאַך! אין יאַנושפּאָל אויף דער אוקראַינע, דאָרט, ווו ס׳איז מיין חלק ערד, האָב איך אָנגעטראָפן אַן אַלט פאָרפאָלק, אַ ייד מיט אַ יידענע, און זינט זיי לעבן, האָבן זיי זיך נאָך קיין איין מאָל נישט געקריגט!...

דער אייבערשטער האָט זיך אַ רודער געטאָן פון זיין דרעמל, האָט אָנגעקוקט מיט זיין געטלעכן בליק ס׳מלאכל.

— ס׳קען נישט זיין! — האָט ער זיך אָנגערופן. — זינט איך האָב די וועלט באַשאַפן און אויך אויף דער, וואָס איך קלייב זיך ערשט באַ־שאַפן, איז נאָך אַזעלכעס נישט געהערט געוואָרן...

— חי אדוני, האָט דאָס מלאכל געצאַפּלט מיט זיין יונגער פרייד. — נעכטן בין איך אַליין דאָרט געוועזן. ער הייסט ברוך־מאיר דער שטריקל־דרייער, און זיין ליבע יידענע הייסט פריידע דעם שטריקלדרייערס.

— ניין, — מאַכט דער אַלטער שוין מיט אַ שמייכל. — אויף אַזעלכעס בין איך שוין גראַדע אַ בעלן אַליין אַ קוק טאָן.

געננוג געווען איין פיר מיט דער מחשבה, ווי די מלאכים, וואָס זענען צו אים צוגעשטעלט, האָבן שוין אויסגעפילט זיין פאַרטראַכט: דער אַלטער איז גלייך געווען אויסגעקליידט, ווי אַ געוויינלעכער בשר־ודם, אין אַ הוט און אין אַ גרויען רעגן־מאַנטל. אין קעשענע איז געווען פאַרגרייט אַ ביסל מינץ. איך גיב אייך נאָך, אַז דאָס מינץ איז געווען פון ריין גאָלד. און אין איין כהרף־עין איז ער שוין געווען אויף דעם שטיקל באַצירק פונעם ערדקוגל, ווו ס׳איז געשטאַנען יאַנושפּאָל מיט זיינע איינוווינער, קלייטן און שטיבער, פעלדער און שכנהישע דערפער. ער איז אָנגעגאַנגען צו ברוך־מאיר דעם שטריקלדרייערס שטיבל. אויך אויף דער ערד איז נאָך געווען סאַמע גאַנץ פרי. וואָס זשע האָט ער דאָרט געטראָפן? פריידע דעם שטריקלדרייערס שפּיליעט צו אויפן מאַן אירן, אויף ברוך־מאירלען, דעם שטויב־מאַנטל אויף אַלע קנעפּ. זי פאַרריכט אים נאָך אַ מאָל דאָס היטל אויפן קאָפּ. אירע אויגן שטראַלן מיט ליבע, און זיינע בליקן ענטפערן, אַז ער נעמט צו די ליבע מיט נאָך גרעסערער ליבשאַפט. נאָר איצט צעשיידן זיי זיך אפשר אויף אַ גרויסן שטיק טאָג. אינעם צווייטן נאָענטן שטעטל באַידיבע פאַלט היינט אויס אַ יאַריד, האָט זיך ברוך־מאירל אָנגעקלערט, ער זאָל צוגיין צו באַידיבע — איר שפּילט זיך מיט גאָט! — אפשר וועט ער אים צושיקן עפּעס אַ מציאה.

פריידע, אינעם ריינעם קליידל, אין דער ריינער פאַטשיילע, פון סאַמע גאַנץ פרי האָט זאָרגזאַם אַרויסגעבאַגלייט איר גוטן שטילן אַלטינקן ברוך־מאירלען אויפן יאַריד, האָט אים צוגעווונטשן, אַז זי זאָל אים אין גיכן דערלעבן זען צוריק אַ געזונטן, און האָט זיך צוגעשטעלט צום טאַפּליע קוקן, ווי ער, ברוך־מאירל אירער, האָט עס מונטער און, קיין־עין־הרע, בראַוו אַוועקגעשפּאַנט.

דער רבונו של עולם, פֿאַרשטעלט ווי אַ פֿאַרמעגלעכער דאָרפֿסמאַן, האָט שוין גלייך פֿון דער ערשטער רגע דערזען, ס׳אַרא שיין לעבן דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק פֿירט צווישן זיך. נאָר ס׳אַרט אים נישט זיך צוקוקן ווייטער.

ווי זיי זענען אַרויס פֿון די טויערלעך, ס׳שוין אויס שטאָט, ס׳הייבט זיך שוין אָן אַ פֿעלד און שליאַך, דערזעט ברוך־מאירל אין שטויב אויפֿן סאַמע וועג — ער האָט שוין שיער נישט אַרויפֿגעטראָטן אויף איר — אַ נאָדל בלישטשעט! בייגט ער זיך פֿאַמעלעכקע אָן און הייבט זי אויף... יאָ, ס׳איז אַ נאָדל. נאָך אַפֿילו מיט אַ באַוועלע אַריינגעצויגן.

— נו, יאָ, — האָט ברוך־מאירל באַטראַכט די נאָדל און זיך געלאָזט גיין מיט איר.

— מיין פֿריידע, זאָל לעבן, וועט גאָרנישט האָבן קעגן, אין באַלע־באַטישקייט קאָן אַלץ צו ניץ קומען!...

אָבער אַזוי ווי ער שפּיגלט זיך אין זיין געפֿינס, גייט דורך אַ צעל־ניקער מיט זיין קאָרב צעלניק.

— זיידינקע, — מאַכט ער צו ברוך־מאירן, — איך דאַרף אַזאַ נאָדל, איך קען דיר פֿאַר איר געבן אַ טוץ העמדער־קנעפּ.

ברוך־מאיר האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן צעלניקער.

— אויב דו דאַרפֿסט אַזוי נייטיק די נאָדל, — זאָגט ער, — נעם זי און זיי מצליח. — און ער איז זיך אַוועקגעגאַנגען ווייטער מיטן טוץ העמדער־קנעפּ.

דער אַלטער אינעם גרויען רעגן־מאַנטל נעמט פֿון אים קיין אויג נישט אַראָפּ. ס׳איז אים אַלץ פֿון דער ערשטער מינוט אָן זייער געפֿעלן.

אַזוי ווי זיי גייען, גייט אַרויס פֿון אַ זייטיק פֿעלדוועגל אַ יונגע פֿויערטע און טראָגט אָן עוף אונטערן אָרעם. דערזען די קנעפּ, האָט זי זיך זייער דערפֿרייט.

— זיידינקע, — מאַכט זי, — אָט דאָס איז דאָך מיין גאַנצער יאַריד! מער ווי די קנעפּ דאַרף איך נישט. מיין עלטערן יינגל אויף צוויי העמדער. נאַ דיר דאָס הינדעלע, און גיב מיר די קנעפּ!

ברוך־מאיר האָט אַ קוק געטאָן אויף דער יונגער פויערטע.

— אויב דו האָסט אַזוי גערן די קנעפּ — זאָגט ער, — נעם זיי דיר, מיין פריידע וועט פונעם הינדעלע אויך זיין גערן.

די פויערטע איז אַ פריילעכע אַוועק מיט די קנעפּ צו זיך אַהיים, און די צוויי אַלטע גייען זיך ווייטער. אַזוי ווי זיי גייען, יאָגט זיי אָן אַ פור מיט גענדז און מיט קאַטשקעס. דערזען ביי ברוך־מאירן דאָס הינדעלע, רופט זיך אָן דער פויער.

— זע נאָר, זיידינקע, איך זוך אָט דעם סאָרט הינער שוין אַ צייט און קען נישט געפינען. נעם דיר אַ גאַנדז, וועלכע דו ווילסט, און גיב מיר אָפּ דאָס הינדעלע.

— אויב דיר איז אַזוי געפעלן דאָס הינדעלע, — מאַכט ברוך־מאירל, — טאָ נעם זי. מיין פריידע, זאָל לעבן, וועט אויף מיר נישט זיין ברוגז.

— טאָ קלייב זיך אויס אַ גאַנדז.

— וואָס דאַרף איך עפּעס קלייבן, אַז וועסט וועלן, וועסטו מיר אַליין געבן.

האָט אים דער פויער אויסגעקליבן די שענסטע גאַנדז און איז אַ פריילעכער אַוועקגעפאָרן ווייטער.

ברוך־מאירל האָט איינגעמאָסטעט די גאַנדז אונטערן אָרעם, ס'איז טאַקע אַ ביסל שווערלעך, נאָר ווי זאָגט דאָס ווערטל, נאָך אַ שווערן וואָגן איז גוט גיין צו פוס.

נאָר אויף די רייד קומט אָן אַ יונגער דאָרפסמאַן און טרייבט אַ פּאָר קעלבער אויפן יאַריד.

— זיידינקע, — מאַכט ער, ווו האָסטו גענומען אַזאַ שיינע גאַנדז?! נעם דיר פאַר איר אַ קעלבל. די גאַנדז דאַרפסטו טראָגן, דאָס קעלבל גייט אַליין.

— מ'קען אַזוי אויך, — האָט ברוך־מאירל געענטפערט.

און מיטן קעלבל איז אים געוואָרן טאַקע אַ סך גרינגער.

פאַרן קעלבל האָט אים איינער אויפן וועג אָפּגעגעבן אַ מוציקל. פירט ער דאָס מוציקל אויפן יאַריד. דער אַלטער מיטן גרויען רעגן־מאַנטל גייט

זיך מיט אים ביי אַנאַנד און קלערט, אַז ווען ער איז נישט אַזוי געווינט מיטן הימל, וואָלט ער זיך אויף אַ צייט באַזעצט דאָ. ער זעט, אַז אויף דער ערד קען מען זיך אויך ווי־עס־איז דורכלעבן...

אַזוי ווי זיי גייען, יאָגט זיי אָן אַ קאַרעטע מיט פיר פערד נאַשפּיץ. דער פריץ האָט דערזען דאָס מוציקל, איז ער צו אים צוגעזאָטן געוואָרן.

— זיידינקע, — מאַכט ער, — וויפל זאַגראַניצעס איך בין אויסגעפאָרן, האָב איך אַזאַ מוציקל נישט געקענט געפינען. נעם ביי מיר צו די קאַרעטע מיט אַלע פיר פערד, איך האָב אין דער היים אַנדערע, און דאָס מוציקל גיב אָפּ מיר.

ברוך־מאיר דער שטריקלדרייער האָט אַ קוק געטאָן אויף אַזאַ רייכקייט.

— איך ווייס גאָרנישט, — זאָגט ער, — ווו וועל איך זיי אין דער היים אַוועקשטעלן ?...

— נעם, ס׳איז ווערט !... — האָט זיך שוין דער אַלטער אינעם גרויען מאַנטל נישט געקענט איינהאַלטן.

און ברוך־מאירל האָט פאַרענדיקט מיטן פריץ דאָס געשעפט ווי געוויינטלעך :

— אויב דו דאַרפסט אַזוי נייטיק דאָס מוציקל, — זאָגט ער, — נעם דיר אים...

אַזוי ווי די צוויי אַלטינקע פאָרן זיך אין דער קאַרעטע, אָט־אָט דאַרף מען שוין אַריינפאָרן קיין באַרדיטשעוו, מ׳הערט שוין דעם יאַריד פון דער ווייטנס, שפּרינגט אַרויס פון וואַנען פון ווו אַ בחור, שיין ווי די וועלט, מיט ברענענדיקע אויגן און צעלאָזטע קוטשערן.

— זיידינקע ! — שרייט ער אויס מיט געבעט. — ליי מיר אויף איין טאָג די קאַרעטע דיינע, איך האָב היינט חתונה, מיין כלה איז שיין, נישטאָ צו איר די צווייטע ! נאָר אין אַזאַ קאַרעטע דאַרף איך זי באַגעגענען !

דער אַלטער אינעם גרויען רעגן־מאַנטל שלעפּט אים פאָרן אַרבל, ווי איינער מיינט : אַזאַ גוטס פאַרגלייבט מען דען ? ! אָבער ברוך־מאירל האָט זיך פאַרקוקט אויפן חתן, ער איז אים זייער געפעלן געוואָרן.

— נאָר מיט איין תנאי, — זאָגט ער, — שענק איך דיר די קאַרעטע. אַז ווען איר וועט אויסרופן דרשה־געשאַנק, זאָלט איר דערמאָנען מיין פריידען, זאָל לעבן, אויך. אַז זי און איך וואַרפן אייך דעם דרשה־געשאַנק.

און זיי זיינען אַראָפּ פון דער קאַרעטע. דער בחור מיט דער געטלעכער שיינקייט האָט געגעבן אַ טאַנץ אַריין אין דער קאַרעטע, און די פערדלעך זיינען ביי אים אַוועקגעפלויגן, ווי די פייגל.

ברוך־מאירל האָט אים מיט פאַרגעניגן נאָכגעקוקט, און זיי זיינען אַריין קיין באַדיבע אויפן יאַריד.

צום ערשטן זיינען זיי אַוועק אין בית־מדרש אָפּדאַווענען און זען, וואָס יידן טוען.

נאָך דעם האָט ברוך־מאירל זיך דורכגעשפּאַצירט איבערן יאַריד, אײַ־בערגעביסן אַ שטיקל קאַרזש, געגעבן דעם אַלטן אויך אַ האַלבן. און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אַז פריידע, זאָל לעבן, קוקט שוין אויף אים אַרויס, האָט ער זיך אָן שהיות אַוועקגעלאָזן אַהיים.

אויף צוריק וועגס זאָגט צו אים דער אַלטער:

— איך וויפל געוועט, אַז דו וועסט אָפּכאַפּן היינט פון פריידען דעם אמתן חלק ?

— ע, ניין, — ענטפערט ברוך־מאירל מיט אַ שמייכל... — מיין פריידע, זאָל לעבן, וועט זיך נאָר דערפרייען, אַז זי וועט מיך דערלעבן זען צוריק.

— ניין, — מאַכט דער אַלטער, — אין וואָס געוועט ? איך לייג איין אַ בייטל מיט געלט !

— און איך, — ענטפערט ברוך־מאירל, — וועל דיך מכבד זיין מיט אַ וועטשערע.

געקומען אַהיים, זאָגט דער אַלטער אינעם גרויען רעגנמאַנטל:

— דו גיי אין שטוב, און איך וועל בלייבן דאָ אין פירהייזל און וועל זיך צוהערן.

פריידע האָט שוין אַרויסגעקוקט אויף איר ברוך־מאירלען, איז זי אים אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן, אים אַריינגענומען אין שטוב און געהאָלפן זיך איבערטאָן. און בעת מעשה פרעגט זי ביי אים:

— מיט וואָס זשע האָט דיך דער איבערשטער באַגליקט אויפֿן יאַריד?

— איך האָב אים באַגליקט? — האָט דער אַלטער דאָרטן אין הויז אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— אוי, פֿרעג גאָרנישט, פֿריידע־לעבן! — ענטפֿערט ברוך־מאירל. — מיר האָבן אַ גרויסן גאָט. ווי איך בין נאָר אַרויס פֿון די טויערלעך צום פֿעלד, אַזוי דערזע איך אַ נאָדל בלישטשעט אין זאַמד, נאָך מיט אַ באַוועלע אַריינגעצויגן.

— אַ נאָדל איז אַ גוטע זאַך, — זאָגט פֿריידע.

— אָבער וואַרט, פֿריידע־לעבן, ס׳איז נאָך נישט אין גאַנצן. איך גיי אַזוי מיט דער נאָדל, יאָגט מיך אָן אַ צעלניקער און גיט מיר פֿאַר דער נאָדל אַ טוץ קנעפּלעך.

— וואָס גאָט קען! — זאָגט פֿריידע מיט אַנטציקונג.

— „ווייטער גאָט און נאָך אַ מאָל גאָט", — קנייטשט דער אַלטער מיט די פּלייצעס.

— וואַרט, פֿריידע־לעבן, ס׳איז נאָך נישט אין גאַנצן.

און ברוך־מאירל רעכנט איר אויס איין מציאה נאָך דער צווייטער: פֿריער אַ הינדעלע, דערנאָך אַ גאַנדז, דערנאָך אַ קעלבל, דערנאָך אַ מוציקל. אַז ס׳איז געקומען צו דער קאַרעטע מיט די פֿיר פֿערד נאַשפּיץ, האָט זיך פֿריידע פֿאַרחידושט און געפֿרעגט:

— ווו זשע וועלן מיר זיי שטעלן, האַרץ מיינס?

— האָב קיין זאָרג נישט, פֿריידע־לעבן, וועסט באַלד הערן, ווי גאָט האָט אונדז אויסגעפֿירט.

— יאָ, — האָט דער אַלטער אין פֿירהייזל אים איבערגעקרימט, — וואָס נאָר איך עצה אים, טוט ער פֿאַרקערט...

און ברוך־מאירל דערציילט פֿונעם חתן מיט דער געטלעכער שיינקייט, מיט די ברענענדיקע אויגן און צעלאָזטע קוטשערן, ווי אַזוי ער האָט זיך דערפֿרייט מיט דער קאַרעטע, — נאָר מיט אַזאַ קאַרעטע, זאָגט ער, קען ער פֿאָרן נאָך דער כּלה נאָך זיינער.

— געדענק זשע, — זאָג איך צו אים, — דער דרשה־געשאַנק זאָל זיין פון מיר און פון מיין פריידען!...

— מיט מזל, — האָט פריידע געענטפערט, — איצט גיי וואַש זיך, וועלן מיר נעמען עפּעס אין מויל אַריין.

— דו פאַרשטייסט? — זאָגט ברוך־מאירל, — אין פירהייזל וואַרט אויף אונדז אַן אורח, וואָלט מען אים אויך דאַרפן בעטן צום טיש.

— פאַר וואָס דען נישט? — ענטפערט פריידל. — ווו צוויי לעפל, וועט זיין אַ דריטער.

זיי גייען אַרויס פאַרבעטן דעם אורח, איז שוין זיין אָרט פאַרקילט געוואָרן, נאָר דער בייטל מיטן געלט איז געלעגן אויפן קאַסטן און דער האַלבער קאָרזש אויך. (ברוך־מאיר האָט דאָך נישט געקענט אָנשטויסן, אַז יענער עסט נישט).

אין דער פרי, אויף זיין פייערדיקן שטול, איז דער אַלטער געזעסן, ווי יעדער פרימאָרגן. ער האָט צוליב געטאָן די פאַרליבטע מלאכים און זיי געגעבן צו פילן, אַז אויף דער ערד איז אים עפּעס־וואָס געפעלן געוואָרן. איין זאַך איז נאָר נישט צו פאַרשטיין:

אַז די מענטשן, אַלץ טוען זיי אַפּ אַליין, און אַרויפליייגן לייגן זיי אַרויף אויף אים: „גאָט האָט געהאָלפן", „גאָט האָט געשיקט..." און...

אינעם יונגן מלאכל האָט מען אויך נישט פאַרגעסן: מ'האָט באַפוילן אים אַרויסגעבן אַ נייע פּאָר פליגל.

1957

# דער ייִנגסטער פון די קינדער

דער עלטערער לייטענאַנט גאַרבער איז נאָך אַ יונגער מענטש — אפשר דרייסיק, אפשר צוויי און דרייסיק יאָר. אַן איידעלער, עטוואָס העכער פון מיטעלן ווּקס, שוואַרצע בלישטשענדיקע אויגן, ווייסע אויסגעשייערטע ציין, אַ צאַרטער שמייכל.

ער האָט מלחמה, דער יונגער פריינד אונדזערער, שוין קנאַפּע פיר יאָר.

אין אַ שליחות, וואָס ער האָט געדאַרפט אויספירן פאַר זיין קאָמאַנד־שאַפט, איז דעם חבר גאַרבער אויסגעקומען דורכפאָרן פאַרביי זיין אייגן שטעטל.

פון די צייטונגען האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דאָס שטעטעלע איז פאַר־ברענט. ס׳האָט אים געגעבן אַ גוטן סמיקע ביים האַרצן, נאָר זיך פאָרשטעלן דאָס שטעטל, ווי עס האָט אויסגעזען גאַנצערהייט און ווי עס זעט אויס איצט, האָט ער, דעם אמת געזאָגט, נישט געהאַט ווען. נישט געווען די פרייע מינוט.

בעת זיין קאַנט האָט זיך באַפרייט, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו אויפן נאָמען פון דאָרפראָט. זיך נאָכגעפרעגט אויפן טאַטן.

דער ענטפער איז געווען דערשיטערנדיק:

„אייער פאָטער, חבר עלטערער לייטענאַנט, איז אומגעבראַכט געוואָרן אויפן שרעקלעכסטן אופן. אונדזער שטעטל עקזיסטירט נאָר אין די ביכער. דער שונא האָט עס פאַרברענט“.

גאַרבער האָט געזוכט אין געדאַנק זיך פאַרצושטעלן זיין טאַטן, מיט דער שיינער גראָווער באָרד; זיין געמיטלעכן אַלטן טאַטן, דעם גוטמוטיקן האָרעפּאַשניק פון שטעטל. ער האָט אים אָבער נישט געקענט אויסטיילן באַזונדער פון די אָנגעהויפטע קרבנות, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אויף זיין וועג.

איז אָט דעם־אָ שטילן האָרעפּאַשנעם יידן האָבן דייטשישע, זיך פריי־לעך מאַכנדיקע מערדער געשלעפּט פון געלעגער, פון זיין אַלטן איינגע־

זעסענעם הויז, כדי אים איבערענטפערן מיט זייערע אייגענע הענט צום בזיונדיקן טויט.

אַט אַזוי־אָ פירן זיי מלחמה: אויסער דער מעכטיקער טעכניק, אויסער דעם ווילדן רוצחישן געיעג נאָך פרעמדע לענדער, נאָך פרעמדן האָב־און־גוטס, האָבן זיי נאָך געמומען אויפלעבן די מיטלאַלטערלעכע שחיטות. קוילען אַלטע לייט און קליינע קינדער איז ביי זיי געוואָרן אַ שטייגער־זאַך.

און ווידער אַ מאָל דער טאַטע צווישן נאָך אַ פּאָר מנינים עלטערע מענטשן, אַזעלכע ווי ער. די יוגנט איז דאָך פון שטעטל אַוועקגעפאָרן. ווער ס׳איז אַוועק אויף דער מלחמה, און ווער עס האָט זיך עוואַקוירט. אַט קומען דאָך צו אים אָן בריוו פון יערעוואַן, פון בייסק, פון אורגענטש און טשימקענט.

ער דערזעט פאַר זיך פּלוצעם דעם אַלטן טאַטן זיינעם. ער ווייסט נישט, דער אַלטינקער, צי דאַרף ער נאָך עפּעס זאָגן דעם גזלן אין דער שעה פון וידוי.

אין די עלטערע יידישע שריפטן זענען דווקא געווען אָנגעוויזן געוויסע רעצעפּטן, געוויסע מיטלען פאַר אַן ענגער שעה, בשעת דיר קומט אויס זיך טרעפן מיט אַזעלכע, וואָס ווילן דיין בלוט. שטייט דאָרט געשריבן, אַז מ׳דאַרף תפילה טאָן צו גאָט. אויב עס העלפט נישט, דאַרף מען זיך אויס־קויפן מיט מתנות. אויב אָבער דאָס גילט אויך נישט, דאַרף מען גיין מיט כוח, דאָס הייסט מלחמה האַלטן.

און אים האָט זיך גראָדע געדאַכט... אַ חלום האָט זיך אים געחלומט, אַז זיין האַרעפּאַשנער טאַטע איז ערגעץ צווישן די פּאַרטיזאַנער: מיט די שכנים זיך דורכגעריסן אין וואַלד אַריין. ער וואָלט אפשר נישט געקענט דורכקומען מיט דער ביקס, מיטן אַוטאָמאַט, נאָר ער האָט געקענט האַלטן אַ האַק אין דער האַנט, אַ קאָסע, אַ האַמער... ער האָט געקענט גלאָט צו ניץ קומען אין דער מחנה אויף פאַרשיידענע אַרבעטן, אַפילו לעם דער קיך, די פערד, לעם וואָס־ס׳נישט־איז. אַך, וואָלט דאָס געווען פאַר אים אַ כבוד און אַ געווינס, ווען ער טרעפט ערגעץ דעם טאַטן זיינעם זיך אומקערנדיק פון דער מלחמה. ער וואָלט גאָר אַנדערש וויסן, ווי אים ערלעך צו האַלטן.

נאָר ניין, איצט ווייסט מען שוין אַלץ אויף געוויס.

איצט, ווען זיינע קריגער ציילן צו די צעשאָסענע פּאַשיסטן, וואָס זענען געבליבן אויפן שלאַכטפעלד, קוקט ער זיך שטאַרקער איין אין די געפּגרטע צורות אין זייערע. איצט איז צוגעקומען נאָך אַ פּונקט צו דעם באַשולדיקונגס־אַקט, און נישט פון די קלענסטע: אַן אַלטער טאַטע, וואָס האָט קיינעם נישט געטשעפּעט, נישט אַנגערירט קיין פליג אויף דער וואַנט.

אַט דאָ, גאַרבער האָט געדאַרפט דורכפאָרן וואָסערע צען קילאָמעטער פאַרביי זיין היים, האָט ער אָפּגערעדט מיט דער יונגער מיליטערישער דאָקטערין, וואָס אין איר רשות איז געווען די מאַשין, אַז זיי וועלן אָנלייגן אַ קליינינקייט וועג און פאָרן דורך סירניצע.

דאָס מיידל איז, פאַרשטייט זיך, איינגעגאַנגען דערויף.

אינעם נאָענטסטן דאָרף האָט דער שאָפער אָפּגעקערעוועט רעכטס, און די מאַשין איז אַוועק מיט באַקאַנטע וועגן.

ווען ער גייט צו פוס אָדער ווען ער פאָרט מיט אַ פור, וואָלט ער געהאַט מערער מעגלעכקייט זיך איינצוקוקן אין די פעלדער, פאַרביי וועלכע זיין יוגנט האָט אַ מאָל געשוועבט. נאָר דער „ווייליס" טראָגט זיך משוגענערווייז, באַרג־אַרויפן און באַרג־אַראָפּן טאַנצן אַוועק פון אונטער זיינע רעדער, ווי אויסגעדוכטע און צופעליקע. דאָ שווינדלט דורך אַ יאַר, דאָ אַ ווינטמיל. אַט איז אַ בריקל, און מ׳פליט דורך פאַר איין מינוט אַ גרויס לאַנג דאָרף.

ווינציקער ווי אין אַ שעה אַרום וואָלט דאַרפן זיין סירניצע, נאָר דאָס שטעטל נישט מ׳הערט, נישט מ׳זעט, און דאָ איז נאָך דער פאַרנאַכט אַריין אין מיטן. אמת, דער דרויסן איז אַ כמאַרנער און דערום זעט אויס דער פאַרנאַכט שוין צו נאָענט. מ׳קאָן דאָך אָבער אַזוי אַרום דורכלויפן דאָס אָפּגעברענטע שטעטל און עס נישט באַמערקן אויך.

— פאָר פּאַמעלעכער! — האָט ער אומגעריכט אויסגערופן צום שאָפער. און אַ מאָדנער אומרו האָט אים אַרומגעכאַפּט. אַט דאָ מוז דאָך שוין זיין דאָס וועלדל, ווו זיי האָבן קינדווייז געשפּילט (כאָטש קאַרג וועלדלעך און קאַרג ביימלעך זיינען דאָ פאַראַן ביי יעדן דאָרף, לעם יעדן באַשטאַן?). אַנומלטן, ווען די פּיאָנערן האָבן דאָ געהאַט דורכגעפירט אַ

מיליטער־שפּיל, איז ער, דוכט זיך, אין די דאָזיקע ביימלעך געלעגן מיט פרידמאַנען און מיט שאַדורן (ווו זענען זיי איצט ?)

זיי האָבן געדאַרפט טשאַטעווען און פאַרהאַלטן יעדן „פאַרדעכטיקן" דורכגייער...

נאָר ווו זשע זענען זיי פאַרט? מ׳זעט נישט קיין סימנים, נישט פון קיין ישוב, נישט פון קיין חורבות.

זיי פאָרן שוין לאַנגזאַם... וואָס זאָל עס באַטייטן? דאָס מוזן דאָך שוין זיין די אַלייען, וואָס געפינען זיך פון יענער זייט שטעטל אַנטקעגן דעם נאָענטסטן דאָרף!

ס׳איז אים נישט שיין פאַר דער חברטע, מיט וועמען ער פאָרט. פּשוט נישט שיין. אמת, ער איז שוין אַ צוועלף — פופצן יאָר פון דאַנען, נאָר ער פלעגט דאָך אָנפאָרן אַהער פון מאָל צו מאָל (דאָס לעצטע מאָל איז ער דאָ געווען, ווען ער האָט באַגלייט די מאַמע אין איר לעצטן וועג, דאָס איז געווען צוריק מיט פינף יאָר). ער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין און איז אַראָפּ.

— מיר זענען דורכגעפאָרן, — האָט ער אומדרייסט און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ אַ זאָג געטאָן.

ער האָט, אַגב, נאָך איצט אויך נישט געוווּסט אויף זיכער, צי זענען זיי טאַקע דורכגעפאָרן, נאָר די קאָרטשעס פון די גראָבע הונדערטיאָריקע ביימער ביי די זייטן שליאַך זענען פאָרט געווען אַ זכר פון דער שיינער לינדן־אַלייע, וואָס דער שונא האָט אויסגעראָטן צוזאַמען מיט אַלדאָס לעבע־דיקע, אַלדאָס נוצלעכע.

די דאָקטערין איז אויך אַראָפּ. זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט:

— חבר עלטערער לייטענאַנט, דוכט זיך, אַז אָן־אַ גייט עמעצער, מירן באַלד קענען אַ פרעג טאָן.

און ווירקלעך, פון דער וויטנס איז געגאַנגען אַן עלטערע דאָרפישע פרוי באָרוועס, אין אַ לאַנגן נישט קיין זומערדיקן בגד מיט אַ קאָרב אויף די פּלייצעס.

— באַבינקע... זייט אַזוי גוט... זאָגט אונדז... ווו איז דאָס שטעטל? מיר זענען עס נישט דורכגעפאָרן?

— דורכגעפאָרן, קאַטעקלעך, דורכגעפאָרן... דאָס זענען די לינדן, איר וועט זיך אומקערן ביי אַ האַלב וויאָרסט, וועלן זיין דער בית־עולם, די דאָלינע און דער קלויסטער... נאָר ס'איז פון דעם אַלעמען שוין גאָרנישט נישטאָ, זאָל ער טרעפן ביי זיך, דער טריפהנער, וואָס ער האָט דאָ איבער־געלאָזן...

— באַבינקע, ער וועט שוין דאָס אויך נישט טרעפן, ער פוילט שוין, ווי אַ הונט.

— זאָל ער, זאָל ער פוילן, מיינע טייערינקע.

די פויערטע מיט די באָרוועסע פיס אונטער דער לאַנגער סוויטע איז אַוועק מיט אַ זייטיק וועגעלע, ווי אין אַן ערגעץ־לאַנד, און די מאַשין האָט זיך ווי־עס־איז אויסגעקערעוועט אויפן נישט גאָר ברייטן שליאַך.

גאָרבער מיט דער יונגער דאָקטערין זענען געגאַנגען איבערן וועג, איבער וועלכן ער פלעגט אַ מאָל שפּאַצירן אין יום־טוב־טעג און אין פרייע פאָר נאַכטן מערער מיט חברים, זעלטן־ווען — אַליין.

כדי טרעפן צו זיין היימישער גאַס, צום ווינקל, ווו ער איז אויס־געוואַקסן דאַרפן זיי זיך לאָזן אַהין, צום צווייטן עק שטעטל, דאָרטן, ווו דער שפּיטאָל איז געווען (אויף אַלץ דאַרף מען שוין זאָגן „געווען”). ביין, ער האָט זיך אַזוינס נישט פאָרגעשטעלט. געמיינט, אַז ער וועט כאָטש טרעפן קוימענס, אויוונס געבליבענע נאָך די הייזער, און דאָ איז הוילער בוריאַן און קראָפּעווע, גאַנצע בערג! פון וואַנען האָבן זיי זיך אַהער אַזוי פיל אָנגעקליבן?

ווען ער האָט מער צייט, בלייבט ער דאָ נעכטיקן. ער וואָלט צעלייגט אַ פייער. ער וואָלט מן־הסתם אַרויסגערופן אַ פוקס פון דער נאָרע אָדער אַ האָז אַ דערשראָקענעם, וואָס האָט זיך באַזעצט אויף די חורבות פון זיין היים. נאָר ווו האָט ער צייט אויף אַזעלעכע זאַכן?! די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט. און ער איז אַ סאָלדאָט.

ער ציטערט איבער יעדער מינוט. ס'איז אים נאָך אפשר קיין מאָל

נישט געווען אַזוי טייער די ליכט פון טאָג, ווי איצט, אַט־אַט דאַרף שוין נאַכט ווערן. און ווי אַזוי קאָן מען עס דען... פּאַקן אין מיטן אַזאַ מלחמה דאָס אייגענע שטעטל און נישט דורכגיין דורכן אָרט, וווּ ער איז געוואַקסן, וווּ די מאַמע האָט אים געלערנט גיין?!

די יונגע דאָקטערין האָט זיך מילד געטוליעט צו אים...

אַ שוועסטער, אַ כלה, אַ חבר אַ ליבער — איך ווייס נישט, ווער עס קאָן זיין אַזוי נאָענט אין אַ שעה, ווען דאָס מויל איז ביי דיר געשלאָסן, די ציין צונויפגעקלעמט, ווען דאָס האַרץ יאָמערט אין דיר און די אויגן דאַרפן זיין טרוקן.

זיי זענען געגאַנגען דורך די פּייכטע בערג קראָפּעווע און בוריאַן. קענטיק אַז דאָ איז טאַקע דורכגעגאַנגען אַ קליין רעגנדל. די זון האָט פאַרן אונטערגיין אַ גוססדיקן שיין אויף געטאָן.

„שיין, שיין, זונעלע, פאַרגיי נישט אַזוי גיך, לאָמיר זיך אָנקוקן אויף מיין געבורטסשטאָט, אויפן אָרט, וווּ מיין וויג איז געשטאַנען.“

אָט האָבן זיי דערזען אַ שטוב נישט קיין שטוב — אַ שטאָל אַ צונויפ־געקלאַפּטע, מיט אַ הויף, אַפילו אַ ברונעם פאַרן הויף, און די באַלעבאָסטע דרייט זיך דאָרט אום...

...וואַרט נאָר, ס'איז דאָך אַ שכנה! ס'איז דאָך פּעטראָס וויב.

— מאַטריאַ, זע דו לעבסט?... פּעטראָ לעבט אויך?... ער איז אין דער אַרמיי?...

מאַטריאַ האָט זיך, קענטיק, דערשראָקן פאַר אומגעריכטקייט.

— אין דער היים... — האָט זי אומדרייסט אַ שטאַמל געטאָן.

פּעטראָ איז אַרויס אין זיין לייגענעם העמד, אַ באַוואַקסענער און אויף אַ סך געעלטערט.

— הערשקאָ! — האָט ער גלייך אים דערקענט און זיך שיער נישט געוואָרפן קושן. — דאָס איז אפשר דיין וויב? ניין? און איך האָב געמיינט... קום! קומט אין שטוב אַריין... קומט, איך בעט אייך!

— פּעטראָ, איך קען נישט טרעפן צו אונדזער שטוב...

— וואָרעם ס׳איז נישט גרינג אַהינצו טרעפן. קום, איך וועל דיך פירן. און זיי זענען אין דרייען אַוועק.

— פּעטראַ, זע, ס׳איז נישט דאָס קליינע ברונעמל, ווו מיר פלעגן נעמען וואַסער אויפן סאַמאָוואַר — די סראָוועטקע? (דאָס וואַסער איז דאָ געווען גרוי, ווי סראָוועטקע, נאָר זייער זיס און געשמאַק צום טרינקען).

— יאָ, ס׳איז די סראָוועטקע.

— און דאָס איז דיין טאַטנס הויף, פּעטראָ?

— אונדזער הויף.

— און דאָס זענען מיר?

און ווי אַ קאַלטער זאַמד וואָלט אים אַוועק איבער די באַקנביינער... אַ כמאַרע האָט זיך פאַרצויגן פאַרן אויג, און אַ ציטער האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע לייב.

די יונגע דאָקטערין האָט שטיל אַ פרעג געטאָן:

— מירן וואַרטן אויף אייך ביי פּעטראָן?...

און צו פּעטראָן האָט זי געזאָגט:

— קומט — — —

אונדזער יונגער פריינד, דער עלטערער לייטענאַנט גאַרבער, איז געבליבן שטיין אַנטקעגן זיין אָפּגעברענטער היים. ער האָט גענומען מאָנען ביים זכרון, ער זאָל אים גיכער באַווייזן, ווו וואָס ס׳איז דאָ אַ מאָל געווען.

...דאָ — די טיר, דאָ — די לאָדן, דאָ — דער לייטער צום בוידעם, דאָ — דאָס גערטנדל... און אינעווייניק אין שטוב — גאָלע ליבע, גאָלע נאָענטע...

...געטרייע הענט נעמען אַראָפּ פון דיר ס׳פאַרשטויבטע רעקל. דו ביסט דאָך נאָר פון דער פור... — אַ קוואָרט וואַסער אויף אָפּוואַשן דעם הייסן שטערן, אַ גלאָז מילך אויף שטילן דעם דאָרשט... ווו זייט איר אַלע? ווו זענען זיי? — — —

ער איז אַריינגעקראָכן צווישן דעם ווילד־וואַלד פון קראָפּעווע און

בוריאַן, זיך געגעבן אַ לאָז אַראָפּ אויף די קני און גענומען טאַפּן מיט די הוילע הענט די ערד.

— פאַרמאַך, הערשל, די אויגן. צינד אָן דיינע אַלע אינעווייניקסטע פייערן, זאָלן זיי דיר באַלייכטן דיינע בלוטיק־נאָענטע פאַרשרפטע, צע־טראָטענע וועלטן...

און ער האָט אַזוי געטאָן.

פלוצעם האָט ער דערפילט אַ קילן ווייכן ריר אין שטערן. ער האָט האַלב אויפגעעפנט די אויגן און וואָס... וואָס האָט ער דערזען פאַר זיך? — אַ שורה גדיכטע קוויטן. די העל־־בלויע צאַרטע פלאָקסן. יאָ־יאָ, די אַלטע און שטענדיקע יונגע לייבלעכע פלאָקסן פון פאַרן אַלקער־פענצ־טער. אַט שטייען זיי, ווי געווען, אויף די פעסטע גרינע שטענגלעך מיט לענגלעכע בלעטער באַהילט.

איז אַט ווער ס'איז געבליבן היטן די היים?! די קוויטן, וואָס מיר האָבן געפלאַנצט אין דער קינדהייט?

נו, פאַל זשע צו צו זיי, הערשל, טוליע איין דיין הייס פּנים אין זייער שמעקנדיקער פרישקייט און ווער צעגאַנגען אין געוויין. דו מעגסט. קיינער זעט דיך איצט נישט, קיינער איז לעם דיר נישטאָ.

אַט די־אָ קוויטן האָט ער מיט דער יינגסטער פון די שוועסטער פאַרפלאַנצט מיט אַ סך יאָרן צוריק.

אַז די קינדער זענען זיך צעפאָרן אין די גרויסע שטעט, האָבן אַלע פרילינג די קוויטן זיך אויסגעשטעלט פאַרן פענצטער און געשמועסט מיט דער בענקענדיקער מאַמען (איר בענקען האָט דאָך קיין שיער און קיין מאָס נישט געהאַט).

— זיי וועלן קומען, זיי וועלן קומען, — האָבן די בלומען זיך געוויגט און זענען ממש געקראָכן אין פענצטער אַריין.

און די קינדער פלעגן טאַקע קומען. זומער און זומער פלעגן זיי קומען צו טאַטע־מאַמע, צום גאָרטן, צו דער היים. — — —

...און ...אַז די מאַמע איז געשטאָרבן, וואָס האָבן די בלומען געהאַט צו טאָן?

און אַז דער טאַטע איז געקוילעט, די שטוב פאַרברענט, דאָס שטעטל חרוב, וואָס האָבן דאָ איצטער די בלומען צו טאָן? אַזעלכע ראָסנע, אַזעלכע פרישע און מיט גאָרנישט נישט געענדערט צווישן די בערג מיט צע־שמאָלצענעם גלאָז און ווילדער קראָפּעווע?

קאָן זיין, אַז זיי רעדן איצט צו אים, צום יינגסטן פון די קינדער. זיי מיידן אויס דאָס ווייטערדיקע און גייען גלייך צו צום תוך.

— אָט וועט זיך ענדיקן די מלחמה. האָב חתונה, בוי אויס לעבן אונדז דיין שטוב. אַלע דריי חתונה געהאַטע שוועסטער און דער ברודער מיט דער פרוי וועלן קומען צו גאַסט, און זאָל די נחלה נישט פאַרדאַרבן ווערן. — — —

— — — — — — — — — — — — — —

פּעטראָ האָט געשטעלט צום טיש בראָנפן, ברויט און האָניק.

דער שאָפער און די דאָקטערין האָבן צוגעביסן.

אונדזער יונגער פריינד האָט געזאָגט:

עסט, עסט... איך וועל באַלד...

ער האָט זיך נאָך אַ מאָל דערפרעגט ביי פּעטראָן וועגן טאַטן.

— דאָ, לעם די שקאָלעס, — דערציילט פּעטראָ, — האָט מען אַרויסגעפירט אַלע יידן מיט לאָפּעטעס אין די הענט... דאָס ווייב דעם טאַטנס (די שטיפמוטער אייערע) האָט זיך נאָך געפרוּווט אַנטלויפן... זי איז געווען איבערגעטאָן אין אונדזערן, אין פּויערשן אָנטאָן...

...שווער, זייער שווער פילן אונטער די פיס אַן ערד, ווו דיין טאַטנס אומשולדיק בלוט האָט זיך געגאָסן. און... זיך שיידן מיט דער דאָזיקער ערד איז נאָך שווערער..

...אויסקאָרטשעווען זיי, פאַרניכטן די קללה, באַצאָלן פאַרן בלוט פון די נאָענטע און באַפרייען די ערד פון אירע שענדער!

דער עלטערער לייטענאַנט גאָרבער איז געזעסן אין דער מאַשין.

דער קילער אָוונט האָט אים נישט דערוויטערט, נאָר, פאַרקערט, גענעענטערט צו דער יונגער באַקאַנטער.

רעדן האָבן זיי צווישן זיך נישט גערעדט, נאָר אפשר האָבן זיך די געדאַנקען איבערגעגעבן.

צוויי הונדערט אַכט און פערציק הייפן רעכענען זיך איצט אינעם שטעטל. אמת, דאָס זענען צו מיינסטנס קעלערס און ערדשטיבלעך. אָבער פאַרמורזעטע קינדערלעך לויפן דאָרט אַרום, קלעטערן זיך צום פאָטער אויפן שויס און בעטן „פּאָפּו".

דאָס לעבן ווערט געבוירן פון ס׳נײַ.

פאַרניכטן דעם שונא, אַרומהאַקן די קראָפּעווע אַרום די קווייטן און אויסבויען אַ שטוב. דעם טאַטנס שטוב. און זאָל די סטעזשקע נישט פאַרוואַקסן ווערן.

די יונגע מיליטערישע חברטע קלערט, דוכט זיך, אויך דאָס זעלבע:

„אין דעם דאָזיקן שיינעם ווינקל — אויסבויען אַ שיין לעבן..."

די מאַשין פאָרט פאַמעלעך. אינעם מוח זענען איינגעוועבט בילדער פון דריי יאָר קרבנות. קרבנות צעוואָרפענע אויף ווייטע שטרעקעס, נאָר פאַרן פנים פאָכען קילע, פרישע קווייטן אויף הויכע פעסטע שטענגלעך — די קווייטן פון דער היים.

.1945

# אינהאַלט:

## חדשים און טעג



## חיהלע און פיניעלע



## אַנדערע דערציילונגען